# סאָציאַלע רעפאָרם אדער רעוואָלוציע

אויסגעוועהלטע שריפטען

פון ראָזא לוקסעמבורג

מיט ביאָגראַפישע סקיצעס פון י. מילל און קלארא צעטקין

רעדאגירט פון י. ב. סאָלוצקי.

ארויסגעגעבען פון דער מאַרקס ליטעראַטור געזעלשאַפט
אין פארלאג „נייע וועלט“, נויאָרק, 1921.



ראָזאַ לוקסעמבורג

Ich bin das Schwert, ich bin die
    Flamme.
Ich habe euch erleuchtet in der
    Dunkelheit, und als die Schlacht
    begann, focht ich voran, in der
    ersten Reihe...
Wir haben keine Zeit zur Trauer.
Aufs neue erklingen die Drommeten,
    es gilt neuen Kampf.

—**Heine.**

# אינהאַלטס־פאַרצייכענונג

## פאָרוואָרט פון רעדאַקטאָר פון דער אידישער אויסגאַבע
## פון ראָזאַ לוקסעמבורג'ס אויסגעוועהלטע שריפטען.

עס איז ניט נויטיג קיין ענטשולדיגונג אָדער אפילו ערקלעה־
רונג פאַרוואָס עס ווערען אַרויסגעבראַכט אין דער אידישער שפּראַך
די שריפטען פון ראָזאַ לוקסעמבורג, דער ערמאָרדעטער געניאַלער
רעוואָלוציאָנערער פיהרערין פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פּראָלע־
טאַריאַט. אפשר דאַרף מען ערקלערען, פאַרוואָס נאָר „אויסגעוועהל־
טע" שריפטען און ניט אַלע אָדער די מעהרסטע פון זיי ווערען דאָ
פאָרגעשלאָגען דעם אידישען אַרבייטער און „האַלב־אַרבייטער"
לעזער. אָבער זאָל נאָר די נאָכפראַגע באַרעכטיגען, און מיר ווע־לען
זיך ניט פאַרטראַכטען אויף איין רגע און אָהן ־ווייטערדיגע
ערקלערונגען וועלען מיר אַרויסברייגנען אַנדערע שריפטען פון דער
בליבען פון ראָזאַ לוקסעמבורג ערשט איצטער ווערטפול און לעבענס־
פעהיג. די אָהן ספק און אָהן איבערטרייבונג גענִיאַלע פאָרקעמפע־
רין פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דייטשלאַנד און אין פוילען און
פאַקטיש — פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פּראָלעטאַריאַט האָט באַ־
זעסען אַזאַ מערקווירדיגע אַלזייטיגקייט און אַזאַ שאַרפע, מיט לע־
בען און פייער דורכגעדרונגענע סטימולירענדע פייערליכקייט, אַז
אַלץ וואָס זי האָט געזאָגט און געטאָן וועט נאָך לאַנג־לאַנג פאַר־
בלייבען פון אומגעהויערען ווערט.

איהר כח פון אַנאַליז און איהר דיאַלעקטיק דערמאָנט מעהר
ווי וועלכער אַנדער פון מאַרקס'עס שילער דעם אומשטערבליכען
פאַרשטאָרבענעם פיהרער און לעהרער. ראָזאַ לוקסעמבורג איז גע־
ווען אַ מאַרקסיסטין אין דעם בעסטען, שאַרפסטען און אומאָפּהענ־

פאַרפייניגטער פיהרערין. וואָרים מעהר ווי די שריפטען פון אַ סך
רעוואָלוציאָנערע דענקער און פיהרער איז דאָס וואָס עס איז פאַר־

ניגסטען זינען פון דעם וואָרט. זי האָט ניט ווידערהאָלט דעם לעה־רער׳ס ווערטער, נאָר זי איז אינגאַנצען געווען דורכגעדרונגען מיט זיין גייסט און מעטאָד. אין איהרע פעהיגע גייסטיגע הענט איז מאַרקס׳עס מעטאָד פון דענקען געווען אַ פרוכטבאַרער באַשאַפער פון נייע און גרויסע גייסטיגע רעוואָלוציאָנערע ווערטען.

און אויך איז די „רויטע ראָזא“, ווי די דייטשע ארביי־טער האָבען זי מיט אומבאַגרענעצטער ליעבשאַפט גערופען, ניט געווען טרוקען, קאַלט, אָבגעריסען פון דעם צאַרטען און ווייכען אין לעבען. „אַלע וואָס איז מענשליך“ איז איהר נאָהענט געווען, און ווי נאָהענט! די בריעף וואָס ראָזא לוקסעמבורג האָט געשרי־בען צו סאָניא ליעבקנעכט, קאַרל ליעבקנעכט׳ס פרוי, בעת ראָזא איז געווען פארשפאַרט אין טורמע, אין דער צייט פון דער מלחמה און ביז די רעוואָלוציע פון דעם דייטשען פראָלעטאַריאַט האָט איהר באַפרייט, ענטבלויזען פאַר אונז אַ נשמה, וואָס איז צאַרט ווי דער ריח פון אַ מאָרגען ראָזע און פונקט אַזוי קאָלירפול, הינרייסענדיג. און ס׳אַרא רייפקייט פון ליטעראַרישען סטיל, ס׳אַרא פיינער פּאָעטישער חוש און געשמאַק, ס׳אַרא אַלע אומפאַ־סענדיגע ליעבע צו אַלע אין דער לעבעדיגער נאַטור עס רעדט פון די ווערטער האסטיג אָנגעוואָרפענע, מיט אַ בלייששטיפט אויף גרויען אַרעסטאַנטסקען פּאַפּיער, איינמאָל אין חודש, צי ווי אַנדערש, ווען די פּרייסישע טורמע־פאַראָרדנונג האָט ערלויבט צו שרייבען פּריי־וואַט־בריעף.

איהר גלויבט קיים אייערע אויגען, ווען איהר לייענט די שורות פון די דאָזיגע באמת מערקווירדיגע בריעף און איהר פאַרבינדט די אונענדליך־צאַרטע, פיינע, פולהאַרציגע ווערטער מיט דער שניידענדיגער, שטאָל־קאַלטער לאָגיק פון איהר „אַנטי־בערנשטיין“:

„..... די נאַכט בין איך געלעגען און געטראַכט, וואָס איך לעב אַלע מאָל אין דער פריידיגער פאַר׳שכור׳טקייט, אָהן ווע־לכען עס איז באַזונדער אורזאַך דערפאַר. אָט ליעג איך, אַ שטייגער, אין אַ פינסטערען קאַמער אויף אַ מאַטראַץ, וואָס איז האַרט, ווי אַ שטיין. אַרום מיר, אין דער גאַנצער געביידע, הערשט די געוועהנ־ליכע טויטליכע שטילקייט. איך פיהל, ווי איך זאָל ליעגען אין

א קבר. א ליכטיגער פינטעל פון א לאנטערן, וואס ברענט אין דרויסען די גאנצע נאכט, שפיגעלט זיך אפ אויף דעם סופיט. פון צייט צו צייט דערהער איך, ווי א באהן־צוג באוועגט זיך ערגעץ ווייט פון דאנען, אדער עס דערטראגט זיך צו מיר דער הוכט פון דעם וועכטער, וואס שפאצירט ארום און זיינע שווערע שטיוועל כדי צו לאזען אביסעל באנאנדערגעהן זיך זיינע פארשטייפט־געווארענע פיס. אזוי הילפלאז סקריפעט דער זאמד אונטער זיינע פיס, און די גאנצע עלענדקייט און הילפלאזיגקייט פון אונזער עקזיסטענץ קלינגט אפ אין דער נאסער, פינסטערער נאכט.

„אזוי ליעג איך מיר איינזאם, רוהיג, איינגעוויקעלט אין דעם פיעלפאכיג־שווארצען מאנטעל פון ווינטער — פינסטערניש, אומעט, און די אומפרייהייט דערפון, און דאך קלאפט מיין הארץ מיט אן אומבאקאנטער, אומבאגרייפליכער אינווענייגסטער פרייד, ווי איך זאל געהן דורך פעלדער פון שטראלענדיגען זונען־שיין. אין דער פינסטערניש ליעג איך און שמייכעל צום לעבען, ווי איך וואלט וויסען פון עפעס א געהיימען צויבער, וואס ווייזט אויף די פאלשקייט פון אלץ וואס איז געמיין און גרויליג און ער פארוואנדעלט עס אין שטראלענדיגע ליכטיגקייט און פרייד. און בשעת איך ליעג אזוי, זוך איך אין זיך די אורזאך פון אזא לעבענס־פרייד; איך געפין גארנישט, און ווידער שמייכעל איך צו זיך אליין. איך גלויב, דער סוד ליעגט ניט אין קיין אנדער זאך, ווי אין דעם לעבען גופא. די געדיכטע פינסטערניש איז גלאט ווי סאמעט, אויב נאר מען ווייס ווי אזוי געהעריג איינצוקוקען זיך אויף איהר. אין דעם סקריפען פון דעם נאסען זאמד אונטער די לאנגזאמע שווערע טריט פון דעם וועכטער הערט זיך א וואונדערליך ליעד פון לעבען, — אויב נאר מען ווייס ווי אזוי זיך צוצוהערען...“

דאס זיינען א פאר ציפעליגע ווערטער, ניט ספעציעל צוגעקליבענע, פון דער פען פון דער „רויטער ראזא“, פון דער בייסיגער לוקסעמבורג, פון דער וואס האט געקאנט ארויסרופען אומבאשרענקטען האס און אויך אליין צו האסען אומבאשרענקט.

ראזא לוקסעמבורג פון די דאזיגע בריעף, ראזא לוקסעמבורג פון דעם „אנטי־בערנשטיין“ און פון דעם „יוניוס“־פאמפלעט און די רעדנערין אויף דעם גרינדונגס־צוזאמענפאהר פון דער קאמוניס־

טישער פּאַרטיי (ספּאַרטאַקוס־בונד), און ענדליך די ראָזאַ לוקסעמ־בורג, די פייערדיגע פּובליציסטין, די פאַרפאַסערין פון „ווי דייט־שיש די רעוואָלוציע איז", „אין בערלין איז אַלע רוהיג", — דאָס זיינען ניט דריי באַזונדערע פּערזענליכקייטען, דאָס זיינען ניט אפילו דריי באַזונדערע און אָפּגעזונדערטע זייטען פון איין פּער־זענליכקייט; דאָס איז איין רייכע, האַרמאָנישע, אַלזייטיגע פלאַ־מיגע נשמה, וואָס בייסט און קושט, וואָס האסט און ליעבט, וואָס שלאָגט און צערטעלט, וואָס וויברירט מיט אַלע איפּרעגונגען פון לעבען, פון אַ קאָנצענטרירטען, העלען, שטראַלענדיגען לעבען.

די קאָנטר־רעוואָלוציע אין'ם דייטשלאַנד פון די שיידעמאַנס האָט זי דער'הרג'עט, ברוטאַל און פייג, פון דערהינטען דערמאָר־דעט.

צו זאָגען אַז ראָזאַ לוקסעמבורג לעבט אין מיליאָנען הערצער איז ניט מעהר ווי באַנאַל. קאָן דען ני ט לעבען די זון, ני ט וואַרעמען און ניט שטראַלען, קאָן דען ני ט גלאַנצען און רופען דער אייביגער ווייסער שנעע אויף דעם שפּיץ פון מאָנבלאָן!

אויף דעם סוף כל סוף זיעגרייכען וועג פון דעם אַלוועלטלי־כען פּראָלעטאַריאַט, אויף דעם היסטאָרישען וועג צו דעם גרויסען ציעל פון דעם קלאַס מיט דער גרויסער אַל־מענשליכער שליחות פאַלען קרבנות. אָבער אַלע זיינען זיי דאָך קערנער פון זריעה פון דער גרויסער צוקונפט, אַלע זיינען זיי עטאַפּ־פּונקטען וואָס זענענ־דיג קרבנות פאַרצייכענען זיי נצחונות. אַלע זיינען זיי טייער און ליעב איינגעבאַקען אין די הערצער פון די קינפטיגע דורות. ראָזאַ לוקסעמבורג איז צווישען די אומגעהויער שווערע קרבנות פון די אומגעהויער שווערסטע, צווישען די קרבנות וואָס זאָגען אָן דעם שוין אָפּגעהאַלטענעם נצחון — דער גרעסטער קרבן פון דעם גאָר גרויסען קינפטיגען נצחון. אויף דעם מערדערליך פריה־צייטיגען קבר פון דער „רויטער ראָזאַ" בליהט דער וואונדערבאַרער אָנזאָג פון אַ וואונדערבאַרער, פון אַ ריעזיג־גרויסער צייט, ווען די שלום־ווערטער פון איינעם פון איהרע בריעף צו סאָניאַ ליעב־קנעכט וועלען מעהר ניט זיין אַ פּריוויליגע רעזיגנאַציע צו „די כחות וואָס הערשען", און אפילו ניט אַן אַרויסרוף פון אַ טיטאַני־

שער גאטור. זיי וועלען זיין א גוטמוטיגער שמייכעל דערויף וואס איז געווען אמאל, לאנג־לאנג צוריק.

„סאניושא, טייערינקע, זיי רוהיג און גוט אויפגעלייגט טראָץ אלעם דעם. אזא איז דאס לעבען, און מיר מוזען עס אננעמען — בראוו, אומדערשראקען און שמייכלענדיג."

אויף ראזא'ס מערדערליך פריהצייטיגען קבר בליהט די ערבות פון דער צייט ווען מענשען וועלען מעהר ניט מוזען אננעמען דאס לעבען, ווי עס איז, גאר זיי וועלען באזיצען די אויסערליכע פריי־הייט און דעם אינערליכען כח צו קירעווען דאס לעבען, ו ו א ר־ה י ן זיי וועלען, צו לעבען דאס לעבען, ו ו י זיי וועלען, צו מאכען דאס לעבען פאר א פאסיגען פלאץ צו לעבען פאר אזעלכע רייכע פערזענליכקייטען, ווי די אומשטערבליכע, פראכטפולע ראזא איז געווען.

---

עס געהען אריין אין דעם פארליגענדען באנד, אויסער די דירעקטע שריפטען פון ראזא לוקסעמבורג, אויך צוויי „זייטיגע" אפהאנדלונגען. דאס איז, ערשטענס, א ביאגראפישע סקיצע גע־שריבען פון י. מיללין, וואס באציהט זיך הויפטזעכליך אויף דעם קאמף וואס ראזא לוקסעמבורג האט געפיהרט קעגען דעם סאציאל־שאוועניזם פון דער פוילישער סאציאליסטישער פארטיי; און, צווייטענס, קלארא צעטקינ'ס פלאמיג־געשריבענער פארווארט צו דעם אזוי גערופענעם „יוניוס"־פאמפלעט, וואו עס ווערט אנגע־ווארפען אין קורצע, קאלירינגע און בולט'ע ווערטער די ראל, וואס ראזא לוקסעמבורג האט געשפיעלט אין דעם הערואישען און פרינ־ציפיעלען קאמף מיט דעם סאציאל־פאטריאטיזם, וואס האט אויפ־געגעסען די נשמה פון דער אמאל גרויסער, רעוואלוציאנערער סא־ציאל־דעמאקראטישער פארטיי פון דעם דייטשען פראלעטאריאט.

די איבערזעצונג פון „אנטי־בערנשטיין" האט געמאכט ה' ה. ראזענפעלד, און דעם „מאסען־סטרייק" און מעהרסטע בריעף צו פרוי ליבקנעכט האט איבערזעצט ה' נ. בוכוואלד.

י. ב. ס.

# שטריכען פון אַ ביאָגראַפיע

ג. וו. פּלעכאַנאָוו׳ן פלעגט מען באטראַכטען — און מיט רעכט — אלס דעם „פאָטער" פון דעם רוסישען מארקסיזם און פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ניט מיט ווייניגער רעכט קען מען זאָגען, אַז ראָזאַ לוקסעמבורג איז געווען די „מוטער" פון פּוילישען מאַרקסיזם.

זי האָט באַגרינדעט דעם פּאָליטישען פּראָגראַם פון דעם פּוילישען פּראָלעטאַריאַט פון מאַרקסיסטישען שטאַנדפּונקט. די בעסטע יאָהרען פון איהר לעבען האָט זי אָוועקגעגעבען צו פּאָפּולאַריזירען די מאַרקס׳ישע וועלט אַנשויאונג צווישען די פּוילישע ארבייטער. מיט איהרע אייגענע קרעפטען, כמעט אָהן הילף, האָט זי דורכגעפיהרט אַ שווערען קאַמף געגען יענער ריכטונג אין פּוילישען סאָציאַליזם, וועמעס מעטאָדע איז געווען ניט מאַרקסיסטיש און וועמעס טאַקטיק — ניט סאָציאַל־דעמאָקראַטיש, כאָטש די פּראַזעאָלאָגיע פון דער ריכטונג האָט געקלונגען רעוואָלוציאָנער און סאָציאַליסטיש.

עס איז געווען אַ צייט — אין מיטען פון די ניינציגסטע יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט — ווען ראָזאַ לוקסעמבורג איז געווען דער גאַנצער פּוילישער מארקסיזם און דער פּוילישער מאַרקסיזם איז געווען ראָזאַ לוקסעמבורג. טויט אָרום און אַרום. פיינדשאַפט און האַס, און פּערזענליכע באַליידיגונגען פון אַלע זייטען. איהר נאָמען איז געווען טריף פאַר דער ראַדיקאַלער שטודירענדער יוגענד און פאַר דער אינטעליגענץ אין אַלגעמיין. די פּרעסע האָט איהר באָיקאָטירט און, אַז מען האָט ווען עס איז דאָך דערמאָנט איהר נאָ־

מען, איז עס געווען מיט דער אבזיכט צו פאַרדרעהען און פאַלש אויסצוטייטשען אַלץ, וואָס זי האָט געזאָגט אָדער געשריבען. אַפילו די מעריב־אייראָפּעאישע סאָציאַליסטישע פּרעסע האָט איהר באַי־קאָטירט. און גלייכגילטיג האָט זיך באַצויגען דער פּוילישער ארביי־טער־קלאַס צו איהר וואָרט און צו איהרע וואָרנונגען. באמת, איהר קול איז געווען אַ קול אין דער וויסטעניש.

אָבער דאָס איז ניט געווען אַ קלאָגענדיגער, אַ יאָמערנדיגער קול. דאָס איז געווען אַ קול פון אַ מענשען, וואָס ווייס צו וואָס ער שטרעבט און צו וואָס ער רופט. און מען האָט געדאַרפט האָבען די אונגעהויערע גרויסע קענטניסען, די אונגעוועהנליכע ליטעראַרישע פעהיגקייטען, דעם אונענדליכען גלויבען און איבערצייגונג אין דער ריכטיגקייט פון דער זאַך און די גרענצלאָזע ענערגיע און קאַמפּ־לוסט פון ראָזא לוקסעמבורג, כדי דורכצוברעכען די אייזערנע וואַנד, וואָס איז געשטאַנען אויפ׳ן וועג צו איהר ציעל, אַפּצוראַמען דיזען וועג פון די שטערעניסען אָהן אַ צאָהל.

פאַרשיידען זיינען געווען די יסודות פון דעם סאָציאַל־עקאָנאָ־מישען לעבען אין רוסלאַנד און פּוילען, פאַרשיידען — דער וועג פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג און די געזעלשאַפטליכע באַ־ציהונגען, פאַרשיידען — די גרופּירונגען און זייער אידעאָלאָגיע אין דיביידע לענדער. און, נאַטירליך, עס איז אויך געווען אַ גרויסער אונטערשייד אין דעם אופן, ווי פּלעכאַנאָוו און לוקסעמבורג האָבען געזוכט איינצופלאַנצען דעם מאַרקסיסטישען סאָציאַליזם אויפ׳ן רוסישען און פּוילישען באָדען.

פּלעכאַנאָוו׳ן איז אויסגעקומען צו דערווייזען, אַז רוסלאַנד איז ניט קיין אויסנאַהם־לאַנד אינ׳ם פּרט פון איהר עקאָנאָמישער ענט־וויקלונג, אַז זי געהט אויפ׳ן וועג פון קאַפּיטאַליזם, אַז זי באַזיצט אַן ארבייטער־קלאַס, וועלכער וועט אַלץ וואַקסען אין צאָהל און באַ־דייטונג, אַז די באַפרייאונג פון רוסלאַנד פון פּאָליטישען יאָך און פון עקאָנאָמישער שקלאַפעריי הענגט אָפּ פון אָט דעם קלאַס, וואָס איז רעוואָלוציאָנער אַ דאַנק דער סאַמע לאַגע זיינער אין דער געזעל־שאַפט. פּלעכאַנאָוו׳ס אויפגאַבע איז געווען אַ פאַרהעלטניסמעסיג גרינגע. נאָך דעם, ווי די באַריהמטע טעראָריסטישע פּאַרטיי „נאַ־ראָדנאַיא וואָליא“ איז געפאַלען און די רוסישע סאָציאַליסטישע

אינטעליגענץ האָט אָנגעהויבען צו זוכען א נייע געזעלשאַפטליכע אָריענטאַציע, איז עס געווען לפי ערך לייכט צו געבען א טויט־קלאַפּ די איבערגעבליבענע שטיקלאַך פון דעם באַקוניזם, פון דעם לאַוור־ראָוו׳שען עקלעקטיציזם, און פון פּאָלקסטימלעריי („נאַראָד־ניטשעסטוואָ"). דעם נאַאיווען גלויבען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַדייטונג פון די דאָרפישע קהילות („אָבשטשינאַ"). די טרעגערין פון דעם רעוואָלוציאָנערען געדאַנק אין רוסלאַנד, די אינטעליגענץ, האָט ניט געהאַט געגוג כחות צו פאַרטיידיגען די אַלטע טעאָרעטישע פּאָזיציעס, און אונטער דעם איינפלוס פון פּלעכאַנאָוו׳ס קריטיק האָט זי זיך אָנגעוואָרפען מיט זשעדנעקייט אויף דעם מאַרקסיזם. און איינמאָל האָט זי באַגריפען די מאַרקסיסטיש־רעוואָלוציאָנערע וועלט אנשויאונג, האָט זי שוין אויך געווענדעט זיך צו דעם ברייטען פעלד, וואו זי האָט געקאָנט די דאָזיגע רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּען פאַרוואַנדלען אין אווירקזאַמער רעוואָלוציאָנערער קראַפט — צו דעם ארבייטער קלאַס.

גאַנץ אַנדערש און פיעל שווערער איז געווען דער וועג פון ראָזאַ לוקסעמבורג׳ס מאַרקסיסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ.

ווען ראָזאַ לוקסעמבורג איז ערשינען אין דעם פּוילישען געזעל־שאַפטליכען לעבען, איז פּוילען שוין געווען א שטאַרק ענטוויקעלטע קאַפּיטאַליסטישע לאַנד מיט א צאָהלרייכע ארבייטער־באַפעלקערונג. מען האָט דאָ ניט געדאַרפט באַווייזען, אַז פּוילען געהט אויפ׳ן זעל־בען וועג, אויף וועלכען עס געהט מערב־אייראָפּאַ. דעריין האָט קיינער ניט געצווייפעלט. און טאַקע ווייל דאָס איז געווען א טאַט־זאַך, א סאָציאַל־פּאָליטישער פאַקט, זיינען געוויסע פּוילישע סאָ־ציאַליסטען געקומען צו דעם געדאַנק, אַז פּוילען איז נאָהענטער צום סאָציאַליזם, ווי רוסלאַנד; אַז איהר פאַרבינדונג מיט רוסלאַנד איז אַן אונבאַזיעגבאַרער שטער פאַר דער גיכער פאַרווירקליכונג פון סאָציאַליסטישען אידעאַל; אַז דער פּוילישער ארבייטער קלאַס קען ניט וואַרטען ביז דאָס אָפּגעשטאַנענע, אונגעוויסענדע, אין פּרי־מיטיווע סאָציאַלע פאַרהעלטניסען לעבענדיגע רוסיש פאָלק וועט דערגרייכען די שטופע פון פּאָליטישער און סאָציאַליסטישער ענט־וויקלונג וואָס פּוילען; אַז זייערע ביידענס וועגען — די וועגען פון פּוילישען פאָלק און פון רוסישען פאָלק — געהען זיך פאַנאַנדער;

און אז נאָר די פּ ו ל ש ט ע נ ד י ג ע אָפּטיילונג פון דעם פּוילי־שען לאַנד פון דער רוסישער מלוכה וועט באַשאַפען די מעגליכקייט פון אַן אונגעשטערטען קאַמף פאַר סאָציאַלע גערעכטיגקייט, פאַר׳ן סאָציאַליזם.

דער ס אָ צ י אַ ל ־ פּ אַ ט ר י אָ ט י ז ם, די אידעאָלאָגיע פון דער „פּוילישען סאָציאַליסטישער פּאַרטיי“ (פּ. פּ. ס.) איז גע־באָרען געוואָרען. און אין אַ קורצע צייט ארום — אַ דאַנק דער פּאָ־ליטישער און נאַציאָנאַלער לאַגע פון לאַנד—האָט אָט די פּאַרטיי דורכגעדרונגען אַלץ, וואָס האָט זיך גערופען ראַדיקאַל, סאָציאַליסטיש, רעוואָלוציאָנער. די „פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי“ איז פּאַקטיש געוואָרען די א י י נ צ י ג ע, די הערשענדע פּאַרטיי אויף דער סאָציאַליסטישער גאַס.

אין פּוילען איז די אינטעליגענץ ניט געווען די טראַדיציאָנעלע טרעגערין פון דעם מאָדערנעם רעוואָלוציאָנערען געדאַנק, פון רע־וואָלוציאָנערען סאָציאַליזם, — ווי דאָס איז געווען פאַר אַ לאַנגע צייט אין רוסלאַנד. קינדער פון פּריצישע „פּאָוסטאַנצעס“ אָדער פּאַטריאָטישע קליינבירגער זיינען זיי אויסגעוואַקסען אין אַן אַט־מאָספערע פון האַס צו אַלץ, וואָס איז רוסיש, אין אַן אַטמאָספערע פון פּוילישער אָפּגעזונדערטקייט, פון סעפּאַראַטיסטישע האָפנונגען פון פּוילישען נאַציאָנאַליזם און שאָוועניזם. דער אמת׳ער טרעגער פון רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם אין פּוילען איז געווען דער אר־בייטער קלאַס. אַ באַווייז: — די געשיכטע פון דער העלדישער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט“, אַ שוועסטער־פּאַרטיי פון דער רוסישער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ און פון „בונד פון די פּוילישע ארבייטער“ („זוויאָנזעק“). די ערשטע אָבער איז אין איהר טאַקטיק געווען בלאַנ־קיסטיש, איהר האָט געפעהלט די טאַקטיק פון אַ מאַסאָוער קלאַסען־באַוועגונג; דער „זוויאָנזעק“, ווידער, איז געווען סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיש אין דער פּראַקטיק, אָבער אָהן אַ ווייטען פּאָליטישען אויס־קוק, אָהן אַ פּרינציפּיעלע באַגרינדונג פון זיין קאַמף. דער באַנקראָט פון דיזע צוויי פּאַרטייען איז געווען אַ לאָגישער און אומפאַרמיידלי־כער רעזולטאַט פון זייערע פעהלערען. אָבער דער דאָזיגער באַנק־ראָט האָט פאַרפעהלט צו האָבען די פּאָזיטיווע ווירקונג. די פּוילי־שע ארבייטער האָבען צוגעשריבען דעם דורכפאַל פון די צוויי גרו־

פען ניט צו זייער טעארעטישער פעהלערהאפטיגקייט, נאר צו דער אונמעגליכקייט פון א פראלעטארישער קלאסען־באוועגונג אונ־טער דעם צארישען דרוק, אונטער דעם דרוק פון א פ ר ע מ ד־ה ע ר ש א פ ט. די פוילישע ארבייטער מאטען זיינען אריינגע־פאלען אין די ארעמס פון די סאציאל־פאטריאטען.

אט די אומשטענדען האבען געמאכט ראזא לוקסעמבורג'ס אויפגאבע אונגעהויער שווער. און עס האט גענומען יאהרען, לאנגע יאהרען פון אונערמידליכען קאמף, יאהרען רייך אין שווערע מפלות און ארעם אין מערקבארע נצחונות, ביז איהר שטימע האט ענדליך אנגעהויבען צו דערגרייכען די אויערען פון'ם פוילישען אר־בייטער קלאס.

א מאדנער צוזאמענטרעפען, א בלינדער שפיעל פון גורל: ראזא לוקסעמבורג האט אנגעהויבען איהר געזעלשאפטליכע טע־טיגקייט, איהר סאציאליסטישע קאריערע אין קאמף געגען פוילי־שען סאציאל־פאטריאטיזם, און האט אזוי טראגיש געענדיגט איהר פיעל זייטיגען און רייכען אין פאסירונגען לעבען אין אן אהן־רחמנות־דיגען קאמף געגען דעם אלוועלטליכען סאציאל־פאטריאטיזם, וואס איז אויסגעוואקסען פון די משוגע'נע געשעהעניסען פון דער לעצ־טער צייט...

* * *

די פוילישע סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי, אדער ווי זי האט זיך אפיציעל גערופען — „די סאציאל דעמאקראטיע פון רוסיש־פוילען" — איז געגרינדעט געווארען אין יולי 1893. איהר מיט־גלידערשאפט האט זי רעקרוטירט הויפטזעכליך פון דעם „בונד פון פוילישע ארבייטער" („זוויאנזעק"), פון דעם זעלבען בונד, וועגען וועלכען מיר האבען אקערשט געזאגט, אז אין זיין פראקטישער טעטיגקייט איז ער געווען דורכאויס סאציאל־דעמאקראטיש, אבער עס האט איהם געפעהלט א קלארע פרינציפיעלע און טעארעטישע באגרינדונג פון דיזער טעטיגקייט. די אויפגאבע פון דער נייער סא־ציאל־דעמאקראטישער פארטיי איז געווען אויסצופילען אט דעם פוס־טען פלאץ, שאפען די טעארעטישע באגרינדונג פאר דעם סאציאליס־טיש־רעוואלוציאנערען קאמף פון די פוילישע ארבייטער. ראזא לוק־סעמבורג איז געווען דער לייטענדער גייסט אין דער ארבייט. זי

האָט פאָרמולירט דאָס פּאָליטישע פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי און קלאָר געמאַכט די שטעלונג פון דעם פּוילישען מאַרקסיזם צו דער צענטראַלער פראַגע פון דעם פּוילישען לעבען — די „אונאבהענגיגקייט פון פּוילען". אין איהרען אַן אַרטיקעל: „דער סאָציאַליזם אין פּוילען", געפינען מיר אַן אינטערעסאַנטען אַנאַליז פון די פּוילישע פּאַרטיי באַציהונגען פון יענער צייט אין פאַרבינדונג מיט דער דאָזיגער פּראַגע. ריידענדיג וועגען דער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט", זאָגט ראָזאַ לוקסעמבורג: „די אַלגעמיינע אויפפאַסונג פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג און פון קאַפּיטאַליזם איז נאָך ניט גענוג פאַר אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, מען דאַרף נאָך פאַרשטעהן די אַקטיווע ראָלע פון דעם אַרבייטער קלאַס און די פּאָליטישע ענטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אין דעם באַטרעפענדען לאַנד. נאָר גראָד אין דער הינזיכט איז די פּאַרטיי געגאַנגען ניט מיט דעם וועג פון דעם מעריב־אייראָפּעאישען פּראָלעטאַריאַט, נאָר מיט דער ריכטונג פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וועלכע האָט געמיינט, אַז עס וועט גענוג זיין, אַז די קליינע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי זאָל נאָר אַ מאַך טאָן מיט דער האַנד, און זי וועט שוין מנצח זיין די רעגירונגס־מאַשין, און מיט דער הילף פון דעם פאָלק וועט זי איינפיהרען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג... די פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט" האָט זיך ניט געסטאַרעט צוערשט אויסצוקעמפען פון דעם צאַריזם קאָנסטיטוציאָנעלע פרייהייטען, נאָר זי האָט באַהויפּטעט גראַד פאַרקעהרט, אַז דער בורזשואַזער ליבעראַליזם איז אַ נאַרישקייט. די פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט" האָט דוקא געוואָלט, אַז דער אַרבייטער קלאַס זאָל שוין טאַקע הערשען און די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן זאָל טאַקע באַלד מקוים ווערען. אמת, אין דעם פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי זיינען געווען אויסגעשטעלט אַלע דעמאָקראַטישע פאָדערונגען. אָבער זיי האָבען ניט געוואָלט באַדייטען דעם וועג, מיט וועלכען דער אַרבייטער קלאַס זאָל געהן אין זיין טעגליכען קאַמף, נאָר גיכער איז דאָס געווען אַ מין מיטעל, ווי אַזוי גלייך אריינצוכאַפּען די רעגירונגס־מאַכט אין די הענט פון די רעוואָלוציאָנערען. אַזוי איז אויסגעקומען, אַז די סאָציאַליסטען זיינען ניט דערוויילע די פּאַרטיי פון דער אָפּאָזיציע נאָר פּראָסט די הערשענדע פּאַרטיי פון דער צוקונפט... דאָ איז געווען דער טעראָר

געמישט מיט דער מארקסיסטישער לעהרע פון קלאסען־קאמף... אהן א פאליטישען און ס א צ י א ל־פאליטישען פראגראם האט די פארטיי ניט געקאנט אריינציהען דעם פראלעטאריאט — ו ו י א ק ל א ס — אין דעם קאמף. באר די מאסען האט די פארטיי מעהר ניט געהאט ווי די איינציגע האפנונגען אויף דער סאציאלער רעוואלוציע. דעם געווערקשאפטליכען קאמף האט זי געהאלטען פאר איבריג, און דער שטרייק, האט זי געזאגט, וואלט נאר דאמאלסט א ווערט געהאט, ווען ער זאל האבען א בלוטיגען סוף. דאריבער האט זיך די באוועגונג געמוזט באגניגען נאר מיט קליינע, פארבארגענע, קאנספיראטיווע קרייזלעך, אין וועלכע מען פלעגט פראפאגאנדירען די אלגעמיינע סאציאליסטישע פרינציפען און דעם טעראר"...

אבער זעהר א גרויסען פארדיענסט פון דער פארטיי „פראלעטאריאט" פאר דעם פוילישען ארבייטער קלאס האט ראזא לוקסעמבורג איינגעזעהן אין איהר קלארער שטעלונג צום נאציאנאליזם. דאס, וואס די פוילישע סאציאליסטען האבען זיך אימער פריהער פאר אלץ פארנומען מיט דער נאציאנאלער פראגע, איז ניט קיין צופאל. דער פוילישער ארבייטער קען ניט אריינטרעטען אין דעם סאציאלען קאמף ביז ער פארנעהמט ניט אויף א געוויסע שטעלונג געגען דער פרעמד־הערשאפט... די גרינדער פון דער פארטיי „פראלעטאריאט" האבען צווישען דער ארבייטער באוועגונג און דעם נאציאנאליזם אלע וועגען צוריסען"... דאס זעלבע האט שפעטער געטאן די פוילישע סאציאל־דעמאקראטיע. אבער עס איז געווען א גרויסער אונטערשייד אין זייערע אויסגאנגס־פונקטען. „די פארטיי „פראלעטאריאט" האט געהאלטען דעם נאציאנאלען קאמף פאר אן איבעריגען, ווייל זי האט ערווארטעט אין גיכען די גאנצע און אלגעמיינע באפרייאונג דורך דער „סאציאלער רעוואלוציע". די פוילישע אוטאפיסטען האבען געזאגט, ווי דער דייטשער אוטאפיסט קארל גרין: „צו וואס זאלען מיר געהמען א ביסעל, אז מען קאן נעהמען א סך? עס וועט קומען א מ ע נ ש ל י כ ע בפרייהייט און ניט נאר א פ ו י ל י ש ע". די סאציאל־דעמאקראטען אבער האבען געזוכט אן ענטפער אויף דער פוילישער פראגע ניט אין זייערע אייגענע קעפ, נאר אין די סאציאלע פערהעלטניסען פון פור־

לען זעלבסט. זיי האָבען געזעהן, ווי פּוילען איז איצט שטאַרק צו־געבונדען צו רוסלאַנד דורך איהרע קאַפּיטאַליסטישע פערהעלטני־סען און ווי די פּוילישע הערשענדע קלאַסען זיינען אין דעם שטאַרק פאַראינטערעסירט און שטיצען די פרעמד־הערשאַפט אין פּוילען, אָהן וועלכער זיי קענען זיך שוין מעהר ניט באַגעהן... און דער זעל־בער גאַנג פון דעם קאַפּיטאַליזם אין פּוילען האָט געלערנט און גע־וויזען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס פאַר א פּאָליטישען פּראָג־ראַם עס דאַרף האָבען דער פּוילישער ארבייטער קלאַס. די זעלבע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ענטוויקלונג, דורך וועלכע עס ווערט צו־נויפגעוואַקסען פּוילען מיט רוסלאַנד — די זעלבע ענטוויקלונג רופט ארויס די צערשטערונג פון רוסישען אבסאָלוטיזם. די קאַפּיטאַליס־טישע ענטוויקלונג פאַראייניגט וואָס מעהר פּוילען מיט רוסלאַנד. אזוי ווי עס איז איצט אונמעגליך, אז די ארבייטער זאָלען באַפרייען פּוילען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג, דעריבער איז זייער קלאַסען־אויפגאַבע זיך צו פאַראייניגען מיט די רוסישע ארבייטער כדי צו דערגרייכען פריהער פון אַלץ א קאָנסטיטוציע אין רוסלאַנד מיט אויטאָנאָמער פרייהייט פאַר פּוילען"...

ריידענדיג וועגען דעם סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם פון דער פּוילי־שער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.), זאָגט ראָזא לוקסעמ־בורג: „זי (פּ. פּ. ס.) האָט אָנגעהויבען צו ערקלערען „ווידערגע־בורט" פון פּוילען פאַר דעם קלאַסען־אינטערעס פון די ארבייטער. זי האָט געהאַלטען, אז ווען עס וואָלט געווען א זעלבסטשטענדיגע פּוילישע מלוכה און עס וואָלט אין איהר געווען א קאָנסטיטוציע, וואָלט די קאָנסטיטוציע געווען דעמאָקראַטישער ווי יענע, וואָס וואָלט געווען אין רוסלאַנד, ווען רוסלאַנד זאָל האָבען א זעלבע. איך, אלס געגנערין פון אָט דער מיינונג, קאָן דאָ ניט ברייגגען די רעזולטאַטען, צו וועלכע די טעטיגקייט האָט געפיהרט אין פּוילען. איך וויל נאָר ברייגגען א קורצע כאַראַקטעריסטיק, ווי עס באַרהאַלט זיך צו דער פראַגע די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

„די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וואָלט גאָר וועניג געאַרט דער גע־דאַנק פון דעם „סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם", אז דער פּוילישער פּראָלע־טאַריאַט זאָל זיך אָפּרעכענען מיט די דריי פּוילישע בורזשואַזיען און מיט די דריי רעגירונגען און איינפיהרען אַן אייגענע נייע קלאַ־

סען־מלוכה... זי וואָלט איבערגעלאָזען דער וועלט־געשיכטע צו געבען אַן ענטפער אויף די נאַציאָנאַליסטישע אוטאָפּיע. אָבער די נאַציאָנאַליסטישע אוטאָפּיע פיהרט צו זעהר ערנסטע רעזולטאַטען. דער גאַנצער פּאָליטישער מינימאַל־פּראָגראַם פון דעם סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם באַשטעהט פון דער פאָדערונג פון אַן „אונאַבהענגיגע פּוילישע מלוכה“. פון דעמאָקראַטישע פאָדערונגען אין דעם צארישען רוסלאַנד איז אַפילו קיין זכר ניטאָ...

„נאָך דעם, ווי די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג האָט אַלץ מעהר צוגעבונדען פּוילען צו רוסלאַנד, און נאָך דעם, ווי די פריהערדיגע אָנהענגער פון דער נאַציאָנאַלער פרייהייט, די פריצים און די קאַטוילישע גייסטליכע, זיינען געוואָרען די פּאַרטיידיגער פון דינער פרעמד־הערשאַפט, קען מען דעם נאַציאָנאַליזם רעכנען נאָר פאַר אַן אויסדרוק פון אונצופרידענהייט פון יענעם קלאַס, וואָס איז פון דעם קאַפּיטאַליזם צוגעדריקט געוואָרען, דאָס איז — דער אונטערגעהענדער טייל פון דער קליינער בורזשואַזיע. און דער וועג פון די סאָציאַל־פּאַטריאָטען איז ניט מעהר, ווי אַן אונבאַוואוסטע פּאָטאָגראַפיע פון דעם קליינבירגערליכען אוטאָפּיסט. פון אויבען אויף, פון דרויסען, באַנוצט זיך דער סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טערמינאָלאָגיע, מיט דער טעאָריע פון מאַרקס און ענגעלס, ער רעדט פון קלאַסען־אינטערעסען, פון קלאַסען־קאַמף, פון קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג. אונטער די רעוואָלוציאָנערע רייד ליגט אָבער נאָר דער געדאַנק און די אידעאַלען פון דער קליינער בורזשואַזיע, די אָפּאָזיציע געגען דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער ענטוויקלונג אין פּוילען, דער אינטערעס פון אַ קלאַס, וואָס איז ניט אימשטאַנד דורכצופיהרען זיינע אינטערעסען אונטער זיין אייגענער פאָהן.

„פּראַקטיש, וויל דער סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם ערווערבען פּאָליטישע פרייהייט אין דעם אונאַבהענגיגען פּוילישען קעניגרייך, וואָס עקזיסטירט נאָך ניט. און צוליעב דעם אוטאָפּיסטישען קאַמף אין דעם צוקונפטיגען אונאַבהענגיגען פּוילען פאַרוואַרפט ער דעם קאַמף פאַר קאָנסטיטוציאָנעלע פרייהייט אין דעם אַבסאָלוטיסטישען רוסלאַנד. דער אוטאָפּיזם ווערט אָבער מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר באַקעמפט פון דער רעוואָלוציאָנערער ווירקליכקייט. די

וואַקסענדע דיפערענצירונג פון דעם מיטעל־קלאַס אין פּוילען און דער גלענצענדער קאַמף פון דעם ארבייטער קלאַס אין רוסלאַנד מאַכען ביסלעכווייז אַ תל פון דעם קלאַס, פון וועלכען עס זיינען ארויסגעוואַקסען יענע נאַציאָנאַלע אוטאָפּיען אין פּוילען, און פון די איליוזיעס וועגען דער פּאָליטישער אונפאַרענדערליכקייט אין רוסלאַנד"...

* * *

ווען ראָזאַ לוקסעמבורג האָט דאָס געשריבען, איז זי נאָך געווען יונג אין דער באַוועגונג. זי האָט דאַמאָלסט געלעבט אין שווייצאַריע, וואו זי האָט שטודירט אין ציוריכער אוניווערזיטעט אויף דעם יורידישען פאַקולטעט. זי איז געווען אַ פלייסיגע שילערין פון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען פּראָפעסאָר — דעם איין־איינציגען סאָציאַליסט פון אוניווערזיטעט — דעם סאָציאַל־עקאָנאָמיסט קאָנראַד שמידט. פּינקטליך פלעגט זי באַזוכען אלע זיינע לעקציעס און די דיסקוסיעס, וואָס ער פלעגט אָפּהאַלטען מיט זיינע סטודענטען. אין די דיסקוסיעס פלעגט ראָזאַ לוקסעמבורג ארויסוויזען גרויסע קענטניסען, אַ טיעפע פאַרשטענדניס פון מארקס'עס לעהרע און פון דער מארקסיסטישער ליטעראַטור און אַ שאַרפע אנאַליטישע קראַפט. עס איז אינטערעסאַנט דאָ צו דערמאָנען, אז שפּעטער איז דערזעלביגער פּראָפעסאָר געוואָרען אַ הייסער פּרעדיגער פון בערנשטיינ'שען רעוויזיאָניזם, האָט אפילו אָנגעשריבען אַ גאַנצען בוך וועגען זיינע נייע אנשויאונגען און זיין געוועזענער שילערין איז אויסגעקומען ניט איין מאָל ארויסצוטרעטען געגען איהם מיט פאַרניכטענדער קריטיק פון זיין נייער אינטערפּרעטאַציע פון מארקס'עס עקאָנאָמישער לעהרע און מיט אַ פאַרטיידיגונג פון דעם פּראָפעסאָרס אייגענער פאַרגאַנגענהייט.

ראָזאַ לוקסעמבורג האָט געלעבט אַ שטילען לעבען, אָן אַ זייט פון די סטודענטישע קאָלאָניאַלע אינטערעסען. זעהר זעלטען פלעגט זי באַזוכען אַ רוסישע סטודענטישע פאַרזאַמלונג און כמעט קיין מאָל ניט אַ פּוילישע. אויף די לעצטע וואָלט זי נאָר באַגעגענט פיינדשאַפט און באַליידיגונגען — ווי פון די פּשוט'ע פּוילישע פּאַטריאָטען־שאָוועניסטען, אזוי אויך פון דער סאָציאַל־פּאַטריאָטישער יוגענד פון דער „פּויילשער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי". כמעט די גאַנצע פּוילישע סטודענטישע יוגענד אין ציוריך איז געווען אַ

טויט־שונא פון דער פוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אפילו די עטליכע געצעהלטע סטודענטען, וואָס האָבען יע סימפּאַטיזירט מיט איהרע פּרינציפּען, האָבען זיך פונדעסטוועגען אונטער דעם דרוק פון דער אומגעבונג געהאַלטען ווייט פון ראָזא לוקסעמבורג. נאָר ל ע ו ו י אָ ג י כ ע ס (גראָזאָווסקי, טישקאָ), וואָס איז ערמאָר־דעט געוואָרען פון די דייטשע רעאַקציאָנערען אין בערלין א קורצע צייט נאָך לוקסעמבורג'ס טויט, דער פוילישער ארבייטער־עמיגראַנט ג ו ט און דער באוואוסטער דייטשער און פוילישער שרייבער כ א ר ס ק י (מארכלעווסקי) האָבען געבילדעט איהר אייגענען קרייז. צייטענווייז פלעגט איהר באַזוכען דער אָדער יענער פּאָליטישער עמיגראַנט, מיט וועלכען זי פלעגט שמועת'ן מייסטענטיילס אין זייער מוטער־שפּראַך. זי האָט געקענט אויסגעצייכענט גוט פיער שפּראַכען. א טאָכטער פון אידישע עלטערען פון ווארשא, אָבער אַן אסימילירטע, האָט זי פויליש געקענט אַם בעסטען. רוסיש האָט זי גערעדט מיט א פוילישען אַקצענט. אידיש האָט זי געהאַסט, געהאַסט ווי נאָר א פויליש־אידישער אסימילאַטאָר קען האַסען. די שפּראַך פון די אידישע פאָלקס־מאַסען איז פאַר איהר געווען א „באַרבאַרישער זשאַרגאָן". פונדעסטוועגען האָט די אַנטיפּאַטיע צו אידיש ניט געשטערט איהר צו באַציהען זיך מיט א געוויסער סימ־פּאַטיע צו דער אידישער ארבייטער־באַוועגונג. איין מאָל איז זי אפילו ארויסגעטראָטען אין בערלינער „פאָרווערטס" מיט א פאַר־טיידיגונג פון די אידישע ארבייטער אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד און פוילען געגען די אָנפאַלען פון פּ. פּ. ס. און אפילו שפּעטער, ווען דער „בונד" איז שוין געווען א 3—4 יאָהר אַלט און האָט שוין ארויסגעוויזען סמנים פון דער כלומרשט'דיגער „נאַציאָנאַליסטישער קראַנקהייט" — האָט דאָס פונדעסטוועגען איהר ניט אָפּגעשטעלט פאָרצושלאָגען איינעם פון די אויסלענדישע פאַרטרעטער פון „בונד" צו געבען אין דעם פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכען זשורנאַל „פּשעג־לאָנד סאָציאַלדעמאָקראַטיטשניי" אַן איבערבליק פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אין ציריך איז זי געווען באַקאַנט מיט אַלע פיהרער פון דער אָרטיגער ארבייטער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אָבער אַן אַק־טיווען אַנטייל אין דער פּאַרטיי־ארבייט האָט זי ניט גענומען. אָפּט

פלעגט זי קומען צו די דיסקוסיעס, וואָס מען פלעגט סיסטעמאַטיש אָפּהאַלטען אין „איינטראַכט“, אין דעם לאָקאַל פון די דייטש־עסטרייכישע גענאָסען. די דעבאַטען פלעגען זיך דרעהען ארום די אינטערעסאַנטסטע פראַגען פון דער פּראַקטיק און טעאָריע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. איהר ערש־טער אויפטריט אין דיזע דעבאַטען איז — פון פאָרמאַלער זייט — ניט געווען אַן ערפאָלג: זי איז געווען נערוויש, האָט פשוט ניט געקענט צוזאַמענבינדען די ווערטער, האָט זיך געפּלאָנטערט. שווער וואָלט דאַמאָלט געווען זיך פאָרצושטעלען, אַז אין אַ קורצע צייט ארום זאָל פון איהר ארויסגעהן אַ באַריהמטע רעדנערין, וואָס וועט קענען הינרייסען באַגייסטערטע גרויסע ארבייטער־מאַסען. באַ־זונדערס אַן אַקטיווען אנטייל האָט זי גענומען אין די דעבאַטען וועגען דער ראָלע פון „לומפּענפּראָלעטאַריאַט“ אין קלאַסענקאַמף און אין רעוואָלוציעס און וועגען דער „אָפּאָזיציע“ אין די רייהען פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון די זאָגענאַנטע „יונגע“. די „יונגע“ זיינען געווען אַ מין „לינקער פליגעל“ פון יענער צייט. זיי האָבען פאָרגעוואָרפען די „אַלטע“, אַז זיי זיינען אָפּאַרטוניסטען, אַז זיי האָבען מורא פאַר ענטשידענע שריט, פאַר רעוואָלוציאָנערע טאַטען... אַ גרויסע סימפּאַטיע האָט זי ארויסגעוויזען צו אַנאַר־כיסטען. איין מאָל איז ראָזאַ לוקסעמבורג אויסגעקומען צו ענט־פערען אַן עסטרייך־אידישען סטודענט, וואָס האָט אויף אַ גראָבען אופן אַטאַקירט די אַלטע באַרימטע פיהרערס פון דער אינטערנאַציאָ־נאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און וואָס האָט זיך געלייגט אין דער ברייט און אין דער לייננג פאַר׳ן „לומפּענפּראָלעטאַריאַט“. ראָזאַ לוקסעמבורג האָט מיט כעס אויסגעשריען: „אָבער די אי־דעאָלאָגיע פון לומפּענפּראָלעטאַריאַט איז אויך די אידעאָלאָגיע פון זויפענדע (שכור׳נדע) סטודענטען“.

כאָטש דער אוניווערזיטעט האָט געפאָדערט זעהר פיעל אַר־בייט, האָט זי פונדעסטוועגען געפונען גענוג צייט צו רעדאַקטירען דעם אָרגאַן פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע “ספּראַוואַ ראָבאָטניטשאַ“ („די ארבייטער־זאַך“) און צו זיין כמעט זיין איין־איינציגער שרייבער. זי האָט אויך דאַמאָלסט אָנגעשריבען אַ פּאָר בראָשורען: „סוויענטאָ פּיערוושעגאָ מאַיאַ“ (דעם יום טוב פון

ערשטען מאי) אונטער דעם פסעוודאנים ר. קרושינסקא און „ניעפאדלעגלא פאלסקא אי ספראווא ראבאטניטשא“ („אונאבהענגי־געס פוילען און די ארבייטער־זאך“) אונטער דעם נאמען מאציעי רוזגא. אלץ, וואס זי האט דאן געשריבען, איז געווען זעהר פאפולער, ווייל דאס איז געווען אדרעסירט צו ארבייטער, צו וועלכע זי האט ניט אויפגעהערט צו טענה'ן, אז זיי האבען ניט קיין אנדערע אינטערעסען ווי די אינטערעסען פון קלאסענקאמף און אז דער סאציאלפאטריאטיזם איז נאר א אידעאלאגיע פון דער קליינער בורזשואזיע. אבער איהר אפגעריסענקייט פון פוילען, דער מאנגעל אין איינפלוס אויף דער פוילישער ארבייטער גאס האט זיך געלאזט פיהלען אין דער צייטונג. עס זיינען טאקע דאן גאר קיין סאציאל־דעמאקראטען אין פוילען ניט געווען. פאר א רפואה האט מען ניט געקאנט געפינען א סאציאל־דעמאקראטישען פוילישען ארבייטער. אין ווארשא האט עקזיסטירט א קליינע סטודענטישע גרופע מיט די אין פוילען גוט באקאנטע געזעלשאפטליכע טוערס קאשוטסקי און יאהאלקאווסקא בראש. אבער אויך די גרופע, זייענדיג דורכאויס מארקסיסטיש, האט ניט געוואלט האבען קיינע פארבינדונגען מיט לוקסעמבורג און גראזאווסקי (יאגיכעס'). דאס איז געווען א מין היפנאז — דיזע פריינדשאפט צו איהר, א היפנאז, אין וועלכען די גרעסטע שולד האט געטראגען די פ. פ. ס. און וועלכע איז אויסגעוואקסען אויף דעם אומגעזונטען באדען פון פוילישען פאטריאטיזם: זי איז כלומרשט געווען א שונא פון אלץ וואס איז פויליש, פון פוילישען פאלק, פון פוילישע פאליטישע און נאציאנאלע אספיראציעס... מען האט געדארפט האבען לוקסעמבורגס אייזערנעם ווילען צו בלייבען אויפ'ן פאסטען אין אזא פארפלוכטען מאמענט און ניט צו פארלירען דעם טיפען גלויבען און די אונערשיטערליכע איבערצייגונג, אז אויך אויף איהר גאס וועט ענדליך זיין א יום־טוב.

עס איז כאראקטעריסטיש, אז שפעטער, אין א סך יאהרען ארום, איז ראזא לוקסעמבורג געווען די דירעקטע אורזאך פון דעם ערסטען ווילדען אויסברוך פון אנטיסעמיטישער משוגעת ביי דעם אמאליגען ראדיקאל און פריידענקער און דעם איצטיגען פוילישען פורישקעוויטש — ביי אנדזשיי ניעמאווסקי'ן, וועלכער האט, אין 1910, אין זיין זשורנאל „מיסל ניעפאדלעגלא“ („אונאפהענגיגער

גערדאַנק") אַזוי געשריבען: „די זשידעם העטצען אונטער די אַר־בייטער צו מאַכען דעם גאַנצען סאָציאַליזם פאַר אַ שונא פון פאַטערלאַנד... דאָס, מיט וואָס ראָזאַ לוקסעמבורג און איהרע אָנ־הענגער, — דיזע יורשים פון די פריהערדיגע שיינקערס, — שפּיי־זען די אַרבייטער, האָט אַלע אייגענשאַפטען פון ליטעראַרישער משקה... די טייוועלשע צושטערונגס־אַרבייט פון די אידלעך־מערזאַוועס, אונטער דער מאַסקע פון פּאַרטיידיגען די אַרביי־טענדע קלאַסען, שטעלט זיך אין דער אמת'ן אלס אַ ציעל, אָנצו־פילען די הערצער פון די אַרבייטער מיט האַס געגען פּוילען, צו איבערצייגען זיי, אַז פּוילען איז אַ מת, אויסצונוצען זיי סוף כל סוף פאַר דער פאַרטיידיגונג פון די אינטערעסען פון דער אידישער קליינער בורזשואַזיע. ווייל אַלע אידען זיינען „אַנטי־גוים", און די לוקסעמבורגישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען — ליידענשאַפטליכע פאַרהאַסערס פון פּוילען; אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע (דער ערשטער רוסישער) האָבען זיי אָרגאַניזירט פאָרמאַלע אַנטי־פּוילישע פּאָגראָמען"...

* * *

שווער איז אָנגעקומען ראָזאַ לוקסעמבורג צו געפינען אַ צו־טריט צו דער דייטשער סאָציאַליסטישער פּרעסע. און גרויס איז געווען איהר שמחה, ווען אין יאָהר 1896 האָט זיך איהר איינגע־געבען אָפּצודרוקען אין קאַוטסקי'ס „נייע צייט" אַן אַרטיקעל „דער סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם אין פּוילען". מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז אַלע, וואָס זי האָט געשריבען אין אָנפאַנג פון איהר סאָציאַליסטי־שער טעטיגקייט האָט ניט געהאַט קיין שייכות צו אַלגעמיינע פראַגען פון סאָציאַליסטישער פּאָליטיק, צו אינטערנאַציאָנאַלע פראַגען פון פּראָגראַם און טאַקטיק, נאָר האָט זיך באַצויגען צו דער פּוילישער פראַגע. און גראַד דעריבער איז די לאַגע פאַר לוקסעמבורג געווען די אומגינסטיגסטע. ערשטענס, די אינערליכע פּאַרטיי־באַציהונגען אין פּוילישען סאָציאַליסטישען לאַגער האָבען ווייניג וואָס אינטערעסירט די וועסט־אייראָפּעאישע גענאָסען. דאָס איז געווען פאַר זיי אַ לאָקאַלער סכסוך אָהן אַן אינטערנאַציאָנאַלער באַדייטונג. ניט זייענדיג דירעקט אָנגעריהרט פון דעם גאַנצען ענין, האָבען זיי טאַקע ניט געוואָלט וויסען און הערען וועגען

איהם. ערשט שפעטער, ווען דער פוילישער סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם מיט זיין פּרינציפּיעלען און אָרגאַניזאַציאָנעלען סעפּאַראַטיזם איז אריינגעדרונגען פון רוסיש־פּוילען אין פּרייסען און גאַליציען, זיי־נען די פיהרער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געוואָרען אַ היבש ביסעל אומרוהיג און זיי האָבען אָנגעהויבען מעהר און מעהר זיך צוצוהערען צו לוקסעמבורגס ווארנונגען. צווייטענס, האָבען דאָ געווירקט די טיעף איינגעוואָרצעלטע טראַדיציעס, די טראַדיציאָנעלע סימפּאַטיעס פאַר דער אוּנאָפּהענגיגקייט פון פּוי־לען. יאָהרען און יאָהרען לאַנג האָט אַלץ אין מערב־אייראָפּאַ, וואָס האָט זיך גערופען „דעמאָקראַטיע“, געציטערט פאַר'ן „קאָזאַ־קענטום“ און געקוקט אויף אַ פרייע פוילישע מלוכה ווי אויף אַ מויער, וואָס וועט די ציוויליזירטע וועלט שיצען געגען דעם רעאַקציאָנערען און אַגרעסיווען רוסלאַנד. אפילו דער ערשטער אינ־טערנאַציאָנאַל איז געבאָרען געוואָרען אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלען מיטינג אין לאָנדאָן, וואָס איז צוזאַמענגערופען געוואָרען מיט'ן ציעל אויסצודריקען אַ סימפּאַטיע פאַר אַ פרייע פוילען. מאַרקס און ענגעלס, וואָס האָבען געאורטיילט די פוילישע פראַגע פון'ם שטאַנדפּונקט פון דער אויסלענדישער פּאָליטיק, האָבען געזעהען די איינציגע מעגליכע לייזונג פון דער פראַגע אין דער אומאָפּ־הענגיגקייט פון פוילען. אין זייער צייט זיינען די טענדענצען פון דער אינערליכער ענטוויקלונג פון פוילען נאָך ניט געווען קלאָר; דער פוילישער נאַציאָנאַליזם איז נאָך ניט געווען אַזוי אָפען רעאַק־ציאָנער. ער האָט נאָך אַלץ פיגורירט אַלס כמעט דער איינציגער רעוואָלוציאָנערער פאַקטאָר אין לעבען פון דער רוסישער מלוכה; די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד גופא איז נאָך געווען זעהר שוואַך און זי האָט נאָך קיינע ליכטיגע פּערספּעקטיווען ניט געגעבען.

די פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געוואָלט אויסנוצען די סיטואַציע און קריגען, אַזוי צו זאָגען, אַ מאַנדאַט אויף איהר סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם פון'ם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליס־טישען פּראָלעטאַריאַט. צום לאָנדאָנער אינטערנאַציאָנאַלען סאָ־ציאַליסטישען קאָנגרעס (1896) האָט זי אריינגעטראָגען אַ רעזאָ־לוציע, לויט וועלכער דער קאָנגרעס האָט געזאָלט ערקלערען, אַז

די אומאָפּהענגיגקייט פון פּוילען איז אַ פּאָליטיש־נויטווענדיגע פאָ־
דערונג ווי פאַר דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער באַ־
וועגונג, אַזוי אויך פאַר'ן פּוילישען פּראָלעטאַריאַט. מאָטיווירט
האָט זי דאָס מיט דעם, אַז די אונטערדריקונג פון איין נאַציאָן דורך
אַן אַנדערער קאָן ברייננגען נוצען נאָר די קאַפּיטאַליסטען און דעס־
פּאָטען, אָבער איז שעדליך פאַר דעם ארבייטענדען פאָלק סיי פון
דער אונטערדריקטער, סיי פון דער הערשענדער נאַציאָן; און אַז
„דער רוסישער צאַריזם, וועלכער ציהט זיינע הײמישע קרעפטען
און זיין באַדייטונג אין אויסלאַנד פון דער אונטערדריקונג פון פּוי־
לען, איז אַ געפאַהר פאַר דער ענטוויקלונג פון דער אינטערנאַציאָ־
נאַלער ארבייטער־באַוועגונג".

ראָזאַ לוקסעמבורג איז שאַרף ארויסגעטראָטען געגען דער רע־
זאָלוציע און איהר באַגרינדונג. „די ערשטע באַגרינדונג פון דער
רעזאָלוציע — האָט זי געשריבען — געהערט צו די מיינונגען, מיט
וועלכע מען קאָן זיך אין פּראַקטישען לעבען גאָר ניט באַנוצען.
מערקווירדיג איז, אַז די רעזאָלוציע לויטעט אקוראַט, ווי די האָלענ־
דישע רעזאָלוציע וועגען מיליטער־סטרייקען: „אַזוי ווי די נאַציאָ־
נאַלע שנאה ברייננגט ניט קיין נוצען דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר די
אונטערדריקער, און אַלע איצטיגע מלחמות שטאַמען נאָר פון דעם
קאַפּיטאַליסטען־קלאַס און קומען פאַר נאָר צוליעב די אינטערעסען
פון דעם דאָזיגען קלאַס, — זאָל מען דעם קריעג אויסראָטען פון
דער וועלט דורך מיליטער־סטרייקען". ביידע רעזאָלוציעס — די
האָלענדישע און די סאָציאַל־פּאַטריאָטישע — ענטהאַלטען אַ קינ־
דערשען גלויבען, אַז עס איז גענוג צו ערקלערען וואָס עס איז אַלס
„שעדליך" פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט און ניצליך פאַר די הערשער, און
דער איבעל וועט שוין פון זיך אַליין פאַרשווינדען. ביידע ווילען,
ניט אָפּשאַפענדיג דעם קאַפּיטאַליזם גופא, אויסראָטען אַזאַ זאַך —
די מלחמה און דאָס איינגעהמען פרעמדע לענדער — וועמעס וואָר־
צעל עס ליגט אין קאַפּיטאַליזם, אַ קינד פון קאַפּיטאַליזם.

„די צווייטע באַגרינדונג איז איינפאַך פאַלש. דער צאַריזם
ציהט ניט — ניט זיינע הײמישע קרעפטען, און ניט זיין אויסלענ־
דישע באַדייטונג פון דער אונטערדריקונג פון פּוילען. דער פונ־
דאַמענט, אויף וועלכען עס האַלט זיך איצט דער אַבסאָלוטיזם,

ליגט אין די איבערגעבליבענע אלטע סאציאלע פערהעלטניסען אויף דעם לאנד... אין דעם פאקט, אז די אבסאלוטיסטישע רעגי־רונג פארשטעהט זיך צוצופאסען צו די באדערפניסען פון דעם וואקסענדען קאפיטאליזם...

„פון יענע צייטען אן, בשעת די פאראייניגונג פון די דריי טיילען פון פוילען איז געווען די פאדערונג פון דער אויסלענדישער פאליטיק פון פראלעטאריאט, האט זיך א סך אויף דער וועלט אומ־געביטען. די פאליטישע לאגע פון איירא פא זעהט איצט אויס אנדערש: דער הויפטפונקט האט זיך אוועקגערוקט פון מזרח צום דייטש־פראנצויזישען גרענעץ. אנדערש איז געווארען די טאקטיק פון דעם קעמפענדען פראלעטאריאט. אין 1848 איז זיין פאליטי־שער קאמף געווען א באריקאדען־קאמף, און זיין הויפט־פיינד — די פיקע. דאמאלסט האט מען גערארפט זיך אפגרענעצען פון דער רעאקציע — פון דער רוסישער פיקע — מיט א מויער, און די אומאפהענגיגקייט פון פוילען האט דאס געזאלט זיין דער מויער. היינט פיהרט דער פראלעטאריאט א טעגליכען פאליטישען קאמף און דערצו לאזט ער זיך ניט בשום אופן ארויסרופען אויף׳ן גאס. דא זיינען שוין געפעהרליך ניט אזוי די פיקעס פון רוסלאנד, ווי איהר רעאקציאנערע דיפלאמאטישע ווירקונג אין איירא פא. דיזע ווירקונג אבער קאן ניט פארניכטעט ווערען דורך א מויער, זאנדערן דורך דער אויסראטונג פון דעם צאריזם אין זיין אייגענעם לאנד. אבער אין רוסלאנד גופא האט זיך צום גליק א סך פארענדערט. זי ליגט שוין מעהר ניט אין טויטען שלאף, ווי דאס איז געווען נאך מיט 30 יאהר צוריק: איהר פונדאמענט גראבט אונטער דער יונגער קראפט — דער קאפיטאליזם, און דער פאקט פארזיכערט אונז דערין אז דער אבסאלוטיזם וועט צושמעטערט ווערען פון אינ־ווייניג. רוסלאנד האט איצט ניט בלויז „פיקעס" אליין; זי האט אויך קעמפענדע פראלעטאריער, און זיי גיבען די האפנונג אויף דער באפרייאונג פון איירא פא פון דעם פעטערבורגער זעלבסטהער־שער"...

אלע שיכטען פון דער באפעלקערונג, מיט דער אויסנאהמע פון דעם קליינבירגערטום — פארזיכערט ראזא לוקסעמבורג —

האָבען זיך צו יענער צייט ענטזאגט פון דער אידעע פון ווידער־געבורט פון פּוילען. און דער פּראָלעטאריאט? —

„אז מען זאָל וועלען פּוילען מעסטען מיט דער זעלביגער מאָס, ווי די מערב־אייראָפּעאישע פארהעלטניסען, וואָלט מען געקאָנט זאָגען: אויב אַלע בורזשואזע קלאסען האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון אומאָפּהענגיגקייט, דארף דער פּראָלעטאריאט אודאי מאכען זי פאר זיין ציעל. אָבער אזא מיינונג איז ניט ריכטיג. ווען דער פּראָלעטאריאט אין מערב־אייראָפּא נעמט איבער די דעמאָקראטי־שע אידעאַלען, וועלכע די בורזשואזיע האָט אוועקגעוואָרפען, האָט דאָס א ריכטיגען גרונט. כאָטש פּראָלעטאריאט און בורזשואזיע זיינען פיינדליכע ברידער, אָבער דאָך זיינען זיי קינדער פון איין פאָטער — פון דעם קאפּיטאליזם. קאפּיטאליזם האָט אין זיך אליין געוויסע דעמאָקראטישע טענדענצען, וועלכע ער וויל איינ־פיהרען אין לעבען. צוערשט איז די בורזשואזיע די טרעגערין פון די דאָזיגע שטרעבונגען און איז, ביז צו א געוויסען גראד, די פאר־טרעטערין פון גאנצען „פאָלק“. וויבאלד אָבער די קלאסען־געגענ־זאצען ווערען שטארק גענוג אריינצושטופּען דעם פּראָלעטאריאט אין פּאָליטישען לעבען, לאָזט די בורזשואזיע פאלען איהר דעמאָ־קראטישע אידעאַלען איינעם נאָך דעם אנדערען. ווען דער פּראָ־לעטאריאט נעמט איבער די דאָזיגע אידעאַלען, מוז ער ווערען דער פּאָליטישער יורש פון דער בורזשואזיע און דער טרעגער פון די טענדענצען פון דער זעלביגער קאפּיטאליסטישער עפּאָכע, און דערין מוז איבערהויפּט ליעגען זיין היסטאָרישע ראָלע און באדיי־טונג. אין פּוילען געהערען דער פּראָלעטאריאט און די בורזשואזיע צו אזא עפּאָכע, וועלכע איז אויפגעשטאנען אויף׳ן קבר פון די נאַ־ציאָנאלע קאמפּען. די בורזשואזיע האָט קיין מאָל ניט אוועקגע־וואָרפען דעם אידעאל פון אונאָפּהענגיגקייט, ווייל דאָס איז קיין מאָל ניט געווען איהר אידעאל. די אונאָפּהענגיגקייט איז געווען דער אידעאל פון דער פאר־קאפּיטאליסטישער עפּאָכע, פון דער צייט פון אדעל־הערשאפט. וויל מען, אלזאָ, אז דער פּראָלעטאריאט פון פּוילען זאָל ירש׳ענען דיזען פּראָגראם, איז עס דאָסזעלבע, ווי מען וואָלט וועלען, אז אין מערב־אייראָפּא זאָל דער פּראָלעטאריאט איבערנעמען, למשל, די פרייהייטליכע שטרעבונגען פון דער פעאָ־

דאלער, פאר־קאפיטאליסטישער צייט, די שטרעבונגען, וועלכע האָ־ בען שוין ניט קיין מאטעריעלען גרונט, און דעריבער איז אויך שוין ניטאָ קיין מיטעל זיי דורכצופיהרען אין לעבען, ווייל זיי זיינען שוין לאנג אוועק אין דער פארגאנגענהייט. עס איז קלאָר, אז דאָס איז ניט די אויפגאבע פון פּראָלעטאריאט. ער מוז, פאר־ קערט, אין זיינע שטרעבונגען שטעהן מיט ביידע פיס אויף'ן גרונט פון דער קאפּיטאליסטישער ענטוויקלונג. אין פוילען אָבער מאכט די קאפיטאליסטישע ענטוויקלונג, וואָס האָט געבאָרען דעם פּראָ־ לעטאריאט, אלץ פעסטער און פעסטער די פארבינדונג צווישען פוילען און רוסלאנד. אויב דער פּראָלעטאריאט וועט ארייגשטעלען די אומאָפּהענגיגקייט פון פוילען אין זיין פּראָגראם, וועט ער זיך אוועקשטעלען אנטקעגען דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג. אָט די ענטוויקלונג וועט איהם דאָן ניט העלפען אויסצופיהרען זיינע אויפ־ גאבען, ווי ביז אהער, נאָר פארקערט, זי וועט אויסגראָבען צווישען איהם און זיינע ציעלען אלץ א גרעסערען גרוב. צו זיין לעצטען ציעל — צו דעם סאָציאליזם — וועט דער פּראָלעטאריאט דאָ־ מאָלסט שטעהן מיט'ן רוקען, און אויב ער וועט וועלען זיך אומ־ קערען צום סאָציאליזם מיט'ן פנים, וועט ער דארפען ווייזען דעם רוקען דער אונאָפּהענגיגקייט פון פוילען... דאָס איז ניט דאָס פּראָגראם פון פּראָלעטאריאט, נאָר לויט זיין כאראקטער נאָך א פּראָגראם פון די עכטע רעאקציאָנערע קליינבירגער. אויב דער פּראָלעטאריאט וועט אָננעמען דאָס פּראָגראם, וועט ער ניט, ווי אנדערע מיינען, צונויפנעמען ארום זיך די קליינבירגער, נאָר פאר־ קערט, ער וועט זיך אוועקשטעלען אויף זייער פונדאמענט... די נאָהנטסטע אויפגאבען פון פוילישען פּראָלעטאריאט זיינען די זעלביגע, ווי די אויפגאבען פון דער סאָציאל־דעמאָקראטיע פון אלע לענדער: צו מאכען דעמאָקראטיש אלע איינריכטונגען אין דער מלוכה. אזוי ווי פוילען און רוסלאנד ווערט א י י ן קאפּיטא־ ליסטיש מעכאניזם, ווערט דער פוילישער און רוסישער פּראָלעטא־ ריאט א י י ן ארבייטערקלאס, און זייער נעהענטסטע אויפגאבע איז די פארניכטונג פון דעם צאריזם. דער קאמף פאר פּאָליטישע פרייהייט אין רוסלאנד גיט דעם פוילישען פּראָלעטאריאט די מעג־ ליכקייט ניט נאָר צו שטיצען זיינע אינטערעסען, אלס ארבייטער,

זאָנדערן, קעמפּענדיג פאַר די אויטאָנאָמע פרייהייט פון פּוילען, צו זיין דער שיצער פון דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט"...

דער לאָנדאָנער קאָנגרעס האָט צו דעם פּ. פּ. ס.'שען פאָר־שלאַג נ י ט צוגעשטימט. אנשטאט איהם האָט ער אָנגענומען א גאָרנישט זאָגענדע און צו גאָרנישט פאַרפּליכטענדע רעזאָלוציע, לויט וועלכער יעדע נאַציאָן האָט דאָס רעכט פון זעלבסטבאַשטימונג. דאָס איז געווען דער ערסטער זיעג פון ראָזא לוקסעמבורג איבער דעם פּוילישען סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם.

אין 4 יאָהר אַרום, אויפ'ן אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטי־שען קאָנגרעס אין פּאַריז, האָט זי דער פּ. פּ. ס. געגעבען א צווייטען קלאַפּ. דאַשינסקי, אין נאָמען פון זיין פּאַרטיי, האָט פאָרגעשלאָגען ניט צו אנערקענען די מאַנדאַטען פון דער פּוילישער סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע, וועמעס פיהרערין איז געווען ראָזא לוקסעמבורג. און זי האָט געענטפערט. דאָס איז געווען ניט א פּאַרטיידיגונגס־רעדע, נאָר א גלענצענדע אנקלאַגע געגען דעם סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם. די ווירקונג פון דער רעדע איז געווען אומגעהויער גרויס. די מאַסקען פון דאַשינסקי'ס גענאָסען און פון איהם זעלבסט — דעם דאַמאָלסט אָנגעזעהענסטען קעמפער פאַר וואַהלרעכט אין עסטרייך — זיינען אַרונטערגעריסען געוואָרען. לוקסעמבורג, אונטערשטיצט פון די דעלעגאַטען פון כמעט אַלע לענדער אין אינטערנאַציאָנאַל, הויפּט־זעכליך פון די פראַנצויזען, וועלכע האָבען געוואוסט צו גוט דעם שאָ־דען, וואָס א נאַציאָנאַליסטיש־שאָוויניסטישע מגפה קאָן אָנמאַכען, איז אַרויס פון דעם דועל א פּראָמינענטע פיגור אין דעם אינטער־נאַציאָנאַל.

אין 2 יאָהר אַרום איז זי געוואָרען א מיטגליעד פון דעם אינ־טערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען ביוראָ, פאַרטרעטענדיג אין איהם די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

* * *

ראָזא לוקסעמבורג איז אַריבערגעפאָהרען קיין דייטשלאַנד. די־זע מעגליכקייט האָט זי נעקראָגען דורך א פיקטיווען הייראַט מיט א דייטשען בירגער — גאָר ווי עס פלעגען דאָס אמאָל פּראַקטיצי־רען רוסישע רעוואָלוציאָנערען צוליעב רעוואָלוציאָנערע ציעלען. דאָרטען, אין דייטשלאַנד, האָט זיך פאַר איהר גלייך געעפענט א

גרויסע פעלד פון סאָציאַליסטישער טעטיגקייט — ליטעראַרישער און פראָפּאַגאַנדיסטישער. איין אומשטאַנד האָט געהאָלפען, אז זי זאָל באַלד ווערען פּאָפּולער און איהר נאָמען זאָל ווערען בע־קאַנט אין די ברייטסטע שיכטען אינערהאַלב און אויסערהאַלב פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. אין דייטשלאַנד איז ערשיענען א נייע ריכטונג אין סאָציאַליזם, — א רעפאָרמיס־טישע אין פּראַקטיק, א רעוויזיאָניסטישע אין טעאָריע, — וועלכע האָט זיך באַלד געלאָזט שטאַרק פיהלען אין אלע ספערען פון פּאַר־טיי לעבען און איז געוואָרען א געפאַהר פאַר דעם פּרינציפּיעלען אינהאַלט פון דער פּאַרטיי.

פאַרשיידענע אורזאַכען האָבען די נייע ריכטונג געבראַכט צום לעבען. אייניגע קרייזען אין דייטשען סאָציאַליזם האָבען זיך געפיהלט אָפּגענאַרט אין זייערע האָפנונגען אויף א גיכער סאָציאַ־לער רעוואָלוציע — זיי האָבען ערוואַרט א באַלדיגע מפּלה אויף דער איצטיגער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, און סוף כל סוף האָט זיך ארויסגעוויזען, אז די דאָזיגע אָרדנונג פאַרמעגט נאָך גאָר א גרויסע לעבענסקראַפט. האָבען זיי א מאַך געטאָן מיט דער האַנד אויפ'ן „ענד־ציעל" און וואַרף זיך א וואָרף געטאָן אין די טאָג־טעגליכע קליינע ארבייט. אַנדערע, ווידער, זעהענדיג, ווי דער ארבייטער־קלאַס ווערט אלץ שטאַרקער און שטאַרקער, סיי עקאָנאָמיש, סיי פּאָליטיש — נאָך אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, ווי ער דערגרייכט אומגעהויערע וויכטיגע פאַרבעסערונגען פון ארבייטס־באַ־דינגונגען, ווי ער געהט אָפּט ארויס זיעגרייך אין פּאַרלאַמענטאַ־רישען קאַמף, ווי דער ראַדיקאַלער טייל פון דער בורזשואַזיע איז אין א סך פאַלען גרייט צו מאַכען קאָנצעסיעס, — זעהענדיג דאָס אלץ, האָבען זיי אָנגעהויבען צו גלויבען, אז דער סאָציאַליזם וועט קומען ניט דורך רעוואָלוציע, נאָר דורך עוואָלוציע, ניט דורך רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדאַ און רעוואָלוציאָנערער אַקטיוויטעט פון די ארבייטער־מאַסען, נאָר דורך פּשרות, דורך צוזאַמענאַר־בייטען מיט'ן בעסערען טייל פון דער בורזשואַזיע, דורך געווינסען אויף'ן געביעט פון פּאַרלאַמענטאַריזם, דורך אַן איינדרוקספולען וואַקסען פון דער פּאָליטישער, געווערקשאַפטליכער און קאָאָפּעראַ־טיווער אָרגאַניזאַציע פון פּראָלעטאַריאַט. אייגענטליך, סיי פאַר

איינע, סיי פאַר די אַנדערע איז די פּראַקטישע אַרבייט, די באַוועגונג געוואָרען אַלץ, דער ענד־ציעל — גאָרנישט.

דער טעאָרעטיקער פון דער נייער ריכטונג איז געווען עדואַרד בערנשטיין. אָבער צו באַגרינדען טעאָרעטיש אָט די ריכטונג האָט געהייסען צו ריווידירען מאַרקס'עס טעאָרעטישע ירושה, ווענינ־סטענס „אָפּצוברעכען די שפּיצען" פון דעם מאַרקסיזם „אָפּצוטעמ־פּען זיי", ווי די דייטשע גענאָסען פלעגען זאָגען. און בערנשטיין האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט גאַנץ גרינטליך. אַ שטיין אויף אַ שטיין פון מאַרקסיזם האָט ער ניט געלאָזען ניט־אָנגעריהרט. נאָך דער נבואה פון „קאָמוניסטישען מאַניפעסט", האָט בערנשטיין גע־זאָגט, מוז די צאָהל פון זעלבסטשטענדיגע אונטערנעמונגען ווערען אַלץ קלענער פון טאָג צו טאָג; אין דער אמת'ן זעהען מיר אָבער, אַז זי ווערט גרעסער. מען האָט געמיינט, אַז מיט'ן וואַקסען פון געזעלשאַפטליכען רייכטום ועט זיך אַלץ מעהר פאַרקלענערען די צאָהל קאַפּיטאַליסטען; לאָזט זיך אָבער אויס, אַז דאָס איז ניט ריכטיג, — אויך די צאָהל פון קאַפּיטאַליסטען האָט זיך פאַר־מעהרט. מען האָט געמיינט, אַז דער מיטעל־קלאַס וועט אין גי־כען אין גאַנצען פאַרשווינדען און עס וועט בלייבען פון איין זייט עטליכע קאַפּיטאַליסטען, פון דער אַנדער זייט — די גאַנצע מאַסע אַרבייטער. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז די קליין־בורזשואַ־זיע האָט מעהר נישט ווי געביטען איהר כאַראַקטער, אָבער איז ניט פאַרשוואונדען געוואָרען. מען האָט געהאַלטען פאַר אַ זעלבסט־פאַרשטענדיגע זאַך, אַז עס קומט פאַר אַ גיכע קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל; איז דאָס אָבער ריכטיג נאָר אין אייניגע אינדוסטריע־צווייגען; אין די איבעריגע, ווי אין דער לאַנדווירטשאַפט, למשל, באַמערקט זיך די קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל זעהר ווענינ. און אויך אין דער פּאָליטיק קומט ניט פאָר דאָס, וואָס די מאַרקסיסטען האָבען פאָראויסגעזאָגט: די בורזשואַזיע מוז זיך אָפּזאָגען פון איהרע פּריווילעגיעס, מוז איינפיהרען דעמאָקראַטישע איינריכטונ־גען, אַלע פאָרטגעשריטענע לענדער נעמען אָן אַרבייטער־שוצגעזע־צען, ברייטערען אויס די פאָלקס־רעכט, באַגרענעצען די עקספּלואַ־טאַציע דורכ'ן קאַפּיטאַל — און וואָס מעהר דער פּראָצעס מאַכט זיך מערקבאַר, אַלץ ווענינער ווערט די נויטיגקייט פון אַ רעוואָלו־

ציע. דער פראלעטאריאט קאן איבערנעמען די פאליטישע מאכט אהן א רעוואלוציע: ער דארף נאר ווי געהעריג אויסנוצען די מאכט פון שטאאט געגען דער בורזשואזער געזעלשאפט...

און בערנשטיין קומט צום שלוס, אז די סאציאל־דעמאקראטיע דארף אייגענטליך ניט זיין א ר ע װ א ל ו צ י א נ ע ר ע, נאר א דעמאקראטיש־סאציאליסטישע ר ע פ א ר ם פארטיי.

דער „רעוויזיאניזם“ אדער „בערנשטייניזם“ — אזעלכע נע־מען האט מען געגעבען דער נייער ריכטונג — האט אויפגערודערט די גאנצע פארטיי. די מארקסיסטען האבען אנגענומען די ארויס־פאדערונג און פון זייער זייט אנגעהויבען אן אטאקע געגען דעם „אינוועניגסטען שונא“. ראזא לוקסעמבורג האט גענומען א פרא־מינענטען אנטייל אין דער געגען־אטאקע. אהן איבערטרייבונג קאן מען זאגען, אז אין קאמף געגען דער רעפארמיסטיש־אפארטו־ניסטישער געפאהר האט זי אויפגעטאן מעהר, ווי אירגענד וועל־כער אנדערער איינצעלנער מארקסיסט. צוזאמען מיט קויטסקי'ן, בעבעל'ן, פארווס'ן, מעהרינג'ען און נאך האט זי דורכ־געפיהרט א גלענצענדע קאמפאניע געגען „בערנשטייניזם“. און זי האט ניט פארלאזען דיזען קאמף ביז איהר טויט. מען דארף ניט פארגעסען, אז די רעוויזיאניסטען זיינען געווארען מיט יעדען טאג אלץ חוצפה'דיגער. זיי האבען פשוט אנגעהויבען צו האנדלען מיט פרינציפען: פאר א וואהלרעכט־רעפארם אין פרייסען זיינען זיי געווען גרייט צו באוויליגען דער יונקערשער רעגירונג סאלדא־טען, ביקסען און קאנאנען. אויף אלע שוועריגקייטען, וואס דער ארבייטער קלאס באגעגנט אין זיין אנטייל אין דעם מעכאניזם פון דעם בורזשואזען שטאאט, האבען זיי געוואלט ענטפערען מיט א פולשטענדיגען אונטערגעבען זיך צו די בורזשואזע פאליטיקער. זיי זיינען געגאנגען אזוי ווייט, אז אונטער געוויסע באדינגונגען הא־בען זיי געוואלט אונטערשטיצען די הערשענדע קלאסען און די רעגירונג אין דער קאלאניאלער פאליטיק, אין די מיליטאריסטישע פראיעקטען, אין פארשיידענע אונטערנעמונגען פון צווייפעלהאפ־טען כאראקטער.

לוקסעמבורג האט שארף קריטיקירט די שטעלונג פון די רע־וויזיאניסטען פון'ם שטאנדפונקט פון רעוואלוציאנערען סאציאליזם.

אויף פֿאַרזאַמלונגען, אויף אַלע קאָנגרעסען פון דער פּאַרטיי, אין איהר בראָשורע „סאָציאַלע רעפֿאָרם אָדער רעוואָלוציע?“, אין צאָהלרייכע אַרטיקלען אין דער ברעמענער „בירגער־צייטונג“, אין לייפּציגער „פֿאָלקס־צייטונג“, אין דער „זאַקסישער אַרבייטער־צייטונג“, און אין אַנדערע שריפטען האָט זי ניט אויפגעהערט אויפצואווייזען אויף דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק און אויף די רעוואָלוציאָנערע מיטלען, וואָס מען דאַרף געברויכען, אום צו דערשלאָגען זיך מעהר פּאָליטישע רעכט פֿאַר'ן פֿאָלק, און זי האָט שטענדיג באַטאָנט די נויטיגקייט און אומפֿאַרמיידליכקייט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. זי האָט געהאַלטען פֿאַר דעם וויכטיגסטען מיטעל, כמעט פֿאַר דעם איין־איינציגען, דעם פּאָליטישען גענעראַל־סטרייק, גענויער געזאָגט — דעם מ א ס ע ן ־ ס ט ר י י ק. אין איהם האָט זי געגלויבט, ווי אין אַן אַלמעכטיגען גאָט. די נצחונות פון דעם רוסישען אַרבייטער־קלאַס דורך זיינע פּאָליטישע סטרייקען און די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע האָבען אויף איהר געהאַט אַן אומבאַשרייבליכען איינפֿלוס. זי האָט שטודירט דעם געמאַסען־סטרייק אין דער פּראַקטיק — אין וואַרשאַ, וואו זי איז געקומען גלייך נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע און וואו זי האָט באַצאָהלט פֿאַר דעם דאָזיגען וויזיט מיט אַ לאַנגען זיצען אין טורמע. זי איז געווען איבערצייגט, אַז די וואַהל־רעפֿאָרם אין פּרייסען קאָן מען זיך דערשלאָגען נאָר דורך אַ מאַסען־סטרייק. איבערהויפּט — דורך דער פֿאַראייניגונג פון דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אַקציאָן, אין דער פֿאָרם פון אַ מאַסען־סטרייק, האָט זי געגלויבט, קאָן דער אַרבייטער־קלאַס אויפטאָן וואונדערפּיעל.

י. מילל

# סאָציאַלע רעפאָרם אָדער רעוואָלוציע

(„אַנטי־בערנשטײן“)

(דער װיכטיגסטער טײל פון דעם פּאָלעמישען בוך קעגען עדוארד בערנשטײן'ס בוך „די פאָרויסזעצונגען פון סאָציאַליזם און די אויפגאַבען פון דער ס.־ד.“)

# פ א ר װ א ר ט.

דער לעזער װעט זיך געװיס חדוש'ן אויפ'ן טיטעל פון דער בראָשורע. סאָציאַלע רעפאָרם אָדער רעװאָלוציע. קאָן דען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זיין געגען סאָציאַלע רעפאָרמען? און װי קאָן זי אװעקשטעלען איהר ענד־ציעל — די סאָציאַלע רעװאָלוציע, די ענדערונג פון דער היינטיגער סאָציאַלער אָרדנונג — װי א געגענזאַץ צו סאָציאַלע רעפאָרמען? געװיס ניט. דער טאָג־טעגליכער פּראַקטישער קאַמף פאַר סאָציאַלע רעפאָרמען, פאַר דעמאָקראַטישע איינריכטונגען, — א קאַמף װאָס שטרעבט צו פאַרבעסערען די לאַגע פון'ם ארבייטער קלאַס אויפ'ן באָדען פון די היינטיגע באַדינגונגען — אזא קאַמף איז פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דער איינציגער װעג פון פּראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמף אריינצוקריגען די פּאָליטישע מאַכט, און אין גאַנצען צו פאַרניכטען די סיסטעם פון לוין־שקלאַפעריי. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האַלט, אז סאָציאַלע רעפאָרמען און סאָציאַלע רעװאָלוציע זיינען זעהר ענג צוזאַמענגעבונדען. דערביי איז דער קאַמף פאַר סאָציאַלע רעפאָרמען ניט מעהר װי א מיטעל אינ'ם קאַמף פאַר דער סאָציאַלער איבערקערעניש, װאָס איז, בפירוש, טאַקע דער ציעל.

אין זיין בוך „פאָראויסזעצונג פון סאָציאַליזם", האָט עדואַרד בערנשטיין דער ערשטער אװעקגעשטעלט אָט די צװיי שטרעמונגען פון דער ארבייטער באַװעגונג איינע געגען דער אנדערער. דער פּראַקטישער פועל־יוצא פון דער גאַנצער טעאָריע זיינער איז, ניט מעהר און ניט װייניגער, אז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זאָל זיך אָפּזאָגען פון דער סאָציאַלער איבערקערעניש, און באַטראַכטען די סאָציאַלע רעפאָרמען, ניט װי א מיטעל אינ'ם קלאַסען־

קאַמף, נאָר דוקא ווי זיין ענד־ציעל. בערנשטיינען אליין האָט זיך איינגעגעבען אַמשאַרפּסטען אויסצודריקען זיין שטאַנדפּונקט אין די פאָלגענדע ווערטער: „דער ענד־ציעל, וואָס ער זאָל ניט זיין, איז ביי מיר ווערט אַ ציבעלע, דער עיקר איז די באַוועגונג.“

נאָר אַזוי ווי דער חלוק צווישען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע אָדער בורזשואַזען ראַדיקאַליזם איז דאָך נאָר אין דעם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל, און אַזוי ווי נאָר אָט דער ענד־ציעל פאַרהיט די אַרבייטער־באַוועגונג פון דער אַרויסגעוואָרפענער אַרבייט צו פאַרריכטען און פאַרלאַטען די קאַפּי־טאַליסטישע אָרדנונג, נאָר, אדרבא, ער פיהרט זי צום קלאַסען־קאַמף נעגען דער דאָזיגער אָרדנונג, כדי זי איינגאַנצען צו פאַרניכטען, דערפאַר איז די פראַגע: „סאָציאַלע רעפאָרם אָדער רעוואָלוציע“ פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פונקט אַזאַ פראַגע, ווי לעבען אָדער שטאַרבען.“ אין דער פאָלעמיק געגען בערנשטיינען און זיין חברותא איז דער ויכוח ניט וועגען דעם אָדער יענעם קאַמף־מי־טעל, ניט וועגען דער אָדער אַן אַנדער טאַקטיק, נאָר טאַקע וועגען עצם־עקזיסטענץ פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בכלל. דאָס מוז זיין קלאָר פאַר יעדען פאַרטיי־מיטגליעד.

יעדען, וואָס איז נאָר אויבערפלעכליך באַקאַנט מיט בערנ־שטיינ'ס טעאָריע, וועט אַזאַ ערקלערונג אויסקומען אַ גוזמא. רעדט דען בערנשטיין ניט אויף טריט און שריט וועגען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און איהרע אויפגאַבען? און חזר'ט ער דען ניט אָפט איבער, אפילו מיט עקשנות, אַז ער שטרעבט צום סאָציאַליסטישען ענד־ציעל, נאָר אין אַן אַנדער פאָרם? און שטרייכט ער דען ניט אונטער, אַז ער איז אין גאַנצען איינשטימיג מיט דער טאָג־טעגלי־כער טאַקטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע? יאָ, דאָס אַלעס איז טאַקע אמת. עס איז אָבער אויך אמת, אַז יעדע נייע טעאָריע ווי יעדע נייע פּאָליטישע ריכטונג, איז, אין אָנפאַנג, זיך סומך אויף דער אַלטער טעאָריע, כאָטש זי איז איינגאַנצען איהר היפוך. די נייע טעאָריעס נוצען אפילו די זעלבע שפּראַך, ביז זיי געפינען די פּאַסיגע נייע פאָרמען. מיט דער צייט אָבער באַפרייט זיך דאָס נייע קערענדעל פון דער אַלטער שאָלעכץ, און די נייע ריכטונג זוכט אָפּ איהרע אייגענע פאָרמען און איהר אייגענע שפּראַך. ווער עס

ערוואַרט, אַז די געגנער פון'ם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם זאָ־
לען, גלייך פון אָנפאנג, קלאָר, דייטליך און קאָנסעקווענט ארויס־
ווייזען זייער תוך, און אָפען און שאַרף באַקעמפּען דעם טעאָרעטי־
שען פונדאַמענט פון סאָציאַליזם, דער אונטערשאַצט די באַדייַ־
טונג פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. ווער עס וויל אָי
שם'ען אַלס סאָציאַליסט, אָי ערקלערען קריעג דער טעאָריע פון
מאַרקס'ן, אָט דעם גראַנדיעזען טריאומף פון'ם מענשליכען פאַר־
שטאַנד אין אונזער יאָהרהונדערט, — יענער מוז אָנפאַנגען פון אַן
הכנעה'דיגען קניען פאַר איהר, אַליין זיך ערקלערען פאַר איינעם
פון איהרע חסידים, און דעם אייגענעם שטאַנדפּונקט באַצייכענען
אַלס איהר ווייטערע ענטוויקלונג. דערפאַר טאָרען די אויסערליכע
פאָרמען פון בערנשטיינ'ס טעאָריע קיינעם ניט פאַרפיהרען, און
טאַקע דערפאַר איז אַזוי נויטיג צו דערקלערען איהר עצם, איהר תוך
פאַר די ברייטע קרייזען פון'ם אינדוסטריעלען פּראָלעטאַריאַט, פאַר
די מיטגליעדער פון אונזער פאַרטיי. די ערקלערונג, אַז טעאָרעטישע
ויכוחים זיינען די זאַך פון „אַקאַדעמיקער" איז די גרעסטע באַליי־
דיגונג פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט. קיין גרעסערע קאָן מען ניט צוטראַכ־
טען. לאַסאַל האָט נאָך געזאָגט: „ווען די וויסענשאַפט און די
ארבייטער — אָט די צוויי עקסטרעמען פון אונזער געזעלשאַפט —
וועלען זיך ענדליך פאַראייניגען, וועלען זיי אַרומכאַפּען מיט זייערע
אָרעמס אַלע קולטורעלע אינטערעסען." דער גאַנצער כח פון דער
היינטיגער ארבייטער־באַוועגונג ליגט נאָר אין איהר טעאָרעטישער
באַגרינדונג.

פאַר'ן ארבייטער איז דאָפּעלט וויכטיג צו באַגרייפען די פראַגע
טעאָרעטיש, ווייל דאָס איז דאָך די פראַגע וועגען זיין ווירקונג אויף
דער באַוועגונג, דאָס באַריהרט דאָך זיינע לעבענס־אינטערעסען. די
טעאָרעטיש־געשליפענע אָפּאָרטוניסטישע שטרעמונג, וואָס בערנ־
שטיין האָט אריינגעבראַכט אין דער פאַרטיי, איז ניט מעהר ווי אַ
אומבאַוואוסטזיניגע שטרעבונג צו פאַרזיכערען דעם בכבוד'יגסטען
פּלאַץ פאַר די קליין־בירגערליכע עלעמענטען, וואָס האָבען זיך אָן
איהר אָנגעשלאָסען, אַ שטרעבונג צוצופּאַסען די טאַקטיק און די
ציעלען פון דער פאַרטיי צו אָט די קליין־בירגערליכע עלעמענטען.
די פראַגען וועגען סאָציאַלע רעפאָרמען אָדער רעוואָלוציע, וועגען

דער באַוועגונג און דעם ענד־ציעל זיינען גלייכצייטיג פראַגען וועגען דעם קליין־בירגערליכען אָדער פּראָלעטאַרישען כאַראַקטער פון דער אַרבייטער־באַוועגונג.

צוליעב זייערע אייגענע אינטערעסען מוזען די פּראָלעטאַרישע מאַסען פון דער פּאַרטיי זיך אַריינוואַרפען, מיט׳ן גאַנצען ברען, אין די טעאָרעטישע ויכוחים וועגען אָפּאָרטוניזם. כל זמן דאָס טעאָרעטישע וויסען איז די פּריווילעגיע פון אַ גרופּע פּאַרטיי־אַקאַדעמיקער, ריזיקירט אָפּט די פּאַרטיי אַראָפּצוגעהן פונ׳ם אמת׳ן וועג. און נאָר ווען די ברייטסטע אַרבייטער קרייזען וועלען זיך באַוואָפענען מיט׳ן געוועהר פון וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם — וועלען די קליין־בירגערליכע און אָפּאָרטוניסטישע שטרעמונגען אין דער פּאַרטיי אין גאַנצען פאַרגעסען ווערען. ערשט דעמאָלט וועט די באַוועגונג קריגען אַ פעסטען באָדען. די אַרבייטער מאַסען וועלען אַזאַ באָדען באַשאַפען.

בערלין. ראָזאַ לוקסעמבורג.

## 1. די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג און דער סאָציאַליזם.*)

דער גרעסטער געווינס פאר'ן פּראָלעטארישען קלאסען־קאמף איז געווען דאָס, וואָס טאקע אין די עקאָנאָמישע באדינגונגען פון דער קאפּיטאַליסטישער אָרדנונג, האָט ער ענטדעקט די יסודות פונ'ם קומענדיגען סאָציאַליזם. דורך אָט דער ענטדעקונג איז דער סאָציאַליזם געוואָרען, פון א אידעע, וואָס האָט שטענדיג ארומגעשוועבט ערגעץ אין די הימלען, א היסטאָרישע נויטווענדיגקייט. בערנשטיין איז אין ספק צי ס'איז גאָר דאָ אזא נויטווענדיקייט אין די באדינגונגען פון דער הייגטיגער קאפּיטאַליסטישער געזעלשאפט. ער ווייזט דערביי ארויס א מאָדנעם גאנג אין זיין דענקען. ער פאנגט אָן מיט ספקות אין דעם שנעלען גאנג פון דער קאָנצענטראציע אין דער אינדוסטריע. די מאטעריאַלען, וואָס ער באנוצט דערביי זיינען ארויסגענומען פון דער דייטשער אינדוסטריעלער סטאטיסטיק פון די יאָהרען 1882-1895. ער וויל מיט דער סטאטיסטיק אָנווייזען אויף דער לעבעדיגקייט פון דער מיטעלער פּראָדוקציע. כדי אָבער צו דערגרייכען זיינע צוועקען, מוז ער אָט די מאטעריאַלען בעארבייטען מעכאניש און נאָר אַלגעמיין, ניט גענוי. אָבער אפילו אונטער אזעלכע, פאר איהם גינסטיגע, באדינגונגען, שאדט ער אויך ניט דעם טיעפען אנאַליז פון מארקס'ן. ווייל מארקס נעמט ניט פאר זיין אויסגאנגס־פּונקט קיין באשטימטען טעמפּאָ פון דער קאָנצענטראציע. ער באשטימט ניט קיין צייט

*) דער אנאַליז פון בערנשטיינ'ס בוך: „די פּאָראויסזעצונגען פון סאָציאַליזם און די אויפגאַבען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע." (שטוטגאַרט, 1899. ארויסגעגעבען פון י. ה. וו. דיעטץ.)

פאַר דער פאַרווירקליכונג פונ׳ם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל. אויך גלויבט ניט מארקס, אז דער קליין־קאפיטאל, אָדער בעסער גע־זאָגט, די קליין־בורזשואזיע, מוז אבסאָלוט פארשווינדען, כדי דער סאָציאַליזם זאָל קענען פארווירקליכט ווערען.

אין זיין בוך ברייננט בערנשטיין נייע ראיות פאר דער ווייטערער ענטוויקלונג פון זיינע אנזיכטען: די סטאטיסטיק פון די אקציען־געזעלשאפטען. אָט די ראיות דארפען פעסטשטעלען, אז די צאָהל פון אקציאָנערען האלט אין איין וואקסען, און, פארשטעהט זיך, דער קאפיטאליסטען־קלאַס פארקלענערט זיך ניט, נאָר, אדרבא, ער פארגרעסערט זיך. עס איז פשוט א חידוש ווי ווייניג בערנשטיין אין באהאוועגט אינ׳ם מאטעריאל פון דער אנגעלעגענהייט און ווי ווייניג ער איז געווען ביכולת איהם אויסצונוצען פאר זיינע אייגענע צוועקען!

בערנשטיין וואָלט געדארפט ברייננען גאנץ אנדערע ציפערן, כדי עטוואָס צו שעדיגען דער טעאָריע פון מארקסען וועגען דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע. ווער ס׳איז נאָר באקאנט מיט דער געשיכטע פון די אקציען־געזעלשאפטען ווייס, אז בדרך־כלל פארקלענערט זיך דער דורכשניטליכער גרונד־קאפיטאל, וואָס נעמט זיך אָן אויף איין אונטערנעמונג. דער גרונד־קאפיטאל פאר איין אונטערנעמונג ביז׳ן יאָהר 1871 איז געווען 108 מילל. מארק.

אינ׳ם יאָהר 1871 — — — — 4.1 מיליאָן מארק.
״ ״ 1873 — — — — 3.8 ״ ״
אין די יאָהרען 1883—1887 — — ווייניגער ווי 1 מיל. מארק
אינ׳ם יאָהר 1891 — — — — 0.95 מיליאָן מארק
״ ״ 1892 — — — — 0.62 ״ ״

פונ׳ם יאָהר 1892 וואקעלט זיך דער קאפיטאל און האלט זיך ניט ווייט פון דער נאָרמא: 1 מיל. מארק. אין 1895 האָט ער געהאלטען ביי 1.78 מיל. מארק. און ארום סעפטעמבער 1897 זיך אראָפּגעגליטשט נאָך א מאָל ביז 1.19 מיל. מארק.

גאָלדענע ציפערען! בערנשטיין וואָלט זיכער אויף זיי אויפגעבויט א גאנצע קאָנטר־מארקסיסטישע טעאָריע וועגען דער טענדענץ פון גרויסע אונטערנעמונגען צוריק אריבערצוגעהן אין קליינע אונטערנעמונגען. יעדער וואָלט איהם אָבער געקענט דארויף ענט־

פּערען: „אויב איהר ווילט עטוואָס באַווייזען מיט אָט דער סטאַטיסטיק, דאַרפט איהר פריהער באַווייזען, אַז זי, די סטאַטיסטיק, באַציהט זיך אויף איינע און די זעלביגע אינדוסטריע־צווייגען. דערנאָך וועט איהר דאַרפען באַווייזען, אַז די קליינע אונטערנעמונגען שפּאַרען ארויס די פריהערדיגע, די גרויסע. אַניט וועט עמיצער קומען און טענה׳ן, אַז זיי פּרובּפּערען און מעהרען זיך גראָד דאָרט, וואו עס איז ביז איצטער איבערהויפּט ניט געווען קיין אונטערנעמונגען, אָדער דאָרט, וואו עס זיינען נאָר געווען קליינינקע האַנטווערק אונטערנעמונגען. דאָס וועט זיך אייך אָבער ניט איינגעבען צו באַווייזען, ווייל דער איבערגאַנג פון די כלומר׳שטע גרעסטע אקציען־אונטערנעמונגען אין מיטעלע און אין קלענערע ערקלערט זיך דערמיט, וואָס די אַקציען־געזעלשאַפטען פאַרכאַפּען אַלץ מעהר נייע אינדוסטריע־צווייגען. און אויב פריהער האָבען זיי זיך צוגעפּאַסט צו אַ גאַנץ קליינער צאָהל פון די גרעסטע אונטערנעמונגען, פּאַסען זיי זיך איצטער צו צו מיטעלע און אפילו קלענערע אונטערנעמונגען. (איצט זיינען שוין דאָ אַקציען־געזעלשאַפטען מיט אַ קאַפּיטאַל פון טויזענט מאַרק און נאָך ווייניגער.)

וואָס פאַר אַ באַדייטונג פאַר דער פאָלקס־ווירטשאַפט האָט אַזאַ שטאַרקע פאַרשפּרייטונג פון אַקציען־געזעלשאַפטען? דאָס באַדייט אַ וואַקסענדע פאַרגעזעלשאַפטליכונג פון דער פּראָדוקציאָן אין דער קאַפּיטאַליסטישער פאָרם — אַ פאַרגעזעלשאַפטליכונג ניט נאָר פון דער גרויסער פּראָדוקציע, נאָר אויך פון דער מיטעלער און אפילו פון דער קליינער. אָט דער פּראָצעס ווידערשפּרעכט ניט דער טעאָריע פון מאַרקס׳ן, אדרבא, ער באַפעסטיגט זי אויפ׳ן בעסטען אופן.

וואָרים, באמת, אויף וואָס האַלטען זיך די אַקציען־געזעלשאַפטען אַלס אַן עקאָנאָמישע ערשיינונג? פון איין זייט אויף דער פאַראייניגונג פון אַ סך קליינע געלט־קאַפּיטאַלען אין איין פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל, ד. ה., אין איין ווירטשאַפטליכער איינהייט. פון דער צווייטער זייט דאַרויף, וואָס דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס ווערט אָפּגעטיילט פון דעם געלט־אייגענטום. דערפון זעהען מיר, אַז די אַקציען־געזעלשאַפטען האַלטען זיך אויף אַ צווייפאַכען נצחון איבער׳ן קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן און דערביי בלייבען

זיי דאָך ביי די קאַפּיטאַליסטישע באַציהונגען. וואָס זשע באַדייט איצטער בערנשטיינ'ס סטאַטיסטיק מכח דער גרויסער צאָהל אַק־ציאָנערען, וואָס באַטייליגען זיך אין יעדער אַקציאָן־אונטערנעמונג? בערשטיינ'ס סטאַטיסטיק ווייזט, פּשוט, אַז יעדע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונג געהערט איצט, ניט ווי אַמאָל, צו איין אייגענטי־מער נאָר צו אַ גאַנצער רייהע אייגענטימער, וואָס וואַקסט אין צאָהל. אויך ווייזט די סטאַטיסטיק, אַז דער עקאָנאָמישער באַגריף „קאַ־פּיטאַליסט" האָט שוין איצט מעהר ניט די זעלביגע באַדייטונג, ווי דאָס וואָרט „מענש". דער מאָדערנער „קאַפּיטאַליסט" איז אַ שם־הכולל און נעמט אַריין הונדערטער און אַפילו טויזענטער מענשען. איצט איז דער באַגריף „קאַפּיטאַליסט" אַ באַגריף פון פאַרגעזעל־שאַפטליכונג. ער האָט זיך, הייסט עס, סאָציאַליזירט, נאָך ביי די היינטיגע קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגען.

ווארום־זשע זעהט בערנשטיין אין די אַקציען־געזעלשאַפטען אַ צובּרעקלונג פון קאַפּיטאַל און ניט די קאָנצענטראַציע? ווארום זעהט ער די פאַרשטאַרקונג פון פּריוואַט־אייגענטום דאָרטען, וואו מאַרקס זעהט זיין אונטערגאַנג? דער תירוץ ליגט אין אַ גאַנץ פּשוט'ען וואולגאַר־עקאָנאָמישען פעהלער: בערנשטיין באַצייכענט מיט דעם וואָרט „קאַפּיטאַליסט" ניט קיין פּראָדוקציאָנס־עלעמענט אָדער צושטאַנד, נאָר דאָס רעכט אויף אייגענטום, ניט קיין עקאָנאָ־מישע איינהייט, נאָר אַ געזעלשאַפטליכע. דאָס וואָרט קאַפּיטאַל באַדייט ביי איהם געלט־אייגענטום. דערפאַר זעהט ער אין דעם באַוועל־טראַסט, וועמען ער דערמאָנט אין זיין בוך, ניט קיין פאַר־אייניגונג פון די 12 טויזענט 3 הונדערט מענשען אין איין גאַנ־צעס, נאָר 12 טויזענד און דריי הונדערט קאַפּיטאַליסטען. און טאַקע דערפאַר איז ביי איהם דער אינזשינער שולץ, וועמען זיין שווער מיללער האָט געשענקט אַ היבשע צאָהל אַקציעס, אויך אַ קאַפּיטאַליסט, און איבעראַל שווייבעלט און גריבעלט ביי איהם מיט קאַפּיטאַליסטען. *)

---

*) בערנשטיין, ווייזט אויס, זעהט אין דער שטאַרקער פאַרשפּריי־טונג פון קליינע אַקציעס דעם שפּעד־שטראָם פון געזעלשאַפטליכען רייכ־טום פליסען גלייך צו די „קליינינקע מענשעלאַך". ווארום באמת, ווער וואָלט געקויפט אַקציעס, וואָס באַטרעפען מעהר ניט ווי איין פונט סטער־

נאָר אויך דאָ איז דער וואולגאַר־עקאָנאָמישער פעהלער ביי בערנשטיינען אַ טעאָרעטישער באָדען צו פאַרפלאַכען דעם סאָציאַליזם. ער טראַגט איבער דעם באַגריף „קאַפּיטאַל“ פון די פּראָדוקציאָנס־באַציהונגען אין אייגענטום־באַציהונגען און רעדט וועגען „מענשען“ דאָרט, וואו ער דאַרף רעדען וועגען אונטערנעמער. ממילא טראָגט ער שוין איבער די פראַגע וועגען סאָציאַליזם פון דער סביבה פון פּראָדוקציאָנס־באַציהונגען אין אַ סביבה פון פאַרמעגענס־באַציהונגען. פון דעם געגענזאַץ צווישען ארבייט און קאַפּיטאַל ווערט ביי איהם אַ געגענזאַץ צווישען אָרעמע און רייכע.

אָט אזוי זיינען מיר ב"ה צוריקגעקומען פון מאַרקס'ן און ענגעלס'ן צום מחבר פון „דער תורה פון אַן אָרעמען בעל־חטא“. דער חלוק איז נאָר, וואָס וויטלינג, מיט זיין פּראָלעטאַרישען אינסטינקט, האָט אין דעם פאַרגלייך צווישען אָרעם און רייך באַגריפען דעם קלאַסען־געגענזאַץ אין זיין פּרימיטיווער פאָרם, און דורך דעם געוואָלט אויפהויבען און פאַרשטאַרקען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, בערנשטיין אָבער נוצט דעם פאַרגלייך אויס כדי צו מאַכען די אָרעמע — רייך, בעסער געזאָגט, ער פאַרטעמפּט די קלאַסען־געגענזאַצען. אָט אזוי בויט ער זיינע סאָציאַליסטישע האָפנונגען.

אמת, בערנשטיין ציהט ניט זיין טעאָרעטישע יניקה פון דער איינקונפט־סטאַטיסטיק אַליין. ער באַטראַכט אויך די אינדוסטריע סטאַטיסטיק פון אַ סך לענדער. למשל: די סטאַטיסטיק פון

---

לינג אָדער 20 מאַרק, אויסער דעם קליין־בירגער אָדער אַרביטער? נאָר אַזאַ סברה, צום באַדויערען, שטאַמט פון אַ פאַלשער רעכענונג. דאָ ווערט דערמאָנט די נאָמינאַלע פּרייז פון די אַקציעס און ניט די מאַרק פּרייז. און צווישען די 2 פּרייזען איז דאָ אַ גרויסער חלוק. אויפ'ן מאַרק, למשל, וואו מען פאַרקויפט מינען־אַקציעס, איז דער נאָמינאַלער פּרייז, ווי אין די מיינסטע פעלע, 1 פונט סטערלינג אָדער צוואַנציג מאַרק. איצט איז זייער פּרייז אָבער געשטיגען ביז 43 פונט סטערלינג אָדער 860 מאַרק. אזוי האַלט דאָס במעט אומעטום. די קליינע אַקציעס הגם דעמאָקראַטיש אין נאָמען זיינען צוגענגליך נאָר פאַר מיטעלער בורזשואַזיע אָבער באין אופן ניט פאַר דער קליין בורזשואַזיע. על אחת כמה וכמה זיינען אָט די אַקציעס ניט קיין וועקסלען אויפ'ן געזעלשאַפטליכען רייכטום פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט, ווייל נאָר אַ גאַנץ קליינער טהייל פון די אַקציאָנערען קענען די אַקציעס קויפען פאַר דער נאָמינאַלער פּרייז.

דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד, שווייץ, עסטרייך און די פאַראיי־ניגטע שטאַאַטען. אָבער ווי אַזוי נוצט ער אויס אָט די סטאַטיס־טיק? ער פאַרגלייכט ניט די סטאַטיסטישע ציפערען פון פאַר־שיידענע צייטען אין איין און דעם זעלבען לאַנד, נאָר בינדט צו־זאַמען די ציפערען פון איין באַשטימטען מאָמענט אין פאַרשיידענע לענדער. וועגען דייטשלאַנד הזר׳עט ער איבער זיינע סברות, גע־בויט אויף אַ פאַרגלייך פון די ציפערען אַרויסגענומען פון די אינ־דוסטריעלע פאָלקס־צעהלונגען פון די יאָהרען 1895—1882. אוי־סער דייטשלאַנד, פאַרגלייכט ער נאָר די אבסאָלוטע ציפערען פון פאַרשיידענע לענדער (פון ענגלאַנד אין 1891, פון פראַנקרייך אין 1894, פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען אין 1890 א. אז. וו.) ער קומט צום שלוס, „אַז הגם די גרויס־פּראָדוקציע פאַרנעמט פאַקטיש דעם גרעסטען פּלאַץ אין דער אינדוסטריע, נעמט זי אָבער ניט אַריין מעהר ווי האַלב פון דער באַפעלקערונג אפילו אין אַזאַ אינ־דוסטריעל ענטוויקעלטען לאַנד ווי פּרייסען — אפילו ווען מען רעכענט צו אַלע אינדוסטריע־צווייגען, וואָס האָבען עטוואָס אַ שייכות מיט דער גרויס־פּראָדוקציע.“ אָט דעם אייגענעם צושטאַנד קאָן מען אויך באַמערקען אין אַלע אַנדערע טיילען פון דייטשלאַנד, אין ענגלאַנד, בעלגיום א. אז. וו.

בערנשטיין וויל דערמיט, ווייזט אויס, צייגען די אבסאָלוטע קראַפט און גרויס פון די פאַרשיידענע פּראָדוקציאָנס־פאָרמען און פאַרשיידענע קלאַסען, און אויפדעקען די האָפנונגסלאָזיגקייט פונ׳ם סאָציאַליזם. דאָס הייסט, אַז ער זוכט ניט אין דער סטאַטיסטיק די טענדענץ פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, נאָר בויט אויף דער טעאָריע, אַז אינ׳ן קאַמף פון פאַרשיידענע סאָציאַלע שטרע־בונגען שפּיעלט די גרעסטע ראָל די פיזישע קראַפט, און אַלעס ווענדעט זיך אָן דער גרויס פון אָט דער פיזישער קראַפט. אָט דאָ פאַלט בערנשטיין אַריין און פאַרפּלאָנטערט זיך, נעבעך, אין דער גרעבסטער פאָרם פון בלאַנקיזם, אויף וועלכען ער אַליין שיט שטענ־דיג שוועבעל און פעך. דער חילוק צווישען בערנשטיינען און די בלאַנקיסטען איז דאָס, וואָס די בלאַנקיסטען זיינען די פאָרשטע־הער פון דער סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זיי טראָגען זיך ניט אַרום מיט קיין ספקות וועגען דער עקאָנאָמי־

שער מעגליכקייט צו פאַרווירקליכען דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל. דאָס איז ביי זיי אַ זעלבסטפאַרשטענדליכע זאַך, און זיי בויען זייערע האָפנונגען, אַז אַ רעוואָלוציע, אפילו פון אַ מינדערהייט, זאָל זיך אויף איינגעבען. בערנשטיין אָבער פּלפּול'ט און חקירה'ט אויס די עקאָנאָמישע **אונמעגליכקייט** פונ'ם סאָציאַליזם דערפון, וואָס ס'איז ניטאָ קיין גענוגענדע פאָלקס־מעהרהייט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אָבער, לייגט ווייניג האָפנונג סיי אויף דער קראַפט פון אַ זיעגרייכער מינדערהייט, סיי אויף דעם נצחון פון דער מעהרהייט. די הויפּט ראָלע שפּיעלט דאָ די עקאָנאָמישע נויטווענדיגקייט און דער באַוואוסטזיין פון אזא נויטווענדיגקייט. און אָט די נויטווענדיגקייט אַנטפּלעקט זיך אין דער קאַפּיטאַליסטישער אַנאַרכיע און פיהרט צו דער פאַרניכטונג פונ'ם קאַפּיטאַליזם דורך די פאָלקס־מאַסען.

וואָס ס'איז שייך צו דער אַנאַרכיע אין דער קאַפּיטאַליסטישער בעל־הבית'ישקייט, לייקענט בערנשטיין נאָר אין די גרויסע אַלגעמיינע קריזיסען, אָבער ניט אין די קליינע, נאַציאָנאַלע. ער איז מודה, הייסט עס, אין דער קליינער אַנאַרכיע, און לייקענט נאָר אין דער גרויסער. אין דער פראַגע וועגען דער קאַפּיטאַליסטישער בעל־הבית'ישקייט, פאַלט בערנשטיין אריין אין דער אייגענער לאַגע (לאָמיר ברייגגען אַן אויסדרוק פון מאַרקס'ן) פון יענער נאַרישער מיידעל, וואָס האָלט איהר קינד אויף די הענט און פאַרטיידיגט זיך דערמיט, „אַז עס איז דאָך נאָר אַ ברעקעלע". צום באַדויערען, זיינען ערשיינונגען, ווי, למשל, אַנאַרכיע, פאַטאַל פאַר דער געזעלשאַפט סיי ווי, צי זיי זיינען גרעסער אָדער קלענער. בערנשטיין איז דאָך יאָ מסכים, אַז אַ ביסעל אַנאַרכיע עקזיסטירט, וועט שוין דער סחורה־מעכאַניזם פון דער היינטיגער פּראָדוקציע באַזאָרגען די אַנאַרכיע מיט דער נויטיגער גרויס, אפילו ביז צו אַ קאַטאַסטראָפע. אויב אָבער בערנשטיין האָפט אויפצובויען אַ האַרמאָנישען צושטאַנד אויפ'ן באָדען פון דער היינטיגער סחורה פּראָדוקציע און מיט דער צייט, בהדרגא, פאַרניכטען די קליינע אַנאַרכיע — פאַלט ער ווידער אריין אין אַן ערנסטען טעות פון דער בורזשואזער וואולגאַרער עקאָנאָמיע. זיין טעות באַשטעהט אין דעם, וואָס ער באַטראַכט דעם אויסטויש־אויפן גאַנץ זעלבסטשטענ־

דיג, ניט אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן פּראָדוקציאָנס־אופן. *) דאָ איז גראַדע ניט דאָס אָרט זיך אָפּצושטעלען אויף דעם גוואַלדיגען „פאַרבייטען די יוצרות“ פון די עלעמענטאַרע כללים פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, מיט וואָס מען באַגעגענט זיך אַזוי אָפט אין בערנשטיינ'ס בוך. מען דאַרף אָבער אין קורצען באַלייכטען איין פּונקט, וואָס איז ענג צוזאַמענגעבונדען מיט דער הויפּט־פראַגע פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנאַרכיע.

בערנשטיין ערקלערט, אַז די ווערט־טעאָריע פון מאַרקס'ן איז אַ פּשוט'ע אַבסטראַקציע, אַז זי איז אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע ניט מעהר ווי אַ „זידעל־וואָרט“. נאָר אויב די ווערט־טעאָריע איז ניט מעהר ווי אַן אָבסטראַקציע, „הוילע רוחניות“ — האָט דאָך יעדער אָרענטליכער בירגער, וואָס האָט זיך „אויסגעדיענט“ און איינגעצאָהלט זיינע ציגזען, דאָס זעלביגע רעכט ווי קאַרל מאַרקס פון יעדען „נעכטיגען טאָג“ זיך איינשאַפען אַן אַבסטראַקטען באַגריף, ד. ה., אַ געזעץ וועגען דעם מהות פון ווערט. „ווייל נאָך אַלעמען האָט דאָך מאַרקס אויך אַ רעכט וועניג אויפמערקזאַמקייט צו שיינקען דעם אינערליכען וועזען פון אַ סחורה, איהרע איינגנשאַפטען,

---

*) בערנשטיין ענטפערט דוקא באריכות אויף אייניגע פּונקטען פון אונזערע ערשטע קאַפּיטלען, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין דער „לייפּציגער פאָלקסצייטונג“. נאָר זיין ענטפער אַנטפּלעקט אָבער זיין צוטומעלטקייט. ער שלאָגט אָפּ אונזער אַטאַקע אויף זיין סקעפּטישער באַציהונג צו קריזיסען דערמיט, וואָס מיר לעגען בלומרש'ט אָפּ די טעאָריע פון מאַרקס'ן וועגען קריזיסען אויף דער צוקונפט. דאָס איז אָבער אַן אייגענער און גאַנץ־פרייער פירוש אויף אונזערע ווערטער, ווייל מיר זאָגען, אַז אַ רעגעלמעסיגע מעכאַנישע צייט־אָרדנונג פון די קריזיסען קען נאָר פאָרקומען ביי אַ פאָלקאָם־ענטוויקעלטען וועלט־מאַרק. מכח דעם אינהאַלט פון דער טעאָריע פון מאַרקס'ן וועגען קריזיסען, האָבען מיר געזאָגט, אַז דאָס איז דער איינציגער פּתרון, ערקלערענדיג וועגען דעם מעכאַניזם און אינערליכע עקאָנאָמישע אורזאַכען פון אַלע באַאָבאַכטעטע קריזיסען.

נאָך מאָדנער זיינען בערנשטיין'ס ענטפערס אויף אַנדערע פּונקטען פון אונזער קריטיק. מיר טענה'ן, אַז די קאַרטעלען קענען ניט, צוליעב זייער אייגענעם מהות, אַריינטראָגען קיין שום אָרדנונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער אַנאַרכיע. די צוקער־אינדוסטריע איז אַ גלענצענדער ביישפּיעל דערצו. זיי, די קאַרטעלען, רופען אַרויס נאָך אַ שטאַרקערע קאָנקורענץ אויף דעם וועלט־מאַרק. דאַרויף ענטפערט בערנשטיין, אַז דאָס איז

צו זיין מעהר ניט ווי די פארקערפערונג פון איינפאכער מענשליכער ארבייט. מארקס האט דאך דאס זעלבע רעכט פון בעם־באווערק'ס און דזשעוואנס'עס שולען, וואס שינדען אזוי ארום די מעלות פון א סחורה, אז עס בלייבט מעהר ניט איבער ווי די אבסטראקטע נוצליכקייט.״

דערפון זעהען מיר, אז מארקס'עס „געזעלשאפטליכע ארבייט" און מענגער'ס אבסטראקטע „נוצליכקייט" זיינען אבסטראקציעס ביידע אין דער זעלביגער מאס. בערנשטיין האט, ווייזט אויס, פארגעסען, אז די אבסטראקציע פון מארקס'ען איז ניט קיין ערפינדונג, נאר אן ענטדעקונג. ער האט פארגעסען, אז זי האט עקזיסטירט ניט נאר אין מח פון מארקס'ן, נאר אין דער סחורה־פראדוקציאן גופא, און, אז די אבסטראקציע איז ניט קיין פאנטאזיע, נאר א ראיעלע זאך, אויף אזוי פיעל ראיעל, אז מען קאן זי שניידען, קאווען, וועגען און גיסען אין מטבעות. די אבסטראקטע מענשליכע פראצע, וואס מארקס האט ענטדעקט, איז, אין איהר

---

טאקע אמת, נאר די שארפערע צוקער־קאנקורענץ האט דערפאר, אין ענגלאנד, ארויסגערופען א גרויסע פאבריקאציע פון „מארמעלאד" און „אייגעמאכץ" (זייטע 78). אזא ענטפער שמעקט מיט דער אייגענער לאגיק ווי, למשל, די איבונגען פון אלענדארף'ס ערשטען לערנ־בוך פאר זעלבסטבילדונג: „דער ארבעל איז קורץ, נאר דער שוך איז שמאל. דער פאטער איז הויך און די מוטער שלאפט".

אזוי לאגיש ענטפערט בערנשטיין אויף אונזער באווייז, אז דער קרעדיט קען ניט זיין קיין מיטעל צוצופאסען דעם קאפיטאליזם צו דער היינטיגער פראדוקציאן, אזוי, אז ער זאל סוף כל סוף באזייטיגען די אנארכיע. אויף דעם ענטפערט בערנשטיין, אז דער קרעדיט האט אויך קאנסטרוקטיווע מעלות און מארקס אליין האט זיי אויך אנערקענט. פאר די, וואס שטעהען אויף'ן שטאנדפונקט פון מארקס'ן, און זוכען טאקע אין די באדינגונגען פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציע יענע סבות, וואס וועלען מיט דער צייט ברייגגען די סאציאליסטישע ארדנונג — פאר זיי, איז דאס גאר קיין נייעס ניט. אין אונזער ויכוח שטעהט די פראגע אזוי: צו וועלען די פאזיטיווע מעלות פונ'ם קרעדיט פארניכטען די אנארכיע פון דער איצטיגער פראדוקציע, ווי בערנשטיין גלויבט, אדער, פארקעהרט, זיי וועלען זי פארשטארקען? דאס, וואס בערנשטיין ווייזט אן שעפפערישע אייגענשאפטען פונ'ם קרעדיט איז מעהר ניט ווי א טעארעטישע מאנעוור זיך ארויסצודרעהען פונ'ם ויכוח אין גאנצען.

ענטוויקעלטער פאָרם, געלט. אָט די ענטדעקונג איז גראָד איינע פון די געניאַלסטע עקאָנאָמישע ענטדעקונגען, וואָס מארקס האָט געמאַכט. פאַר דער גאַנצער בורזשואַזער פּאָליטישער עקאָנאָמיע איז דער סודות׳פולער מהות פון געלט אַ בוך אונטער זיבען חתימות.

פאַרקעהרט, די אַבסטראַקטע „נוצליכקייט" פון בעם־באַווערק׳ן און דזשעוואָנס׳ן איז, באמת, עפּעס אַ איידעלע מאַטעריע, פונ׳ם געדאַנק אַרויסגעזויגען, בעסער געזאָגט, אַ ניט־דורכגעטראַכטע טעמפּקייט. קיין געזעלשאַפט איז פאַר אָט דער טעמפּקייט ניט פאַראַנטוואָרטליך. דאָס איז אַ פּועל יוצא פון דער בורזשואַזער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. מיט אַזאַ „אַבסטראַקציע" אין מח וועלען בערנשטיין, בעם־באַווערק און דזשעוואָנס און זייער גאַנצע כאַליאַסטרע זיך ברעכען זייערע קעפּ איבער דער סודות־פולער פראַגע וועגען געלט נאָך אַ 20 יאָהר. זיי וועלען אָבער קיין אַנדער ענטפער ניט געפינען ווי דעם, וואָס יעדער שוסטער ווייס שוין פון לאַנג, אָהן זיי אויך, אַז געלט איז אַ „נוצליכע" זאַך.

בערנשטיין האָט פאַרלאָרען די פעהיגקייט צו באַגרייפען אפילו די ווערט־טעאָריע פון מארקס׳ן. ווער אָבער ס׳איז נאָר אַ ביסעל באַקאַנט מיט דער סיסטעם פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע פון מארקס׳ן יענעם מוז קלאָר זיין, אַז אָהן דער ווערט־טעאָריע וואָלט מען די גאַנצע סיסטעם ניט פאַרשטאַנען. קאָנקרעט גערעדט, אָהן אַ קלאָרען באַגריף וועגען דעם מהות פון אַ סחורה און וועגען אויסטויש, וואָלט די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט פאַר אונז געוועזען אַ טיעפער סוד. וואָס זשע איז דאָס פאַר אַ צויבער־שליסעלע, וואָס שליסט אויף טיר און טויער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג און לאָזט אַרויס אַלע איהרע ערשיינונגען אַזוי אַז מארקס זאָל שפּיעלענדיג קאָנען פאַרענטפערען אַלע פראַגען, פראַגען וועגען וועלכע די גרעסטע קלאַסישע בורזשואַזע מחות האָבען אפילו קיין אהנונג ניט געהאַט? אָט דאָס שליסעלע איז דער בליק, וואָס באַטראַכט די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט אַלס היסטאָרישע ערשיינונג. אָט דער בליק שפּרייט זיך ניט נאָר הינטער אונז, וואוהין די קלאַסישע פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט איהם געווענדט, נאָר פאַרלויפט אַ היבשע שטרעקע פאָראויס. אָט דער בליק באַציהט זיך, ניט נאָר צו דער נאַטור־ווירטשאַפט, וואָס ליגט וויי־

ווייט הינטער אונז, נאָר אויך צו דער צוקינפטיגער סאָציאַליס־טישער געזעלשאַפט. דער סוד פון דער ווערט־טעאָריע פון מאַרקס'ן, פון זיין אַנאַליז פון געלט און פון זיין טעאָריע וועגן קאַפּיטאַל, ליגט אין דעם, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט מוז קראַכן, און אויף איהרע רואינען מוז אויפגעבויט ווערען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג. טאַקע דערפאַר, וואָס מאַרקס האָט באַ־טראַכט די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג ווי אַ סאָציאַליסט, ד. ה., פון'ם היסטאָרישען שטאַנדפּונקט, איז איהם געלונגען זיך פאַנאַנ־דער צוקלייבען אין איהרע סודות. טאַקע דערפאַר, וואָס אין זיין אַנאַליז פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט האָט זיך מאַרקס גע־שטעלט אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון'ם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, האָט זיך איהם איינגעגעבען וויסענשאַפטליך צו באַגרינדען דעם סאָציאַליזם.

און איצט קאָן מען פאַרשטעהן בערנשטיין'ס טענות צום „דואַליזם, וואָס ציהט זיך דורך ווי אַ רויטער פאָדים דורך דעם גאַנצען מאָנומענטאַלען ווערק, וואָס מאַרקס האָט געשאַפען.“ „דער דואַליזם באַשטעהט אין דעם, וואָס מאַרקס וויל פעסטשטעלען אַ פאַראויס פאַרטיגען מעזים, איידער זיין אויספאָרשונג האָט זיך געענדיגט. אין דעם סאַמע פונדאַמענט פון זיין ווערק זעהט מען שוין יענע סיסטעם, וואָס דאַרף ערשט קומען אין אַ צייט אַרום. דאָס וואָס מאַרקס קומט צוריק צום „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“ (ד. ה. אין דעם פאַל צו דעם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל — אַ באַמערקונג פון'ם מחבר), איז אַ קלאָרער און דייטליכער באַווייז פון'ם אוטאָפּיזם אין דער סיסטעם פון מאַרקס'ן“ (זייט 177).

דאָך איז דער „דואַליזם“ פון מאַרקס'ן ניט מעהר ווי דער דואַליזם פון דער סאָציאַליסטישער צוקונפט און דער קאַפּיטאַליס־טישער געזעלשאַפט, דער דואַליזם פון קאַפּיטאַל און אַרבייט, פון דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט. ער שטעלט מיט זיך פאָר די פונדאַמענטאַלע וויסענשאַפטליכע אָפּשפּיגלונג פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפטליכער צווייאייניגקייט, פון די בורזשואַזע קלאַסען־געגענזאַצען.

און ווען בערנשטיין דערשמעקט די שיריים פון אוטאָפּיזם אין דעם טעאָרעטישען „דואַליזם“, איז ער דערמיט אַליין זיך מודה,

נאַאיוו זיך מודה, אַז ער לייקענט אין דעם היסטאָרישען דואַליזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אַז ער לייקענט אָפּ די קלאַסען־געגענזעצען, און אַז דער סאָציאַליזם גופא איז ביי איהם ניט מעהר ווי אַ שטיק אוטאָפּישע שיריים, ר"ל. בערנשטיינ'ס מאָניזם איז דער מאָניזם פון אַ פאַראייביגטער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, דער מאָניזם פון אַ סאָציאַליסט, וואָס האָט פאַרגעסען זיין ענד־ציעל און זעהט דעם סוף פון דער מענשליכער ענטוויקלונג אין אַ שטענדיגער בורזשואַזער געזעלשאַפט.

בערנשטיין זעהט ניט די צווייאיגקייט אין דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דעם קאַפּיטאַליזם. דערפאַר וואַרפט ער זיך צום אידעאַליזם כדי צו ראַטעווען די סאָציאַליסטישע פּראָגראַם. דערפאַר בייט ער איבער דעם סאָציאַליזם, וואָס איז אין תוך אַ פּאַזע פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג אויף אַן אַבסטראַקטען פּרינציפּ. דער „שותפות־פּרינציפּ", מיט וועלכען בערנשטיין פאַרבט אַזוי צו די היינטיגע קאַפּיטאַליטישע אָרדנונג, איז ניט מעהר ווי אַן הנחה צו זיין אייגענער סאָציאַליסטישער פאַרגאַנגענהייט, ניט קיין הנחה פון זיין בורזשואַזער טעאָריע צו דעם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל.

## 2. דעמאָקראַטיע אין דעם פּאָליטישען און עקאָנאָמישען לעבען.

מיר האָבען געזעהן, אַז בערנשטיינ'ס סאָציאַליזם וויל געבען די אַרבייטער אַ צוטריט צו דעם געזעלשאַפטליכען רייכטום, אַז ער וויל רייך מאַכען די „אָרימע לייט". ווי אַזוי אָבער וועט אַזאַ נס געשעהן? אין זיינע אַרטיקלען „די פּראָבלעמען פונ'ם סאָציאַליזם", געדרוקט אין דער „נייער צייט", האָט בערנשטיין נאָר אין איילעניש געענטפערט אויף אָט דער פראַגע. אין זיין בוך אונטער דעם זעלבען נאָמען גיט ער שוין אַ גענויערען ענטפער. דער סאָציאַליזם וועט, לויט זיין מיינונג, פאַרווירקליכט ווערען גלייכצייטיג אויף צוויי וועגען: דורך די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען, אָדער, ווי בערנשטיין רופט עס, דורך דער עקאָנאָמישער דעמאָקראַטיע און דורך אַסאָציאַציעס. דורך די ערשטע וויל ער באַהערשען דעם אינדוסטריעלען רווח, דורך די צווייטע — דעם האַנדעלס־רווח (זייט 118).

וואס איז שייך צו די אסאציאציעס, און פאר אלעמען, צו די פראדוקטיווע געזעלשאפטען זיינען זיי דאך באמת ניט מעהר ווי א טומטום, רחמנא לצלן, אין דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט, ד. ה., ביז א געוויסען גראד א סאציאליזירטע פראדוקציאן מיט א קאפיטאליסטישען אויסטויש. דער אויסטויש באהערשט אבער די פראדוקציאן אין א קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, און צוליעב דער קאנקורענץ קאן א אונטערנעהמונג מצליח זיין, נאר ווען זי איז מקיים „מצות עקספלואטאציע" מיט אלע פליטערלאך. וויסענשאפטליך גערעדט, ווען די אינטערעסען פון קאפיטאל באהערשען דעם פראדוקציאנס־פראצעס. פראקטיש פיהרט דאס צו א גרעסערער אינטענסיוויטעט, אפט צו פארלייגערען אדער פארקירצען דעם ארבייטס־טאג אין איינקלאנג מיט די צושטענדען אויף דעם מארק. עס ברייגנט אפט צו דער צוציהונג אדער אפשטויסונג פון ארבייטס־קראפט, צום ארויסשליידערען די ארבייטער אין די גאסען, קורץ גערעדט, אין דער פראקטיק ווענדען די פראדוקטיווע געזעלשאפטען אן דיזעלבע מעטאדען, וואס העלפען ארויס די קאפיטאליסטען אין זייער קאנקורענץ. א פראדוקטיווע געזעלשאפט צווינגט די ארבייטער זיך אליין צו פארוואלטען לויט דער ערגסטער פארם פון אבסאלוטיזם, כאטש דאס איז א טיעפער ווידערשפרוך. זי שפיעלט די ראלע פון א קאפיטאליסטישען אונטערנעמער אין איהר שייכות צו א צווייטער געזעלשאפט. צוליעב אט דעם גענענזאץ געהען די פראדוקטיווע געזעלשאפטען לאיבוד, אדער זיי ווערען קאפיטאליסטישע אונטערנעמונגען, און דארט, וואו די אינטערעסען פון די ארבייטער שפיעלען די הויפט־ראלע, ווערען זיי גאר צופאלען. אט די פאקטען דערמאנט בערנשטיין אליין. ער פארשטעהט זיי אבער ניט און גלויבט, ווי פרוי פאטטער־וועבב, אז די אורזאכע פון זייער אונטערגאנג ליגט אין דעם מאנגעל פון „דיסציפלין". אט די דיסציפלין איז טאקע באמת דער נאטירליכער אבסאלוטער רעזשים פון קאפיטאליזם. די ארבייטער קאנען צו זיך אליין אזא רעזשים ניט אנווענדען.

דערפון שטאמט דער שלום, אז די פראדוקטיווע געזעלשאפטען וואלטען געקאנט עקזיסטירען, אפילו אין דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט, ווען זיי זאלען נאר קאנען אויסמיידען דעם אי־

נערליכען געגענזאַץ צווישען דעם פּראָדוקציאָנס־אופן און דעם אופן פון אויסטויש, ווען זיי זאָלען קאָנען אויסמיידען דעם געזעץ פון פרייער קאָנקורענץ. דאָס וואָלט אָבער מעגליך געוואָרען נאָר, ווען די פּראָדוקטיווע געזעלשאַפטען באַזאָרגען זיך מיט אַ מאַרק פון שטענ־דיגע קאָנסומער. אַזאַ הילפס־מיטעל איז פאַר זיי די קאָנסום־געזעלשאַפטען. און טאַקע אין דעם, ניט אין קיין אַנדער זאַך, ליגט יענער סוד וואָס אַ זעלבסטשטענדיגע פּראָדוקטיווע געזעל־שאַפט מוז פאַלען און נאָר אַ קאָנסום־געזעלשאַפט קאָן פאַרזיכערען איהר עקזיסטענץ, יענער סוד, וואָס בערנשטיין זוכט.

נאָר אויב די עקזיסטענץ־מעגליכקייט פון די פּראָדוקטיווע געזעלשאַפטען, אין דער היינטיגער אָרדנונג, איז פאַרבונדען מיט דער עקזיסטענץ פון די קאָנסום־געזעלשאַפטען איז שוין ממילא געדרונגען, אַז אין בעסטען פאַל קאָנען די פּראָדוקטיווע געזעל־שאַפטען נאָר ניצליך זיין פאַר דעם אָרטיגען און אומווייכטיגען מאַרק. אויף אַזאַ אופן מוזען זיי נאָר פּראָדוצירען אַ קליינע צאָהל פּראָדוקטען און נאָר אַרטיקלען פאַר'ן געברויך. אַלע הויפּט צוויי־גען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן: די וועב, קוילען און אויל־אינדוסטריען, מאַשינען, שיף און לאָקאָמאָטיוו־פאַבריי־קען ווערען לכתחילה אויסגעשלאָסען פון דער טעטיגקייטס־סביבה פון די קאָנסום־געזעלשאַפטען און ממילא פון דער טעטיגקייטס־סביבה פון די פּראָדוקטיווע געזעלשאַפטען. אויף אַזאַ אופן זיי־נען די פּראָדוקטיווע געזעלשאַפטען ניט פּאַסיג איינגעפיהרט צו ווערען אַלס אַן אַלגעמיינע רעפאָרם. ראַשית, צוליעב זייער צוויי־ענדיגען כאַראַקטער, צווייטענס, ווייל צוליעב זייער אַלגעמיינער אָנווענדונג אינ'ם לעבען איז נויטיג פריהער פאַרניכטען דעם וועלט־מאַרק און פאַרוואַנדלען די גאַנצע היינטיגע אַל־וועלטליכע ווירט־שאַפט אין קליינינקע פּראָדוקטיווע און אויסטויש־גרופּען. אַזאַ רעפאָרמע וואָלט געוועזען אַ „השיבנו נאַזאַד" פון דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער בעל־הבית'ישקייט צו דער מיטעל־אַלטערליכער קליינער פּראָדוקציע.

און אַפילו אין דער אַטמאָספערע, וואו די פּראָדוקטיווע געזעל־שאַפטען קאָנען שוין יאָ עקזיסטירען, מוזען זיי, אויפ'ן באָדען פון דער היינטיגער אָרדנונג, שפּיעלען די ראָל פון אַ צוגאָב נאָר צו די

קאָנסום־געזעלשאפטען, וועלכע מוזען ווערען די הויפט־טרעגער פון דער געפלאַנטער רעפאָרם. א סאָציאלע רעפאָרם דורך אזעלכע געזעלשאפטען באריהרט ווינציג־וואָס דעם פּראָדוקטיווען קאפּיטאל, אָדער, בעסער געזאָגט, דעם רוקען־ביין פון דער היינטיגער קאַפּיטאליסטישער ווירטשאפט. ער באריהרט נאָר דעם האנדעלס־קאפּיטאל, אי דאָס אויך נאָר דעם קליינינקען, לאחדים־האנדעל, ד. ה., די קליינע פארצווייגונגען פון דער קאפּיטאליסטישער אָרדנונג.

מיר האָבען אויך אָנגעוויזען, אז די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען זיינען ניט קיין ווירקענדער קאמפּס־מיטעל געגען פּראָדוקטיווען קאפּיטאל. די ארבייטער וועלען דורך אָט די פאראיינען ניט ווירקען אויף דעם פּראָדוקציאָנס־אופן, אויף זיין גרויס אָדער טעכניק.

און וועגען דער ריין־עקאָנאָמישער זייט פון אָט דער פראגע, ד. ה., וועגען „דעם קאמף צווישען שכירות און פּראָפיטען", ווי בערנשטיין דריקט זיך אויס, האָבען מיר שוין אָנגעוויזען, אז דער נצחון אויף דער אָדער יענער זייט איז אין גאנצען אָפּהענגיג פון'ם שכירות־געזעץ. דער קאמף קומט דאָך ניט פאָר ערגעץ אין די הימלען און ער פארניכטעט ניט דעם שכירות־געזעץ, אדרבא, ער פארווירקליכט איהם. דער ענין ווערט נאָך קלערער, ווען מען קוקט אויף איהם פון אן אנדער זייט, און מען שטעלט אוועק די פראגע מכח די פונקציעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען.

בערנשטיין זאָגט, אז די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען שפּיעלען די ראָל פון'ם קאמפּס־אוואנגארד פון'ם ארבייטער קלאס, אין זיין קאמף פאר באפרייאונג, און אז זיי וועלען ענדליך איינשלינגען די פּראָפיטען. מיר גלויבען אָבער, אז די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען קאָנען ניט אָנפיהרען קיין אגרעסיווען קאמף. לויט זייער נאטור זיינען זיי אן אָרגאניזירטער וועהר־מיטעל געגען דעם אָנפאל פון די פּראָפיטען און א באשיצונג פון דעם ארבייטער קלאס געגען די פארשקלאפענדע טענדענציעס פון דער קאפּיטאליסטישער ווירטשאפט. צוויי אורזאכען פיהרען דערצו.

ראשית, ווירקען די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען דורך זייער אָרגאניזאציע אויף דעם אָנבאָט פון ארבייטער אויפ'ן מארק און אויף אזא אופן פארהעכערען זיי זייער מארק־פּרייז. די אָרגאני־

זאציע ווערט אָבער געהינדערט אין איהר ארבייט דורך דער שטענ־דיגער פראָלעטאריזאציע פון קליינבירגערטום. דאָס קליינע ביר־גערטום שטעלט שטענדיג צו נייע שיכטען פון פראָלעטאריאט צום מארק.

צווייטענס, ווילען די פראָפעסיאָנעלע פאראיינען פארבעסע־רען דעם וואוילזיין פון זייערע מיטגליעדער און פארגרעסערען זייער חלק אינ׳ם געזעלשאפטליכען רייכטום. נאָר אָט דער חלק מוז זיך אַלץ פארקלענערען, עס זאָל אפילו דונערען און בליצען, צוליעב דעם וואוקס פון דער פראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט. דאָס קאָן מען פארשטעהן אפילו ווען מען איז ניט קיין מארקסיסט, אבי נאָר מען האָט איין מאָל אין האנט געהאלטען ראדבערטוס׳עס ווערק, „די באלייכטונג פון דער סאָציאַלער פראגע.“

אזוי זעהען מיר, אז די פראָפעסיאָנעלע באוועגונג איז אַן ארבייט, ווי, למשל, אויסשעפען דעם ים מיט א רעשעטע. שולדיג אין דעם זיינען, פארשטעהט זיך, אויסערליכע, אָביעקטיווע באדינגונגען. אמת, אָט די ארויסגעוואָרפענע פראצע איז א נויטיגע זאך, כדי דער ארבייטער זאָל בכלל קאָנען קריגען באשטימטע שכירות, לויט די באדינגונגען פונ׳ם מארק. אָט די פראצע איז אויך נויטיג כדי דער שכירות געזעץ זאָל פארווירקליכט ווערען און כדי אָט די פארשקלאָפענדע טענדענץ פון דער קאפיטא־ליסטישער ענטוויקלונג זאָל פאראליזירט ווערען אָדער כאָטש אָפגע־שוואכט ווערען. נאָר אויב מיר ווילען דורך די פראָפעסיאָנעלע פאר־איינען איינשלינגען דעם גאנצען פראָפיט מוזען מיר פאר אַלעמען אָפטאָן אַן אנדער שטיקעל ארבייט. מיר מוזען אָפשטעלען די פראָלע־טאריזאציע פון דער קליינער בורזשואזיע און דעם וואוקס פון דעם ארבייטער קלאַס. דער צווייטער תנאי איז איינגעשלאָסען אין דעם אָפהאַלט פון דער אינטענסיוויטעט אין דער ארבייט. דער פועל יוצא דערפון וואָלט אויך דאָ, פונקט ווי ביי דער פראגע ווענען די פראָדוקטיווע געזעלשאפטען, געווען א פאָרשלאָג אומצוקערען זיך צו דער פאָר־קאפּיטאליסטישערווירטשאפט.

בערנשטיינ׳ס ביידע מיטלען דורכצופיהרען די סאָציאַלע רע־פאָרם, ד. ה., די פראָדוקטיווע געזעלשאפטען און די פראָפעסיאָנעלע פאראיינען טויגען אין גאנצען ניט פאר דער אויפגאבע. דורך זיי קאָן

מען ניט ענדערען דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן. בערנ־שטיין אליין פיהלט דאס, און קוקט אויף זיי, ווי אויף איינפאכע מיטלען ארייצוכאפען א ביסעל פון די קאפיטאליסטישע פראפי־טען און באגליקען, באר״כערען די ארבייטער. דערמיט אליין זאגט זיך בערנשטיין אפ פון דעם קאמף געגען דעם קאפיטאליסטי־שען פראדוקציאנס־אופן, און וויל, אז די סאציאל־דעמאקראטישע באוועגונג זאל גאר קעמפען געגען דער סיסטעם פון דער קאפיטא־ליסטישער פארטיילונג. אין עטליכע פלעצער באצייכענט בערנ־שטיין זיין סאציאליזם ווי א שטרעבונג צו א „יושר'דיגער", „מעהר־יושר'דיגער" און „גאר יושר'דיגער" פארטיילונג.

אמת, דעם ערשטען שטויס צו דער סאציאל־דעמאקראטישער באוועגונג קריגען די ארבייטער, אם־ווייניגסטען, די ברייטע פאלקס־מאסען דורך דער „ניט־יושר'דיגער" פארטיילונג אין דער קאפיטאליטישער ארדנונג. ווען די סאציאל־דעמאקראטיע קעמפט פאר דער פארגעזעלשאפטליכונג פון דער גאנצער ווירט־שאפט, שטרעבט זי, זעלבסטפארשטענדליך, צו א „יושר'דיגער" פארטיילונג פון דעם געזעלשאפטליכען רייכטום. לויט דער טעא־ריע פון מארקס'ן שטאמט יעדער אופן פון פארטיילונג פון איהר באשטימטען פראדוקציאנס־אופן. דערפאר שטרענגט די סאציאל־דעמאקראטיע אן אלע איהרע קרעפטען, ניט צו באקעמפען די פאר־טיילונג אין דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן, נאר צו פארניכ־טען די סחורה־פראדוקציאן בכלל. קורץ גערעדט, די סאציאל־דע־מאקראטיע שטרעבט איינצופיהרען דעם סאציאליסטישען אופן פון פארטיילונג דורך דעם קאמף צו פארניכטען דעם קאפיטאליסטי־שען פראדוקציאנס־אופן. בערנשטיין אבער וויל נאר קעמפען גע־גען דעם קאפיטאליסטישען אופן פון פארטיילונג און האפט דורך דעם איינצופיהרען דעם סאציאליסטישען פראדוקציאנס־אופן.

וואו ליגט אבער דער יסוד פאר אזא סאציאליסטישער רע־פארם, וואס בערנשטיין פלאנט? אפשר אין די טענדענצען פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציע? זיכער ניט. ווייל ראשית לייקענט בערנשטיין, אז אזעלכע טענדענצען עקזיסטירען גאר. צווייטענס קומט ביי איהם אויס, אז דער געוואונשטער פראדוק־ציאנס־אופן איז אליין א רעזולטאט און ניט קיין אורזאכע פון דער

פּאַרטיילונג. ממילא קאָן שוין בערנשטיינ'ס סאָציאַליזם ניט האָבען קיין עקאָנאָמישע באַגרינדונג. ער שטעלט אַוועק אי די ציעלען אי די מיטלען פון סאָציאַליזם מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. אַזאַ אָפּשניט קריגען ביי איהם די עקאָנאָמישע באַציהונגען, קאָן ער שוין, דערפאַר, ניט אויסנוצען דעם מאַטעריאַליזם צו באַגרינדען זיין פּראָגראַם און מוז אָנקומען צום אידעאַליזם.

„צוליעב וואָס דאַרף מען גאָר באַגרינדען דעם סאָציאַליזם מיט דער עקאָנאָמישער נויטווענדיגקייט?“ שרייבט ער. „צוליעב וואָס דעגראַדירען דעם פאַרנונפט, דאָס רעכטס־באַוואוסטזיין און דעם מענשליכען ווילען? *) מילא, ווער דער סאָווערענער ווילען, וואָס וואַרפט זיך ניט אונטער קיין עקאָנאָמישער נויטווענדיגקייט אַליין איינפיהרען אַ „יושר'דיגע“ פּאַרטיילונג.“ אַזוי גלויבט בערנשטיין. אָדער בעסער געזאָגט, אַזוי ווי דער ווילען אַליין איז ניט מעהר ווי אַ מיטעל, אין דעם פאַל, פון דעם באַוואוסטזיין פון גערעכטיגקייט וועט אָט די יושר'דיגע פּאַרטיילונג קומען מיט'ן רבין'ס כח, מיט'ן כח פון דער גערעכטיגקייטס־אידעע.

ענדליך זיינען מיר צוגעקומען צום פּרינציפּ פון יושר — צו יענעם אַלטען פערדעל, אויף וועמען אַלע רעפאָרמער רייטען. זיי רייטען אויף דעם פּשוט דערפאַר, וואָס זיי האָבען ניט קיין אַנדער היסטאָרישע שטופּ־קראַפט. דאָס איז דער זעלביגער אויסגעדאַרטער ראָסינאַנט, אויף וועמען אַלע היסטאָרישע דאָן־קיכאָטען לאָזען זיך אַרויס אין וועג צו זוכען וועלט־רעפאָרמען, און קומען סוף־כל־סוף מיט ליידיגע הענט.

די פאַרבינדונג פון די אָרימע מיט די רייכע, אַלס דער געזעלשאַפטליכער פונדאַמענט פון דעם סאָציאַליזם, דער „שותפות־פּרינציפּ“, אַלס זיין אינהאַלט, אַ „יושר'דיגע“ פּאַרטיילונג, אַלס זיין ציעל, און די אידעע פון גערעכטיגקייט אַלס דער איינציגער היסטאָרישער הכשר פון דעם סאָציאַליזם! צוריק מיט 50 יאָהר ווען וויטלינג איז אַרויסגעקומען מיט אָט דעם מין סאָציאַליזם, איז אין איהם זיכער געווען מעהר קראַפט, מעהר באַגייסטערונג, מעהר גלאַנץ!

*) „פאָרווערטס“, 26טען מאַרטש, 1899.

אמת, דער גאונ׳ישער שניידער האט נאך דעמאלט ניט געוואוסט וועגן דעם וויסענשאפטליכן סאציאליזם. גאנצע 50 יאהר זיינען פאראיבער. מארקס און ענגעלס האבן אויף שטיק־שטיקלאך צוקלאפט יענע וועלטאנשויאונג. צונויפשטוקעווען פון אט די טראנטעס א בגד און עס אונטערטראגן דעם דייטשען פראלעטאריאט, אלס דאס לעצטעווארט פון וויסענשאפט — דערצו דארף מען טאקע א שניידער... אבער שוין ניט קיין גאון.

די עקאנאמישע פאראויסזעצונג פון בערנשטיינ׳ס טעאריע זיינען די די פראפעסיאנעלע פאראיינען און די אסאציאציעס, און די הויפט פאליטישע שטיצע איהרע איז די פראגרעסירענדע דעמאקראטיע. די איצטיגע רעאקציע איז ביי איהם עפעס א מין ספאזמע, ר״ל, אן איבערגעהענדע ערשיינונג. דערמיט דארף מען זיך ניט באשעפטיגען, מען דארף זיך דארויף אפילו ניט אפשטעלען, ווען מען באטראכט די אלגעמיינע ריכטונג פון דער פראלעטארישער באוועגונג. דא איז, פארשטעהט זיך ניט די פראגע ווי לאנג וועט די רעאקציע דויערען לויט בערנשטיינ׳ס מיינונג. אט די מיינונג זיינע איז דאך געבויט אויף מינדליכע און שריפטליכע פארזיכערונגען פון זיינע פריינד. ניט וועגען דעם איז דא די פראגע, נאר וועגען דעם, אין וואס פאר אן אביעקטיווען צוזאמענהאנג איז די דעמאקראטיע מיט׳ן ווירקליכען געזעלשאפטליכען פראגרעס בכלל.

בערנשטיין קוקט אויף דער דעמאקראטיע, ווי אויף אן אומפארמיידליך און נויטווענדיג טרעפעל אין דער ענטוויקלונג פון דער היינטיגער געזעלשאפט. נאך מעהר, די דעמאקראטיע איז ביי איהם אין די אויגען, ווי ביי אלע בורזשואזע טעארעטיקער פון ליבעראליזם, א גרויסער געזעץ פון דעם היסטארישען פראגרעס בכלל. כדי אט דעם געזעץ צו פארווירקליכען איז כדאי איינצושפאנען אלע אקטיווע קרעפטען פון דעם פאליטישען לעבען. אזא אבסאלוטע פארם שטעלט אבער ניט פאר די לאגע ריכטיג. דאס איז א קליין־בירגערליכע פארפלאכונג פון די רעזולטאטען פון דער בורזשואזער ענטוויקלונג, וואס פארנעמט מעהר ניט ווי א קליין ווינקעלע אין דער געשיכטע, סך הכל א 25-30 יאהר. ווען מען קוקט זיך צו א ביסעל נעהנטער צו דער פאליטישער געשיכטע פון

קאַפּיטאַליזם און צו דער ענטוויקלונג פון דער דעמאָקראַטיע אין דער געשיכטע, קומט מען צו א גאַנץ אַנדער רעזולטאַט.

דעמאָקראַטיע באַגעגענט מען אויף פאַרשיידענע שטופען פון געזעלשאַפטליכען פּראָגרעס: אין דער פאָרהיסטאָרישער קאָמוניסטישער קהילה, אין דער מלוכה פון שקלאַפען־אייגענטימער פון׳ם אַלטערטום און וויעדער אַמאָל אין די שטאָדטיגע קהילות פון מיטעל־אַלטער. פונקט אזוי זעהען מיר דעם אבסאָלוטיזם און די באַגרענעצטע מאָנאַרכיע אונטער פאַרשיידענעווירטשאַפטליכע באַציהונגען. פון דער אַנדערער זייט, באַשאַפט דער קאַפּיטאַליזם, ווען ער איז נאָך אין די וויקעלאַך, אַלס סחורה־פּראָדוקציאָן, א ריין־דעמאָקראַטישע געזעצגעבונג אין די שטאָדטישע קהילות. שפּעטער אין זיין מעהר ענטוויקעלטער פאָרם, אין דער מאַנופאַקטור־פּראָדוקציע, פּאַסט זיך דער קאַפּיטאַליזם אם־בעסטען צו צו דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע. אם ענדע, אין זיין פאָלקאָם ענטוויקעלטער אינדוסטריעלער פאָרם, רופט ער אַרויס, אָט — די דעמאָקראַטישע רעפּובליק (1793), אָט — די אבסאָלוטע מאָנאַרכיע פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען. נאָכדעם פיהרט דער קאַפּיטאַליזם איין די אַריסטאָקראַטישע מאָנאַרכיע פון דער רעסטאָראַציע (1815-1830), די בורזשואַזע קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע פון לואי פיליפּ׳ן, נאָך א מאָל א דעמאָקראַטישע רעפּובליק, און נאָך א מאָל א מאָנאַרכיע, דאָס מאָל פון נאַפּאָלעאָן דעם 3טען און לסוף צום דריטען מאָל א דעמאָקראַטישע רעפּובליק, וואָס ווייזט אוים דערלעבט, ווידער אַמאָל, איהרע לעצטע טעג.*)

אין דייטשלאַנד איז די איינציגע דעמאָקראַטישע איינריכטונג — דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט — ניט קיין עראָבערונג פון בורזשואַזען ליבעראַליזם. דאָס וואַהל־רעכט איז דאָרטען א געוועהר פּאָליטיש צונויפצוגיסען די קליינע מלוכות. דאָס וואַהל־רעכט איז טאַקע באַגרענעצט און האָט זיין באַדייטונג אין דער ענטוויקלונג פון דער דייטשער בורזשואַזיע, וואָס איז, אגב, גאַנץ גוט צופריע־

*) דאָס איז געשריבען געוואָרען אין 1899, ווען די פראַנצויזישע רעפּובליק איז וויקליך געווען אין א גרויסער סכנה. (איבערזעצער׳ס באַמערקונג).

דען מיט דער האַלב־פעאָדאַלער קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע. אין רוסלאַנד צובליהט זיך גאַנץ פיין דער קאַפּיטאַליזם אונטער דער זעלבסטהערשונג, און מאַכט אַפילו ניט דעם אָנשטעל, אַז ער שטרעבט צו דעמאָקראַטיזם. אין עסטרייך איז דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט ניט מעהר ווי אַ שטריק צוגעוואָרפען דער מאָנאַרכיע, וואָס האָט געהאַלטען אין דערטרונקען ווערען; ווי ווייט דאָס וואַהל־רעכט דאָרטען איז פון אמת'ער דעמאָקראַטיע קאָן מען זעהן פון דעם 14טען פּאַראַגראַף פון דער עסטרייכישער קאָנסטיטוציע, וואָס גיט דאָס רעכט דער רעגיערונג צו רעגיערען אָהן דעם הסכם פון פּאַרלאַמענט, עס פאַרשטעהט זיך, אין וויכטיגע פאַלען נאָר. די דעמאָקראַטישע ערָאָבערונג פון בעלגישען ארבייטער קלאַס — דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט — איז גאָר פאַרבונדען מיט דער שוואַכקייט פון מיליטאַריזם, און ממילא, מיט דער ספּעציעלער געאָגראַפישער לאַגע פון בעלגיום.

דער וואוקס פון דעמאָקראַטיע, וואָס בערנשטיין און דער בורזשואַזער ליבעראַליזם באַטראַכטען אַלס געזעץ פון דער מענש־ליכער געשיכטע איז, ווען מען קוקט זיך נעהנטער צו, אַם וועניג־סטען אין דער נייעסטער געשיכטע, מעהר ניט ווי אַ לופט־שלאָס. צווישען דער ענטוויקלונג פון דער בורזשואַזיע און דער דעמאָקראַ־טיע איז ניטאָ קיין אינערליכע פאַרבינדונג. די פּאָליטישע פאָרם איז שטענדיג אַ רעזולטאַט פון אַ גאַנצען סכום פון אינערליכע און אויסערליכע פּאָליטישע כחות. זי לאָזט שטענדיג צו אַן עקזיס־טענץ־מעגליכקייט פאַר אַלע איהרע שטופען, פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע ביז דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק.

אויף אַזאַ אופן מוזען מיר זיך אָפּזאָגען פונ'ם אַלגעמיינעם היסטאָרישען געזעץ אין דער ענטוויקלונג פון דער דעמאָקראַטיע אין די ראַהמען פון דער היינטיגער געזעלשאַפט. מיר מוזען זיך דערפאַר ווענדען נאָר צו דער איצטיגער שטופע פון דער היסטאָרי־שער ענטוויקלונג פון דער בורזשואַזיע. דאָ וועלען מיר אָבער, אין דער פּאָליטישער לאַגע באַגעגענען אַזעלכע כחות, וואָס פיהרען לחלוטין ניט צו דער פאַרווירקליכונג פון בערנשטיינ'ס איינפאַל. אדרבא, אָט די כחות פיהרען צום פאַרלוסט פון אַלע ערָאָבערונגען פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט.

די דעמאָקראַטישע איינריכטונגען האָבען שוין איצט דורכ־געפיהרט זייער שליחות אין דער געשיכטע פון דער בורזשואזיע. אין דעם ערך ווי זיי האָבען זייער ארבייט אָפּגעטאָן, אַלס מיטעל צוזאַמענצוגיסען די קליינע מלוכות און צו בילדען די גרויסע מעכ־טע (דייטשלאַנד און איטאַליען), זיינען זיי שוין איצט ניט נויטיג און איבריג. דער עקאָנאָמישער פּראָגרעס האָט געבראַכט, דער־ווייל, די נויטיגע רפואה אינערליך און די דעמאָקראַטיע, וואָס איז מעהר ניט געוועזען ווי א באַנדאַזש, קאָן שוין איצט גרינג באַזיי־טיגט ווערען אָהן א סכנה פאַר'ן אָרגאַניזם פון דער בורזשואזער געזעלשאַפט.

דאָס זעלבע קאָן מען זאָגען מכח דעם איבערגאַנג פון'ם גאַנ־צען פּאָליטיש־אַדמיניסטראַטיווען רעגירונגס־אַפּאַראַט פון א האַלב־פעאָדאַלען אָדער פעאָדאַלען אין א קאַפּיטאַליסטישען. אָט די ענ־דערונג איז טאַקע היסטאָריש ענג צוזאַמענגעבונדען מיט דער דע־מאָקראַטיע. זי, די ענדערונג, האָט שוין אָבער איצט דערגרייכט אַזאַ שטופע פון ענטוויקלונג, אַז די אמת־דעמאָקראַטישע טיילען פון'ם מלוכה־אַפּאַראַט, למשל, דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט, און די רעפּובליקאַנישע פאַרוואַלטונג קאָנען שוין איצט אָפּגעשליידערט ווערען פון איהר, און קיין סכנה זאָל, חלילה, ניט געשעהן. די אַדמיניסטראַציע, די פינאַנסען און די קריעגס־אַנגעלעגענהייטען וועלען ניט זיין אין קיין סכנה. צו דער פאַר־רעוואָלוציאָנערער צייט וועט מען זיך שוין צוריק ניט אומקערען.

אויב דער ליבעראַליזם איז געוואָרען א גאַנץ איבעריגע זאַך פאַר דער בורזשואזיע, שטעהט ער זיי אין איינינע אַנגעלעגענהייטען ווי א ביין אין גאָרגעל. די גרעסטע ראָל דערביי שפּיעלען צוויי כחות, וואָס באַהערשען דאָס גאַנצע פּאָליטישע לעבען פון די היינ־טיגע רעגיערונגען: די וועלט־פּאָליטיק און די ארביימער־באַוועג־גונג, צוויי פאַרשיידענע זייטען פון דער היינטיגער ענטוויקלונגס־שטופע פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

דורך דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און פאַרשאַר־פונג פון דער אַלגעמיינער קאָנקורענץ אויף דעם וועלט־מאַרק, זיי־נען די אַרמיי און פלאָטע געוואָרען די באַשטימענדע כחות אין

דער וועלט־פאליטיק און אין דעם אינערליכען און אויסערליכען לעבען פון אלע גרויס־מעכטע. די וועלט־פאליטיק און דער מילי־טאריזם זיינען, צוליעב די עקאנאמישע באדינגונגען און די אינ־טערעסען פון קאפיטאליזם, די פ ר א ג ר ע ס י ו ו ע טענדענצען אין דער היינטיגער שטופע פון היסטארישער ענטוויקלונג, ממילא איז שוין די בורזשואזע דעמאקראטיע, צוליעב דעם אליין, א ר ע־ג ר ע ס י ו ו ע אדער ר ע א ק צ י א נ ע ר ע טענדענץ. אלס געלונגענער ביישפיעל דערצו קאן דיענען די רעפובליק פון די פאר־איינינגטע שטאאטען פון נאך דער שפאנישער מלחמה. אין פראנק־רייך עקזיסטירט די רעפובליק נאר א דאנק דער אינטערנאציא־נאלער פאליטישער לאגע, וואס דערלאזט דערווייל ניט צו קיין מלחמה. ווען ס'וואלט געקומען צו א מלחמה, און לויט אלע סמנים וואלט ווירקליך דערצו געקומען, וואלט פראנקרייך געבליבען ניט־צוגעגרייט צו איהר, און נאך דער ערשטער מפלה, זיכער פראקלא־מירט א מאנארכיע אין פאריז. פאר דער נייער עפאכע פון ענער־גישע באוואפנונגען (1893טען יאהר) און פאר דער וועלט פאליטיק אין צוזאמענהאנג מיט קיא־טשאו, האט דייטשלאנד באצאהלט מיט 2 קרבנות: מיט דער צופאלונג פון דעם פאראיין פון די פריי־דענקער און מיט דעם פאל פון דעם האלב־דעמאקראטישען צענטער.

אויב די אויסערליכע פאליטיק טרייבט די בורזשואזיע אין די ארעמס פון דער רעאקציע, איז איהר אינערליכע פאליטיק אין אזא מאס אפהענגיג פון דעם אויפוואכענדען פראלעטאריאט. בערנשטיין אליין איז זיך אין דעם מודה. ער באשולדיגט די „סאציאל־דעמאקראטישע לעגענדע פון פארשלינגען" ד. ה. די סא־ציאליסטישע אידעאלען, אין דעם, וואס די ליבעראלע בורזשואזיע פאררעט איהרע אמאליגע אידעאלען. און ער עצה'ט, דערפאר, דעם פראלעטאריאט, אז ער זאל זיך אפזאגען פון זיין ענד־ציעל, כדי ארויסצונארען די אויף טויט צושראקענע בורזשואזיע פון דער רעאקציאנערער נארע. נאר בערנשטיין באווייזט אבער דער־מיט, אז די בורזשואזע דעמאקראטיע ווידערשפרעכט די אינווענינ־סטע פראגרעסיווע טענדענציעס פון דער היינטיגער געזעלשאפט. ער באווייזט, אז אין דער היינטיגער געזעלשאפט איז די סאציא־ליסטישע באוועגונג א דירעקטער רעזולטאט פון אט די טענדענ־

ציעס און ער מיינט, אז די בורזשואזע דעמאָקראַטיע קאָן נאָר עק־זיסטירען, ווען אָט די באַוועגונג וועט אָפּגעראַמט ווערען פון וועג.

נאָך אַ זאַך באַווייזט בערנשטיין דערמיט. די אויפלעבונג פון דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע, לויט זיין מיינונג, קאָן נאָר פאָרקומען בתנאי, אז דער ארבייטער־קלאַס זאָל זיך אָפּזאָגען פון דעם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל. דערמיט פּאַטאַקעוועט ער, אז די בורזשואזע דעמאָקראַטיע איז, פאַרקערט, ניט קיין נויטיגע באַ־דינגונג און פאָראויסזעצונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פון דעם נצחון פון סאָציאַליזם. דאָ פאַלט בערנשטיין אריין אין אַ צובראָכענעם קרייז און זיין לעצטע סברא פרעסט אויף זיין אייגענע ערשטע פאָראויסזעצונג.

פון אָט דעם קרייז קאָן מען גרינג ארויסגעהן. פון דעם פאַקט, אז די ליבעראַלע בורזשואזיע האָט, פון פּחד פאַר דעם ערוואַכענדען פּראָלעטאריאַט און זיין ענד־ציעל, שיער ניט פאַר־לאָרען איהר כשר'ע נשמה, פון דעם פאַקט אַליין איז דאָך גע־דרונגען אז נאָר די ארבייטער באַוועגונג איז און קאָן זיין די איינ־ציגע שטיצע און האָפענונג פון דער דעמאָקראַטיע; ווייטער, איז דערפון געדרונגען, אז דער גורל פון דער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג איז ניט פאַרבונדען מיט דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע, פאַרקערט, דער גורל פון דער דעמאָקראַטיע איז ענג צוזאַמענגעבונ־דען מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די דעמאָקראַטיע לעבט־אויף, ניט ווען דער פּראָלעטאריאַט זאָגט זיך אָפּ פון זיין באַפרייאונגס־קאַמף. ערשט ווען די פּראָלעטארישע באַוועגונג ווערט קרעפטיג גענוג, אז זי זאָל זיך קאָנען געגענשטעלען קעגען די רעאַקציאָנערע פאָלגען פון דער וועלט־פּאָליטיק און געגען דעם פאַרראַט פון דער בורזשואזיע צו איהרע אַמאָליגע אידעאַלען, ערשט דעמאָלט קאָן די דעמאָקראַטיע אויפלעבען. ווער עס וויל, אז די דעמאָקראַטיע זאָל זיך באַפעסטיגען, דער דאַרף שטרעבען צו דער פארשטאַרקערונג, און ניט אָפּשוואַכונג, פון דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג. ווען מען זאָגט זיך אָפּ פון דעם סאָציאַ־ליסטישען אידעאַל, מוז מען זיך גלייכצייטיג אָפּזאָגען אי פון דער פּראָלעטארישער באַוועגונג אי פון דער דעמאָקראַטיע.

בערנשטיין ערקלערט אין זיין „ענטפער" צו קאַוטסקי'ן, אין „פאָרווערטס" פון 26טען מערץ 1899, אז ער איז אין גאַנצען

מסכּים צו דער פּראַקטישער טייל פון דער פּאַרטיי־פּראָגראַם. ער קאָן אָבער אינגאַנצען ניט מסכּים זיין מיט דער טעאָרעטישער טייל איהרער. דאָך דענקט ער, אַז ניט קוקענדיג דאַרויף, קאָן ער געהן האַנד אין האַנד מיט דער פּאַרטיי, ווייל, „וואָס מאַכט דאָס אויס, אַז אין דער טעאָרעטישער טייל פון דער פּראָגראַם איז דאָ אַ פּראַזע, וואָס שטימט ניט מיט זיינע פאָרשטעלונגען וועגען דעם גאַנג פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג?" אָט דער פּירוש ווייזט, אין בעסטען פאַל, אַז בערנשטיין קאָן ניט פאַרשטעהן דעם צוזאַמענהאַנג צווישען דער פּראַקטישער טעטיגקייט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און איהרע אַלגעמיינע פּרינציפּען, אַז די פּאַרטיי און בערנשטיין מאַכען בעזונדערע פּירושים צו איינעם און דעם זעלביגען פּסוק. פאַקטיש באַווייזט בערנשטיין׳ס אייגענע טעאָריע אויפ׳ן בעסטען אופן, אַז דער פּראַקטישער קאַמף אָהן אַ פּרינציפּיעלען פונדאַמענט איז צוועקלאָז, אַז די גאַנצע באַוועגונג וועט צוגרונד געהן אָהן דעם ענד־ציעל.

## 3. ערגאַבערונג פון פּאָליטישער מאַכט.

דער גורל פון דער דעמאָקראַטיע, ווי מיר האָבען געזעהן, איז פאַרבונדען מיט דעם גורל פון דער אַרבייטער־באַוועגונג. שליסט דען דער פּראָגרעס פון דער דעמאָקראַטיע אויס די נויטיגקייט און מעגליכקייט פון אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע צו פאַרכאַפּען די פּאָליטישע מאַכט? בערנשטיין ענטפערט אויף דער פראַגע. ער וועגט פּינקטליך איבער אַלע מעלות און חסרונות אי פון די געזעצגעבענדע רעפאָרמען אי פון דער רעוואָלוציע, און ער טוט דאָס אַזוי רוהיג און געלאַסען, ווי אַ לאַחדים־קרעמער וועגט, למשל, פּעפער. אין דעם געזעצגעבענדען גאַנג פון פּראָגרעס זעהט ער די ווירקונג פון באַרעכענט, אין דער רעוואָלוציע — די ווירקונג פון געפיהל, אין די רעפאָרמען — דעם רוהיגען גאַנג פון דער ענטוויקלונג, אין דער רעוואָלוציע — איהר שטורמישען גאַנג; אין דער געזעצגעבונג — די פּלאַנמעסיגע קראַפט, אין דער רעוואָלוציע — די עלעמענטאַרע אָדער סטיכישע קראַפט (זייט 183).

עס איז שוין אָבער אַן אַלטער אמת, אַז די קליין־בירגערליכע רעפאָרמאַטאָרס זעהען אין יעדער זאַך אי אַ גוטע אי אַ שלעכטע

זייט, און קוויקען זיך און נאַשען צוביסלעך פון אַלע זייטען. אָבער ניט ווייניגער אַלט איז אויך יענער אמת, אַז דער ווירקליכער גאַנג פון לעבען מאַכט זיך אַ קליינעם צימעס פון קליינבירגערליכע קאָמבינאַציעס, און, אַז איין ניש־קשה׳דיגער בלאָז צוואַווארפט אויף „שבע ימים“ דאָס בעסטעביידעל צונויפגעשטעלט נאָר פון „מעלות“. פּאַקטיש האָבען די געזעצגעבענדע רעפאָרמען טיפערע גרונדען אין דער געשיכטע, ווי די מעלות אָדער חסרונות פון דער אָדער יענער מעטאָדע.

אין דער געשיכטע זיינען די געזעצגעבענדע רעפאָרמען געוועזען אַ מיטעל ביסלעכווייז צו פאַרשקלאַפען דעם אויפוואַכענדען קלאַס, ביז ער איז רייף געוואָרען צו פאַרכאַפּען אַליין די פּאָליטישע מאַכט און אָפּשאַפען די אַלטע אָרדנונג און איינפירען אַ נייע. בערנשטיין איז געגען! פאַרכאַפען די פּאָליטישע מאַכט, ווייל עס שמעקט מיט בלאַנקיזם. די צרה מיט איהם איז, וואָס ער קוקט אויף אָן ערשיינונג, וועלכע איז געווען דער אויסגאַנגס־פּונקט, די הויפט שטופּ־קראַפט אין דער געשיכטע, ווי אויף אַ בלאַנקיסטישען גרייז. זינט עס עקזיסטירען קלאַסען־מלוכות, און דער קלאַסען־קאַמף איז דאָך דער עצם פון דער געשיכטע, איז די עראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט געוועזען דער הויפט־ציעל פון דעם ערוואַכענדען קלאַס און דער אויסגאַנגס־פּונקט פון יעדער היסטאָרישער עפּאָכע. ביישפּיעלען דערצו זעהען מיר אין דעם לאַנגען קאַמף, וואָס די פּויערים האָבען געפיהרט געגען די געלד־קאַפּיטאַליסטען. אין דעם אַלטען רוים — אין דעם קאַמף פון די פּאַטריציער געגען די ביסקופּען און פון די צעכען געגען די פּאַטריציער — אין די מיטעלאַלטערליכע שטעדט. אין דעם קאַמף פון דער בורזשואַזיע געגען דעם פעאָדאַליזם — אין דער נייער געשיכטע.

געזעצגעבונג און רעוואָלוציע זיינען ניט קיין פאַרשיידענע מעטאָדען פון׳ם היסטאָרישען פּראָצעס. מען קלייבט זיי ניט אויס, ווי למשל, אַ מילכיגע אָדער פליישיגע סעודה. דאָס זיינען פאַרשיידענע מאָמענטען אין דער ענטוויקלונג פון דער קלאַסען־געזעלשאַפט. איין מאָמענט איז גורם דעם צווייטען, פאַרפולט איהם און שליסט איהם גלייכצייטיג אויס, ווי, למשל, דער צפון־פּאָל און דער דרום־פּאָל, ווי די בורזשואַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט.

די געזעצגעבונג איז דאָך מעהר ניט ווי א פועל־יוצא פון דער רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע איז א שאפונגס־אקט אין דער געשיכטע פון די קלאסען, די געזעצגעבונג איז די ווייטערע פּאָליטישע ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט. די געזעצגעבענדע רעפאָרמאטאָרישע טעטיגקייט האָט ניט קיין אנדער זעלבסטשטענדיגע שטופּקראפט, אויסער דער רעוואָלוציע. אין יעדער היסטאָרישער עפּאָכע באוועגט זיך אָט די טעטיגקייט נאָר אין די ראהמען, וואָס די לעצטע געזעלשאפטליכע איבערקערעניש האָט געשאפען. אָט דאָס איז דער תמצית פון דער פראגע.

די פאָרשטעלונג, אז די געזעצגעבענדע רעפאָרמאטאָרישע טעטיגקייט איז כלומר'שט א צוצויגענע רעוואָלוציע, און אז א רעוואָלוציע איז קאָנצענטראציע פון רעפאָרמען, איז אויך היסטאָריש ניט אמת. די סאָציאלע איבערקערעניש און די געזעצגעבענדע רעפאָרמען זיינען פארשיידען ניט לויט'ן משך פון צייט, וואָס זיי פארנעמען, נאָר לויט זייער נאטור. דער גאנצער סוד פון דער היסטאָרישער איבערקערעניש דורך דער עראָבערונג פון דער פּאָליטישע מאכט, ליעגט גראד ניט אין דער קוואנטיטעט פון די ענדערונגען, נאָר אין דער נייער קוואליטעט איהרער; בעסער געזאָגט, דער סוד ליגט אין דעם איבערגאנג פון איין געזעלשאפטליכער אָרדנונג אין א צווייטער.

ווער עס זאָגט, אז די געזעצגעבענדע טעטיגקייט קאָן פארבייטען און איז בעסער פון א געזעלשאפטליכער איבערקערעניש, דער קלייבט ניט אויס קיין לאנגזאמערען, רוהיגערען און זיכערערען וועג צו דעם זעלבען ציעל, נאָר א גאנץ אנדער ציעל. אנשטאט איינצופיהרען א נייע אָרדנונג, באגניגענט ער זיך מיט קוואנטיטאטיווע ענדערונגען אין דער אלטער. בערנשטיין'ס פּאָליטישער קוק ברייגנט איהם צו די זעלביגע סברות, וואָס זיין עקאָנאָמישע טעאָריע ברייגנט איהם. דער ציעל פון די רעפאָרמען איז ניט די פארווירקליכונג פון דער *סאָציאליסטישער* אָרדנונג, נאָר פשוט צו רעפאָרמירען די *קאפּיטאליסטישע אָרדנונג*; ניט די פארניכטונג פון דער לוין־סיסטעם, נאָר פארקלענערען אביסעל איהר עקספּלואטאציע; מיט איין וואָרט, זייער ציעל איז צו בעזייטיגען די חסרונות פון דער קאפּיטאליסטישער אָרדנונג, אָבער ניט דעם קאפּיטאליזם גופא.

נאָר אפשר זיינען אָט די מיינונגען וועגען די פונקציעס פון געזעצגעבענדע רעפאָרמען און רעוואָלוציע אמת נאָר בנוגע צום קלאסען־קאמף אין דער פארגאנגענהייט? אפשר איצט, א דאנק דער ענטוויקלונג פון דער בורזשואזער רעכטס־סיסטעם, וועלען די געזעצגעבענדע רעפאָרמען יא קאָנען אריינפיהרען די געזעלשאפט פון איין היסטאָרישער פאזע אין א צווייטער? און אפשר איז שוין איצט די עראָבערונג פון דער פאָליטישער מאכט דורכ'ן פראָלעטאריאט נאָר א „פוסטע פראזע“? (זייטע 183.)

פונקט פארקערט. וואָס איז דער חילוק צווישען דער היינטיגער בורזשואזער רעגירונג און די אמאָליגע רעגירונגען פון אַלטערטום און די קלאסען־רעגירונגען פון מיטעלאלטער? דער חילוק צווישען זיי איז דאָס, וואָס די היינטיגע קלאסען־רעגירונג שפּארט זיך אָן, ניט אויף „כשר־פארדינטע“ רעכט, נאָר אויף ווירקליכע עקאָנאָמישע באציהונגען. די סיסטעם פון לוין־ארבייט איז ניט קיין רעכטליכער, נאָר אַן עקאָנאָמישער באגריף. אין דער היינטיגער רעכט־סיסטעם איז ניטאָ קיין איין געזעץ, וואָס זאָל פארמולירען די קלאסען־הערשאפט. אויב מען געפינט יא שפּורען פון אזעלכע געזעצען איז דאָס אין דעם געזעץ פון „דיענער“, ד. ה. א יתר הפליטה פון די פארשוואונדענע פעאָדאלע באציהונגען.

ווי אזוי קאָן מען דורך געזעצגעבענדע טעטיגקייט צו בּיסלאך פארניכטען די לוין־שקלאפעריי, אז זי, די סיסטעמע, איז קיין מאָל דורך קיין געזעץ ניט באגרינדעט געוואָרען? בערנשטיין, וואָס וויל דורך דער טעטיגקייט פארניכטען דעם קאפּיטאליזם, פאלט אריין אין דער לאגע פון יענעם „גאָראָדאָוואָי“, וואָס דערצעהלט ביי אוספענסקי'ן: . . . „איך טו שנעל א כאפּ דעם חברה־מאן פאר'ן קאָלנער, און ווייסט איהר וואָס דער סוף איז געווען? דער פאסקודניק האָט דאָך אפילו קיין ניש־קשה'דיגען קאָלנער ניט געהאַט!...“ אָט דאָ ליגט די גאנצע צרה.

„אַלע פאָרמען פון דער געזעלשאפטליכער אָרדנונג, וואָס האָבען עקזיסטירט ביז אהער, האָבען זיך אָנגעשפּארט אויף דער שנאה צווישען דעם קלאס אונטערדריקער און דעם אונטערדריקטען קלאס“. (קאָמוניסטישער מאניפעסט, זייטע 17.) נאָר אין

די ערשטע שטופען פון דער היינטיגער געזעלשאפטליכער ארדנונג האט זיך די שנאה אויסגעדריקט אין באשטימטע רעכט־נארמען, און עס איז נאך געבליבען גענוג פלאץ פאר די נייגעבארענע באציהונגען אין די ראהמען פון די אלטע. אין דער צייט פון לייב־אייגענטום, האט זיך דאך דעם האלב־פארשקלאפטען פויער איינגעגעבען צו ווערען א מיטגליעד פון א שטאדט קהלה. (קאמוניסטישער מאניפעסט, זייט 17.) ווי אזוי איז דאס געשעהען? מען האט צוביסלעך אפגעשאפט, אין דעם תחום פון דער שטאדט, אלע רעכטליכע שיריים, ווי למשל: די געצוואונגענע ארבייט אויף דעם פריץ, אלע מינים צינזען צום פריץ און צו דער רעגיערונג, געצוואונגענע חתונות א. ז. וו., אט די אלע געזעצען, וואס האבען אין זייער סך־הכל צוזאמענגעשטעלט די רעכטליכע סיסטעם פון לייב־אייגענטום.

און א „קליינבירגער"" איז געווארען א בורזשוא טאקע נאך אונטער'ן יאך פון דעם פעאדאלען אבסאלוטיזם.*) ווי אזוי? אדער דורך א פארמעלער פארניכטונג אדער דורך א פאקטישער צוטרייסלונג פון די צעך־קייטען; דורך א שטופענווייזער ענדערונג אין דער אדמיניסטראציע, פינאנסען און קריעגס־פיהרונג, אויף וויפיעל דאס האט זיך נאר געלאזט.

ווען מען באטראכט אבסטראקט, און ניט היסטאריש, דעם איבערגאנג פון דער פעאדאלער ארדנונג אין דער בורזשואזער, קאן מען נאך לכל־הפחות צוגעבען, אז דאס האט געקאנט פאסירען אויפ'ן וועג פון רעפארמען. די באציהונגען צווישען די קלאסען זיינען דעמאלט געווען מסוגל דערצו. געשעהען איז דאס אבער ניט אזוי. אלע רעפארמען האבען ניט איבעריג געמאכט דעם אקט פון א רעוואלוציע פון דער בורזשואזיע, כדי צו פארכאפען די פאליטישע מאכט. אדרבא, זיי האבען צוגעגרייט די מעגליכקייט פאר אזא אקט. עס איז נויטיג געווען אן אמת'ע פאליטיש־סאציאלע איבערקערעניש, כדי אפצושאפען לייב־אייגענטום, כדי צו פארניכטען דעם פעאדאליזם.

די היינטיגע באדינגונגען זיינען נאך ערגער. דער פראלעטאריער טראגט דעם עול פון קאפיטאל, ניט דורך דעם צוואנג פון

---

*) קאמוניסטישער מאניפעסט, זייט 71.

א גזועץ, נאָר דורך דער נויט, ווייל ער האָט ניט וואָס צו עסען. קיין דעקרעט אין דער וועלט וועט איהם אָבער קיין עסען ניט ברייננען, כל זמן די בורזשואזע געזעלשאַפט עקזיסטירט, ווייל ניט דער געזעץ נאָר די עקאָנאָמישע באַדינגונגען צווינגען איהם צו הונגערען.

די מאָס עקספּלואַטאַציע, הגם, אָפּהענגיג פון די לוין־באַדינ־גונגען, שפּאַרט זיך אויך ניט אָן אויף געזעצען, ווייל די שכירות ווערען דאָך רעגולירט ניט דורך געזעצגעבונג, נאָר אנדערע כחות. די עקספּלואַטאַציע אַליין, אַלס פאַקט, איז ניט קיין פאַראָרדנונג פון געזעץ, נאָר שפּאַרט זיך אָן אויף א ריין־עקאָנאָמישען כח. זי איז מעגליך נאָר דערפאַר, ווייל לוין־ארבייט איז א סחורה, און צווישען אנדערע מעלות באַזיצט זי אויך די אייגענשאַפט צו פּראָדוצירען ווערטען, פיעל מעהר, ווי זי שלינגט אַליין איין. קורץ געזאָגט, די אַלע גרונדלאַגען, וואָס שטאַמען פון דער קאַפּיטאַליס־טישער קלאַסען־הערשאַפט, קאָנען ניט אומגעענדערט ווערען דורך געזעצגעבונג, וואָס זאָל ניט באַריהרען די קאַפּיטאַליסטישע אָרד־נונג, ווייל זיי זיינען ניט געשאַפען געוואָרען דורך בורזשואזע גע־זעצען און האָבען קיין מאָל ניט אָנגענומען די פאָרם פון געזעצען. ווייזט אויס, אז בערנשטיין ווייס דערפון גאָר ניט, ווייל ער בויט פּלענער וועגען „סאָציאַליסטישע" רעפאָרמען. זיכער פאַרשטעהט ער ניט אַליין דאָס, וואָס ער האָט אין זיין בוך געשריבען אויף דער צעהנטער זייטעל: „איצטער טרעט פריי ארויס דער עקאָ־נאָמישער מאָמענט דאָרט, וואו פריהער האָט ער זיך פאַרמאַסקירט מיט אַלע מינים פון אידעאָלאָגיע און באַדינגונגען פון הערשאַפט."

נאָך אָן אייגענשאַפט האָט די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג. די עלעמענטען פון דער צוקינפטיגער געזעלשאַפט זעהען אויס ווי זיי וואָלטען זיך דערוויטערט פון קאַפּיטאַליזם און נעהענטער צוגעקומען צום סאָציאַליזם. דער געזעלשאַפטליכער כאַראַקטער פאַרשטאַרקט זיך אַלץ מעהר און מעהר אין דער אינדוסטריע. אָבער אין וואָס פאַר א פאָרם? אין דער פאָרם פון אקציען־געזעלשאַפטען, קאַרטעלען אָדער דורך דעם איבערנעהמען פון אונטערנעהמונגען אין די הענט פון דער רעגירונג. די קאַפּיטאַליסטישע געגענזאַצען, די עקס־פּלואַטאַציע, די פאַרשקלאַפונג פון דעם ארבייטער־קלאַס דריקען זיך אָבער אין די פאָרמען אויס אַם שאַרפסטען.

אין קריעג־אנגעלעגענהייטען האט מען איינגעפיהרט די אלגעמיינע מיליטער־דיענסט און א פארקירצונג פון דער דיענסטצייט. דאס וואלט שוין באלד אויסגעזעהן ווי א שריט נעהענטער צו דער פאלקס־מיליץ. באמת אבער האט די אלגעמיינע מיליטער־דיענסט אנגענומען די פארם פון דעם היינטיגען מיליטאריזם, און די הערשאפט פון דער רעגיערונג איבער'ן פאלק און דער קלאסען־כאראקטער פון דער רעגירונג האבען זיך דא אויסגעדריקט אין זייער העכסטער פארם.

אין דעם פאליטישען לעבען האט די דעמאקראטיע, וואו נאר זי האט געפונען א פרוכטבארען באדען פאר זיך, איינגעפיהרט די מעגליכקייט אן אנטייל צו נעהמען אין דער פאליטיק פון דער רעגירונג, פאר אלע שיכטען פון דער געזעלשאפט. דאס איז שוין כמעט עהנליך צו א „פאלקס־רעגירונג". נאר אויך אט דער אנטייל דריקט זיך אויס אין דער פארם פון דעם היינטיגען בורזשואזען „פארלאמענטאריזם". אין דעם פארלאמענטאריזם אבער ווערען דער קלאסען־האס און די קלאסען־הערשאפט ניט פארניכטעט, נאר פארקערט, אנטפלעקען אוןענטוויקלען זיך נאך מעהרער. די גאנצע קאפיטאליסטישע ארדנונג איז איינגעטונקען אין געגענזאצען. כדי אפצוריינינגען דאס סאציאליסטישע קערענדעל פון דער קאפיטאליסטישער שאלעכץ מוז דער פראלעטאריאט ארייננעמען די פאליטישע מאכט און אין גאנצען פארניכטען די קאפיטאליסטישע סיסטעם.

בערנשטיין האלט אבער פון אן אנדער מיטעל. אויב די דעמאקראטיע שוואכט ניט אפ, נאר פארשארפט דעם קלאסען־אנטאגאניזם, „דארף די סאציאל־דעמאקראטיע", ענטפערט אונז בערנשטיין „אויב נאר זי וויל אליין קיין שטיינער זיך ניט לייגען אין וועג, דארף זי זיך שטעלען אין וועג פון דעמאקראטישע איינריכטונגען און ניט דערלאזען צו קיין סאציאלע רעפארמען". (ז. 71.) געוויס, ווען די סאציאל־דעמאקראטיע זאל אויף א קליין־בורזשואזען שטייגער אפקלייבען די גוטע זייטען פון דער געשיכטע און אוועקווארפען די שלעכטע. נאר דעמאלט וואלט זי דאך לאגישערווייזע געדארפט זיך „געגענשטעלען דעם קאפיטאליזם גופא", ווייל ער איז דאך לכל הדעות דער גרעסטער גזלן, וואס טוט איהר אפ

מעשים, כדי איהר אָפּהאַלטען פון סאָציאַליזם. פּאַקטיש אָבער באַשאַפט דער קאַפּיטאַליזם טאַקע מיט די שטערונגען די איינציגע מעגליכקייט צו פאַרווירקליכען די סאָציאַליסטישע פּראָגראַם. דאָס זעלביגע קאָן מען אויך זאָגען וועגען דער דעמאָקראַטיע.

די דעמאָקראַטיע, ווי מיר האָבען פריהער אָנגעוויזען, איז פאַר דער בורזשואַזיע טיילווייז איבעריג, טיילווייז אַ שטערונג; פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט איז זי אָבער אַ זעהר נויטיגע זאַך. ראשית שאַפט זי אַזעלכע פּאָליטישע פאָרמען, ווי, למשל, די זעלבסט־פאַרוואַלטונג, דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט א. ז. וו. אויף אַזעלכע רעפאָרמען, אויף וועלכע דער פּראָלעטאַריאַט קאָן זיך אָנ־שפּאַרען אין זיין ווייטערדיגען קאַמף געגען דער בורזשואַזיע. צווייטענס, דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט די דעמאָקראַטיע און ער קאָן זיך אָהן איהר ניט באַגעהן, ווייל אין קאַמף פאַר איהר, ארבייט זיך אויס זיין קלאַסען־באַוואוסטזיין און דער באַוואוסטזיין פון זיינע היסטאָרישע אויפגאַבען.

דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף די דעמאָקראַטיע, ניט כדי ער זאָל פאַרשפּאָרען עראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, נאָר דערפאַר וואָס זי איז גורם אָט די עראָבערונג און העלפט איהר ארויס. אין זיין פאָרוואָרט צו „דעם קלאַסען־קאַמף אין פראַנקרייך" האָט ענ־געלס אוועקגעשטעלט דעם קאַמף פאַר געזעצגעבונג געגען דעם באַ־ריקאַדען־קאַמף. אָבער אין יענעם בוך באַטראַכט ער דעם טאָג־טעגליכען קאַמף אויף דעם באָדען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרד־נונג און ניט דעם ענדגילטיגען קאַמף פאַר דער פּאָליטישער מאַכט. דאָס קאָן מען פּשוט אָנטאַפּען אין יעדער שורה פון דעם פאָר־וואָרט. קורץ גערעדט, ענגעלס ווייזט דאָרט אָן אַ טאַקטיק דעם אונטערדריקטען און ניט דעם זיעגרייכען פּראָלעטאַריאַט.

און די באַוואוסטע פראַזע פון מאַרקס וועגען דער ערד־פראַגע אין ענגלאַנד, וואָס בערנשטיין האָט זיך אָן איהר אַזוי אָנגע־כאַפּט: „עס וואָלט אפשר געקאָסט פיעל ביליגער ווען מען זאָל פּשוט אויסקויפען די ערד ביי די לענדלאָרדס", באַציהט זיך צו דער פּראָלעטאַרישער טאַקטיק נאָך אַ נצחון און ניט פאַר איהם. ווייל מען קאָן ריידען וועגען „אויסקויפען" ביי די הערשענדע קלאַסען, נאָר ווען דער פּראָלעטאַריאַט שטעהט שוין ביים רודער פון דער

מלוכה. מארקס האט דערביי געמיינט א פריעדליכע דיקטאטור פון דעם פראלעטאריאט, אבער באין אופן ניט צו פארבויגען די דיקטאטור צוליעב סאציאלע רעפארמען.

ניט מארקס און ניט ענגעלס האבען ווען עס איז געצווייפעלט אין דער נויטינקייט צו פארכאפען די פאליטישע מאכט. נאר בערנשטיין שטעלט זיך פאר דעם עופות־שטאהל, דעם בורזשואזען פארלאמענט, אלס משיח, וואס איז בארופען צו מאכען די גרעסטע איבערקעהרעניש אין דער וועלט געשיכטע, ד. ה. צו ענדערען די קאפיטאליסטישע ארדנונג אין א סאציאליסטישער.

וועט מען אבער זאגען, אז בערנשטיין דריקט מעהר ניט אויס ווי זיין פחד און ווארנונג, כדי דער פראלעטאריאט זאל חלילה ניט צוקומען צו פריה צום רודער. בערנשטיין דענקט, אז דער פראלעטאריאט וואלט דערפון געכאפט א שטארקען קלאפ, און אלעם וואלט געמוזט בלייבען אויפ'ן אלטען שטייגער. נאר צוליעב אט די פחדים האט בערנשטיין'ס טעאריע איין פראקטישע באדייטונג פאר'ן פראלעטאריאט. אין פאל ווען ער קומט צו צום רודער, איז זיין טעאריע מעהר ניט ווי אן עצה צום פראלעטאריאט — זיך לייגען רוהיג שלאפען, ד. ה. אין דעם טהעטיגסטען מאמענט פון'ם קאמף: „פאסיווער פארראט“. דאס איז דער פסק, וואס זיין טעאריע ברייננגט ארויס אויף זיך אליין.

פאקטיש וואלט אונזער פראגראם ניט ווערט געווען איהר פאפיער און טינט, ווען זי קאן אונז ניט אנווייזען וואס צו טאן אין יעדען פאל, און ספעציעל אין אן אקטיווען מאמענט פון אונזער קאמף. ווארום מיר זאגען דאך, אז אונזער פראגראם דריקט אויס די היסטארישע ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט פון דעם קאפיטאליזם צום סאציאליזם מוז זי ממילא דאך אויסדריקען אלע שטופען פון אט דער ענטוויקלונג. זי מוז ענטהאלטען אלע גרונדפונקטען און מוז קאנען אנווייזען פאר יעדען מאמענט יענע טאקטיק, וואס זאל אונז דערנעהנטערען צום סאציאליזם. דער פועל יוצא דערפון איז, אז עס איז גאר ניטא אזא מאמענט, ווען דער

פּראָלעטאַריאַט זאָל דאַרפן פאַרוואַרפן זיין פּראָגראַם, אָדער די פּראָגראַם זאָל איהם דאַרפן בּאַרלאָזען.

פּראַקטיש הייסט דאָס, אַז עס איז גאָר ניטאָ אַזאַ מאָמענט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס קומט דורכ'ן לעבען גופא צו צו דער מאַכט, זאָל ניט קאָנען אָדער ניט זיין מחויב אָנ־צונעהמען אַלע מיטלען כדי צו פאַרווירקליכען זיין פּראָגראַם, כדי איינפיהרען דעם סאָציאַליזם. ווער עס זאָגט, אַז די סאָציאַליס־טישע פּראָגראַם קאָן, אין אַ מאָמענט פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, זיך אַרויסווייזען אַלס אומפאַסיג און אומפעהיג אָנצו־ווייזען דעם וועג פאַר פּראַקטישע טהעטיגקייט, מוז אויך זאָגען, אַז די פּראָגראַם איז בכלל אין קיין צייט ניט מסוגל צו פאַרווירקליכט ווערען. און טאָמער טאַקע זיינען די איבערגאַנגס־מיטלען פאַלש? אָט די פראַגע באַהאַלט אונטער זיך אַ קנויל אַ גאַנצען פון מיספאַר־שטענדניסען בנוגע צום ווירקליכען גאַנג פון די סאָציאַלע איבער־קעהרעניש.

די ערּאָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורך'ן פּראָלעטאַ־ריאַט, ד. ה. דורך דעם גרויסען קלאַס פון פאָלק, איז אונמעגליך אויף אַ קינסטליכען אופן. דער נצחון אליין באַצייכענט מיט זיך אַ געוויסע מאָס פון רייפקייט אין די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע באַצי־הונגען, אויסער אין'ם פאַל פון דער פּאַריזער קאָמונע און עהנליכע פאַלען. די פּאַריזער קאָמונע איז ניט געווען קיין רעזולטאַט פון אַ באַוואוסטזיניגען קאַמף. צופעליג איז צום פּראָלעטאַריאַט אין די הענד אַריינגעפאַלען דאָס פאַרלאָזענע הפקר־און־גוטס. אין דעם ליגט דער חלוק צווישען די בּלאַנקיסטישע „בּונטען" און דער פּאָליטישער ערּאָבערונג פון די פאָלקס־מאַסען. די ערשטע זיינען איבערראַשענדע און שפּאַרען זיך אָן אויף דער „העלדישער מינאָ־ריטעט". די צווייטע איז אָבער אַ שטרעבונג וואָס שטאַמט פון דעם באַוואוסטזיין פון די מאַסען. די מאַסען אליין זיינען אַ פּועל יוצא פון דער צופיילטער בורזשואַזער אָרדנונג און אין זיך אַליין טראָגען זיי די עקאָנאָמיש־פּאָליטישע בּארעכטיגונג אויפצוטרעטען אויף דער געזעלשאַפטליכער ביהנע.

מיר זעהען, אַז פון'ם שטאַנדפונקט פון געזעלשאַפטליכע באַ־ציהונגען קאָן די פּראָלעטאַרישע ערּאָבערונג פון דער פּאָליטישער

מאַכט ניט „קומען צו פריה". אָבער פון'ם שטאַנדפונקט פון פּאָליטישען עפעקט, ד. ה. פון'ם שטאַנדפונקט פון איינהאַלטען די מאַכט מוז זי קומען „צו פריה". אַט די פאַרשאָלטענע רעוואָלוציע, וואָס לאָזט בערנשטיינען ניט רוהען, הענגט איבער אונזערע קעפּ ווי דאַמאָקלעס' שווערד און קיין תפילות און תחנונים, קיין „אָבשפּרעכען" און וואַרנונגען זיינען פאַר איהר ניט קיין תרופות.

צוויי אורזאַכען פיהרען דערצו. אַזאַ גראַנדיעזער פּראָצעס, ווי די ענדערונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג אין אַ סאָציאַליסטישער קאָן ניט געשעהן אין איין הרף־עין דורך איין זיעגרייכען אַקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט. צולאָזען אַזאַ מעגליכקייט, הייסט אַרויסווייזען אַן אמת־בלאַנקיסטישע וועלט־אַנשויאונג. פאַר דער סאָציאַליסטישער איבערקערעניש וועט מוזען פאָרקומען אַ לאַנגער עקשנות'דיגער קאַמף. ניט איינמאָל וועט דער פּראָלעטאַריאַט קריגען שווערע קלעפּ און צוריק אָפּגעשטויסען ווערען. אויף אַזאַ'ן אופן וועט דער פּראָלעטאַריאַט דאָס ערשטע מאָל זיכער קריגען די מאַכט „צו פריה". דאָס איז די ערשטע אורזאַכע.

צווייטענס, איז די „פאַרפריהערישע" עראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט, דורכ'ן פּראָלעטאַריאַט, אומפאַרמיידליך, דערפאַר וואָס אַזעלכע אַטאַקעס שפּיעלען זעהר אַ גרויסע ראָלע אין דעם ענדליכען נצחון. פון דעם שטאַנדפונקט איז דער באַגריף פון אַ „צו פריהער" עראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורך די אַרבייטער־מאַסען אַ פּאָליטישער אַבסורד. אין אַזאַ שטאַנדפּונקט ליגט דער באַגריף, אַז די געזעלשאַפטליכע ענטוויקלונג איז אַן איינפאַכער מעכאַנישער פּראָצעס און אַז דער נצחון איז אומאָבהענגיג און אויסגעשלאָסען פון דעם קלאַסען קאַמף.

אַזוי ווי אָבער דער פּראָלעטאַריאַט מוז דאָך ווען ניט איז „צו פריה" פאַרכאַפּען די מאַכט צום ערשטען מאָל, כדי ער זאָל זי קאָנען טאַקע אַמאָל אויף שטענדיג איינהאַלטען, איז די אָפּאָזיציע געגען דער „פאַרפריהערישער" עראָבערונג גלייכצייטיג אַן אָפּאָזיציע געגען די שטרעבונגען פון דעם פּראָלעטאַריאַט בכלל צו קריגען די פּאָליטישע מאַכט.

און אזוי האָט אויך די זייט פון בערנשטיין׳ס טעאָריע אונז געבראַכט צום זעלביגען שלום (אַלע וועגען פיהרען קיין רוים), אַז זיין מיינונג וועגען אָפּזאָגען זיך פונ׳ם ענד־ציעל איז אידענטיש מיט דער מיינונג זיך אָפּצוזאָגען פון דער בעוועגונג בכלל. די עצה, וואָס ער גיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, — אין פאַל פון אַן ערָאבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט זיך לייגען שלאָפען — איז פּונקט ווי די עצה בכלל און אויף אייביג אַנשלאָפען ווערען, ד. ה. זיך אָבזאָגען פון דעם קלאַסען־קאַמף.

## 4. דער קראַך.

זיין רעוויזיע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראָגראַם פאַנגט בערנשטיין אָן מיט צווייפלען אין דער קריזיס־טעאָריע. נאָר אַזוי ווי די קריזיס־טעאָריע איז איינע פון די ווינקעל־שטיינער פונ׳ם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, רופט איהר באַזייטיגונג אַרויס אַן איבערקערעניש אין דער גאַנצער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג. שפּעטער, אין זיינע ויכוחים, זאָגט זיך בערנשטיין אָפּ פון איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער, כדי איינצוהאַלטען זיין ערשטע באַהויפּטונג.

אָהן אַ קראַך פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג וואָלט מען ניט געקאָנט עקספּראָפּריאירען די בורזשואַזיע. און בערנשטיין זאָגט זיך אָפּ פון עקספּראָפּריאַציע און בויט אויף אַ מזבח צום „שותפות פּרינציפּ“ און לאָזט די אַרבייטער באַוועגונג זיך בוקען צו אָט דעם פּרינציפּ.

דער פּרינציפּ קאָן אָבער ניט איינגעפיהרט ווערען אויפ׳ן באַדען פון דעם היינטיגען קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס אופן. און בערנשטיין זאָגט זיך אָפּ פון דער פאַרגעזעלשאַפטליכונג פון דער פּראָדוקציע, בלייבט איבער ביי רעפאָרמען פונ׳ם מסחר און רעקאָמענדירט קאָנסום־געזעלשאַפטען.

נאָר די ענדערונג פון דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג דורך קאָנסום־געזעלשאַפטען און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען איז ניט אַזוי שוה־בשוה מיט דער ווירקליכער מאַטעריעלער ענטוויקלונג פון

דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. און בערנשטיין שליידערט אָפּ דעם מאַטעריאַליסטישען קוק אויף דער געשיכטע.

נאָר זיין פאָרשטעלונג וועגען גאַנג פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג גלייכט זיך עפּעס ניט מיט דעם געזעץ וועגען מעהר־ווערטה פון מאַרקס'ן. און בערנשטיין טרייסעלט זיך אָפּ פון דעם מעהרווערט־געזעץ, פונ'ם געזעץ וועגען דעם ווערט פון א סחורה, און דערמיט אליין שוין פון דער גאַנצער עקאָנאָמישער סיסטעם פון קאַרל מאַרקס.

אין דער געזעלשאַפט אָבער קאָן מען ניט אָנפיהרען דעם פּראָ־לעטאַרישען קלאַסען־קאַמף אָהן א באַשטימטען ענד־ציעל, אָהן אַן עקאָנאָמישער באַגרינדונג. צושיידט זיך בערנשטיין מיט'ן קלאַ־סען־קאַמף און פּראָקלאַמירט שלום מיט דעם בורזשואַזען ליבעראַ־ליזם.

אין א קלאַסען־געזעלשאַפט אָבער איז די שנאה צווישען די קלאַסען א גאַנץ נאָרמאַלע ערשיינונג. און בערנשטיין מוז שוין זיין לאָגיש און אָפּלייקענען די עקזיסטענץ פון קלאַסען אין דער היינטיגער געזעלשאַפט. דער ארבייטער קלאַס איז ביי איהם אין די אויגען א הורבע פון ניט נאָר פּאָליטיש און גייסטיג, נאָר אויך עקאָנאָמיש צואַוואָרפענע אינדיווידומען. די בורזשואַזיע אליין, לויט בערנשטיין'ס מיינונג, פאַראייניגט זיך ניט דורך אינערליכע עקאָנאָמישע אינטערעסען, נאָר בלויז דורך די פּאָליטישע, אי דאָס א דאַנק דעם אויסערליכען דרוק, וואָס קומט אָדער פון אויבען, אָדער פון אונטען.

נאָר אויב דער קלאַסען־קאַמף האָט ניט קיין עקאָנאָמישען באָדען און ס'איז נאָר אפילו קיין קלאַסען ניטאָ, איז דאָך דער צוקינפטיגער קאַמף פון'ם פּראָלעטאַריאַט געגען דער בורזשואַזיע אונמעגליך און די עקזיסטענץ פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און איהרע פאָרטשריטען לחלוטין אומפאַרשטענדליך. נאָר אפשר איז איהר עקזיסטענץ מעהר ניט ווי א רעזולטאַט פון דער רעגירונגס־ווילקיר? אפשר איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ניט גאָר קיין נאַ־טירליכער פּראָדוקט פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג, נאָר א צופעליגער פועליוצא פון דעם האָהענצאָלערן־קורס? אפשר גאָר

איז זי אַן אומגעזעצליך קינד פון דער רעאַקציע און ניט געבאָרען „כדת משה וישראל" פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט? אָט אַזוי האָט די שטרענגע לאָגיק אָפּגעשטויסען בערנשטיינען פון דעם מאַטעריאַליסטישען קוק אויף דער געשיכטע און צוגעפיהרט ביז צו דער וועלט־אַנשויאונג פון דער „פראַנקפורטער צייטונג" און דער „פאָסישער צייטונג" (בורזשואַז־ליבעראַלע צייטשריפטען. — איבערז.)

די איינציגע זאַך וואָס בלייבט צו טאָן נאָכדעם ווי מען זאָגט זיך אָפּ פון דער סאָציאַליסטישער קריטיק אויף דער קאַפּיטאַליס־טישער אָרדנונג, איז צו אַנערקענען דאָס עקזיסטירענדע אַלס פּאַר־נונפטיג און גוט. נאָר אפילו דאָס שרעקט אויך ניט אָפּ בערנ־שטיינען. די דייטשע רעאַקציע איז ביי איהם גאָר ניט אַזוי מסוכן: „אין די מערב־אייראָפּעאישע מלוכות באמערקט מען ניט קיין שטאַרקע רעאַקציע; אין אַלע מערב־לענדער טראָגען די בור־זשואַזע באַציהונגען צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און צו דער באַ־וועגונג בכלל, אין ערגסטען פאַל, מעהר ניט ווי אַ שוץ־כאַראַקטער, און בשום אופן ניט קיין אָפּענסיווען כאַראַקטער.*) דער אַרביי־טער קלאַס זינקט ניט אין קיין אָרעמקייט, אדרבא, ער ווערט אַלץ רייכער. די בורזשואַזיע איז פּאָליטיש פּראָגרעסיוו און אפילו מאָ־ראַליש געזונד. מען זעהט ניט קיין רעאַקציע, מען באַמערקט ניט קיין אונטערדריקונג — אַלעס איז אויפ'ן בעסטען שטייגער אין אונזער גליקליך וועלטעל...

בערנשטיין גליטשט זיך אויף אַזאַ אופן גאַנץ לאָגיש און קאָנ־סעקווענט אַלץ באַרג אַראָפּ. אָנגעפאַנגען האָט ער צו לייקענען אין דעם ענד־ציעל צוליעב דער באַוועגונג. פאַקטיש קאָן אָבער ניט עקזיסטירען קיין באַוועגונג אָהן אַזאַ ענד־ציעל, — מוז ער זיך אָפּזאָגען פון דער באַוועגונג אויך.

אַלע בערנשטיין'ס סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען זיינען זיך צופלויגען. פון דער גאוה'דיגער, סימעטרישער און וואונדערבאַרער געביידע, פון דער גאַנצער מאַרקסיסטישער סיסטעם, איז ביי איהם מעהר ניט געבליבען ווי אַ הויפען שטיינער און ציגעל. אין אָט דעם

---

*) פאָרוועערטס, 26־טען מערץ, 1899.

בארג זיינען באגראבען געוואָרען שטיקלאך און ברעקלאך פון פאַרשיידענע סיסטעמען, געדאַנקען־פונקטען פון אַלע פאַרשיידענע גרויסע און קליינע מוחות: מאַרקס און פּרודאָן, לעאָ פאָן־בוך און פראַנץ אָפּענהיימער, פריעדריך אַלבערט לאַנגע און קאַנט, הערר־פּראָקאָפּאָוויטש און דאָקטאָר ריטער פאָן־נייפּאוער, הערקנער און שולץ־דרעווערניץ, לאַססאַל און פּראָפעסאָר יוליוס וואָלף — אַלע האָבען זיי בייגעשטייערט זייער טייל, ביי אַלעמען האָט ער זיך צוביסלאך געלערנט. און וואָס איז דאָ דער חדוש! ער האָט פאַרלאָרען זיין פּאָליטישען קאָמפּאַס, ווייל ער איז אַראָפּ פונ'ם שטאַנדפּונקט פון קלאַסען־האַס. די וויסענשאַפטליכע אַקס, ארום וועלכער די איינצעלנע פאַקטען קריסטאַליזירען זיך און בינדען זיך צוזאַמען אין איין אָרגאַניש־גאַנצעס, האָט ער אויך פאַרלאָרען, ווייל ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם.

פון ערשטען בליק אין זיין טעאָריע, וואָס איז צונויפגעשטוקעוועט פון פאַרשיידענע שטיקלאך און ברעקלאך פון פאַרשיידענע סיסטעמען, גאַנץ ניש'קשה'דיג. בערנשטיין וויל אפילו ניט הערען פון א „פּאַרטיי־וויסענשאַפט", אָדער ריכטיגער, פון א קלאַסען־וויסענשאַפט, פונקט ווי ער וויל ניט הערען וועגען א „קלאַסען־ליבעראַליזם" אָדער א „קלאַסען־מאָראַל". ער ערקלערט, אז ער שטעלט פאָר די אַלמענשליכע אבסטראַקטע וויסענשאַפט, דעם אבסטראַקטען ליבעראַליזם און די אבסטראַקטע מאָראַל. די געזעלשאַפט אָבער באַשטעהט דאָך פאָרט פון קלאַסען. די קלאַסען האָבען דאָך דיאַמעטראַל־געגענגעזעצטע אינטערעסען, אידעאַלען און איבערציי־גונגען. ממילא מוז די אַלגעמיין־מענשליכע וויסענשאַפט אין סאָציאַלע פראַגען, דער אבסטראַקטער ליבעראַליזם און די אבסטראַקטע מאָראַל בלייבען דערווייל א פאַנטאַזיע און זעלבסט־נאַרעריי. די אַלגעמיין־מענשליכע וויסענשאַפט, דעמאָקראַטיע און מאָראַל, וואָס בערנשטיין פאַרטיידיגט אזוי, זיינען אייגענטליך נאָר די הערשענדע, ד. ה. די קאַפּיטאַליסטישע וויסענשאַפט, די קאַפּיטאַליסטישע דעמאָקראַטיע און די קאַפּיטאַליסטישע מאָראַל.

ווארום לאָמיר זיך ניט נאַרען! ווען ער זאָגט זיך אָפּ פון דער מאַטעריאַליסטישער סיסטעם פון מאַרקס'ן, כדי צו שווערען טריי־היט צו דער שולע פון ברענטאַנאָ, בעם־באַווערק, דזשעוואָנס,

סעיטען און יוליוס וואָלף, פּאַרבייט ער דאָך די וויסענשאַפטליכע באַ־גרינדונג פון דער באַפרייאונג פון'ם ארבייטער קלאַס מיט אַ פּשוט'ע אַפּאָלאָגיע פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. ווען ער רעדט וועגען דעם אַלגעמיין־מענשליכען כאַראַקטער פון ליבעראַליזם, און בעת מעשה ערקלערט ער דעם סאָציאַליזם אַלס אַ פאַרזעהעניש ר"ל פון דעם ליבעראַליזם, באַרויבט ער דאָך דעם סאָציאַליזם פון זיין קלאַסען־כאַראַקטער און נעהמט ביי איהם צו זיין היסטאָרישען אינהאַלט און בכלל יעדען אינהאַלט. דערמיט גופא דערהויבט ער דעם היסטאָרישען טרעגער פון ליבעראַליזם — די בורזשואַזיע— צו דער שטופע פון אַ פאַרשטעהער פון די אַלגעמיין־מענשליכע אינ־טערעסען.

ער וויל ניט צושרייבען צו די „מאַטעריעלע כחות קיין אַלמעכטיגקייט אין דעם היסטאָרישען פּראָגרעס". ער איז געגען דער „פאַראַכטונג צום אידעאַל" וואָס הערשט אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ער נעהמט אונטער זיינע פליגעל דעם ליבעראַליזם און די מאָראַל. פאַרקערט, צום איינציגען קוואַל פון דער מאָראַלער אויפלעבונג פונ'ם פּראָלעטאַריאַט — צום קלאַסען־קאַמף — האָט ער בערג מיט טענות. וואָס־זשע הייסט דאָס? פּרעדיגט ער ניט באמת צום פּראָלעטאַריאַט דעם תמצית פון דער בורזשואַזער מאָ־ראַל? פּרעדיגט ער דען ניט קיין שלום מיט דער עקזיסטירענדער אָרדנונג? און וויל ער דען ניט איבערטראָגען אונזערע האָפנונגען ערגעץ אין די הימלען?

ער שיסט אויס זיינע שאַרפסטע פיילען אין קאַמף געגען דער דיאַלעקטיק. הייסט דאָס דען ניט אַז ער קעמפּפט געגען דעם ספּע־ציפישען געדאַנקען־גאַנג פון דעם אויפגעוואַכטען און באַוואוסט־זיניגען פּראָלעטאַריאַט? קעמפט ער דען ניט געגען דעם ליכט, וואָס העלפט דעם פּראָלעטאַריאַט צו פאַרטרייבען די פינסטערניש פון זיין היסטאָרישער צוקונפט, געגען זיין גייסטיגער געוועהר, וואָס איז שוין איצט מנצח די בורזשואַזיע? ער קעמפט דאָך געגען געוועהר, וואָס גיט דעם פּראָלעטאַריאַט די מעגליכקייט צו איבער־צייגען דער בורזשואַזיע אין איהר ענדליכער מפּלה, און אין זיין ענדליכען נצחון, געגען דער געוועהר, וואָס האָט שוין פאַראורזאַכט אַ רעוואָלוציע אין דער געדאַנקען־וועלט. ער גט אָפּ די דיאַלעק־

טיק און געוואוינט זיך איין צו דעם איבערצייגונגס־מאניר: „פון איין זייט און פון דער צווייטער זייט", „יא — אָבער", „הגם — גאָר פונדעסטוועגן", „מעהר אָדער ווייניגער". פאַרשטעהט זיך, אז ער מוז לאַנישערוויזע בלייבען אונטער דער ווירקונג פון דעם צופוילטען בורזשואזען ארט־דענקען, וואָס איז אויך אָפּהענגיג פון היסטאָרישע באַדינגונגען, אַן ארט דענקען, וואָס איז אַן אמת׳ע גייסטיגע אָפּשפּיעגלונג פון דער בורזשואזער עקזיסטענץ און איהר טהעטיגקייט. קאַפּריווי־האָהענלאָע, בערלעפּש־פּאָסאַדאָווסקי, די פּעברואר־„אוקאזען", דער קאַטאָרזשנער געזעץ־פּראָיעקט, פּאָליטיש „פון איין זייט", „אויב און נאָר", איז אזוי אייגענטימליך דער היינטיגער בורזשואזיע, דאָס איז אזוי עהנליך צו בערנשטיין׳ס ארט דענקען. זיין ארט דענקען איז דער בעסטער און כאַראַקטע־ריסטישסטער סימן פון זיין בורזשואזער וועלט־אנשויאונג.

נאָר ביי בערנשטיינען איז „בורזשואזער" ניט קיין קלאַסען־טערמין, נאָר אַ געוואוינליכער געזעלשאַפטליכער באַגריף. ווען מען שטעלט אוועק דעם טראָפּ אויף זיין ריכטיגען פּלאַץ, הייסט דאָס, אז בערנשטיין האָט פאַרביטען די פּראָלעטארישע שפּראַך אין דער וויסענשאַפט, פּאָליטיק, מאָראַל און אין דענקען אויף דער שפּראַך פון דער בורזשואזיע. מיט דעם וואָרט „בירגער" באַצייכענט ער אי אַ בורזשוא אי אַ פּראָלעטאריער, אי פּשוט אַ מענשען, און די גאַנצע מענשליכע געזעלשאַפט באַקומט ביי איהם דאָס פּנים פון אַ בורזשואזער.

דער, וואָס האָט נאָך ביים אָנפאַנג פון די דעבאַטען מיט בערנשטיינען געגלויבט, אז מיט ארגומענטען פון׳ם סאָציאַל־דע־מאָקראַטישען ארסענאַל וועט מען איהם קאָנען נאָך אמאָל באַ־קערען צו דער פּאַרטיי, דאַרף זיך איצט אָפּזאָגען פון אזא האָפ־נונג. ווייל איצט זיינען איינע און די זעלביגע ווערטער פאַר ביידען פאַרשיידענע באַגריפען, איינער און דערזעלביגער באַגריף באַצייכענט איצט פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען. די פּאָ־לעמיק מיט בערנשטיינ׳ען איז איצט געוואָרען אַ ויכוח פון צוויי פאַרשיידענע וועלט־אנשויאונגען, פון צוויי קלאַסען פון צוויי פאַר־שיידענע געזעלשאַפטליכע פאָרמען. בערנשטיין און די סאָציאַל־

דעמאָקראַטיע שטעהען איצט אויף צוויי געגענזעצליכע שטאַנד־פונקטען.

## 5. דער אָפּאָרטוניזם אין טעאָריע און אין פּראַקטיק.

בערנשטיין׳ס בוך האָט אַ באַדייטונג פון גרויסער היסטאָרי־שער וויכטיגקייט ניט נאָר פאַר דער דייטשער, נאָר אויך פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער באַוועגונג. דאָס איז דער ערשטער פאַרזוך צו שאַפען אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג פאַר די אָפּאָטוניס־טישע שטרעמונגען אין דער פּאַרטיי.

באַוויזען האָבען זיך די אָפּאָרטוניסטישע שטרעמונגען אין אונזער פּאַרטיי שוין לאַנג, ווען מען זאָל נעהמען אין אכט זייער ספּאָראַדישע באַרשפּרייטונג, ווי, למשל, בעת דער וויכטיגער פראַגע וועגען שטיצע פאַר די פּאָלקס־געזעלשאַפטען. אָבער אַ קלאָרען אויסדרוק האָבען זיי באַקומען ערשט אין אָנפאַנג פון די ניינציגער יאָהרען נאָכ׳ן פאַל פון דעם סאָציאַליסטישען געזעץ, בעת די פּאַר־טיי איז לעגאַל געוואָרען. פאָלמאַר׳ס פאָלקס־סאָציאַליזם, די אָפּ־שטימונג פאַר׳ן באַיערישען בודזשעט, דער זיד־דייטשער אַגראַר־סאָציאַליזם, היינע׳ס פּראָיעקטען מכח קאָמפּענסאַציע און שיפּעל׳ס מיליטאַריסטישער שטאַנדפּונקט און זיין נייגונג צו טאַריפען — דאָס זיינען די הויפּט־פונקטען אין דער ענטוויקלונג פון דער אָפּאָר־טוניסטישער פּראַקטיק.

מיט וואָס צייכענען זיי זיך אויס אויסערליך? מיט זייער שנאה צו „טעאָריע׳. דאָס איז פאַרשטענדליך. ווייל אונזער טע־אָריע, ד. ה. די גרונד־פּרינציפּען פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָ־ציאַליזם, שטעלט אַוועק די פּראַקטישע טעטיגקייט, סיי בנוגע צו אונזערע ציעלען, סיי בנוגע צו די מיטלען ווי אויך בנוגע צו דער טאַקטיק אין קאַמף, אין באַשטימטע ראַהמען. און די, וואָס יאָגען זיך נאָך פּראַקטישע רעזולטאַטען וויזען דערפאַר ארויס אַזאַ פאַרלאַנג זיך אויפצובינדען די הענד, בעסער געזאָגט, זיי ווילען אָפּטיילען די פּראַקטיק פון דער טעאָריע און ווערען זעלבסט־שטענדיג.

נאָר אָט די זעלביגע טעאָריע טאָקע מאַכט פון זיי אַ תל ביי

יעדען פּראַקטישען פּאַרזוך זייערען. דער שטאַאַטס־סאָציאַליזם, דער אגראַר־סאָציאַליזם, די קאָמפּענסאַציאָנס־פּאָליטיק (די פּאָליטיק צו פאַרגיטיגען אין פאַל פון אַן אומגליק), די פראַגע וועגען פאָלקס־מיליץ האָבען דעם אָפּאָרטוניזם געבראַכט לויטער מפּלות. עס איז קלאָר דערפאַר, אַז דער אָפּאָרטוניזם האָט זיך געמוזט אָננעהמען מיט מוט און אַרויסשטעלען אייגענע פּרינציפּען, אַן אייגענע טעאָריע אַנשטאַט זיך אונטערצוגראָבען אונטער אונזערער. אַלאַ־ניט וואָלטען זיך אונזערע קלעפּ געשאָטען אויף זיי אָהן אַן אויפהער. בערנשטיין'ס טעאָריע איז געווען אַ פּאַרזוך אין דעם זין; דערפאַר טאַקע האָבען זיך אַרום בערנשטיין'ס פאָהן גרופּירט אַלע אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטען ביים „פּאַרטיי־טאָג" אין שטוטגאַרט. פּונקט ווי אין דער פּראַקטישער טעטיגקייט פון דער פּאַרטיי איז די ערשיינונג פון דעם אָפּאָרטוניזם געווען גאַנץ נאַטירליך, אַ רעזולטאַט פון די קאַמף־באַדינגונגען און פון דעם וואוקס פון דער פּאַרטיי, אַזוי איז אויך די ערשיינונג פון בערנשטיין'ס טעאָריע פאַרשטענדליך. דאָס איז אַ פּאַרזוך אָפּצוזוכען פאַר דער שטרעמונג אַן אַלגעמיינע טעאָרעטישע באַגרינדונג און אַ סוף צו מאַכען פון'ם ווּיסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. בערנשטיי,'ס טעאָריע איז שוין פון אָנפאַנג אַן געוועזען אַ מין טעאָרעטישער „עקזאַמען" פון'ם אָפּאָרטוניזם, וואָס וויל זיך לעגאַליזירען ווּיסענשאַפטליך.

מיט וואָס־זשע ענדיגט זיך אָט דער „עקזאַמען"? מיר האָבען דאָס שוין געזעהן. דער אָפּאָרטוניזם קאָן ניט אַרויסשטעלען קיין פּאָזיטיווע טעאָריע, וואָס זאָל עטוואָס קאָנען אויסהאַלטען די קריטיק. אַלעס, וואָס ער קאָן, איז — אָנפאַלען אויף עטליכע איינציגע פּונקטען פון דער מאַרקסיסטישער לעהרע. די לעהרע אָבער שטעלט מיט זיך פאָר עטוואָס שטאַרקעס, גאַנצעס און אונטיילבאַרעס. מוז בערנשטיין צוואוואַרפען די גאַנצע געביידע פון אויבען ביז אַרונטער. דאָס איז שוין אַ באַוויז, אַז דער אָפּאָרטוניזם איז קיין פאָר ניט מיט דער לעהרע פון מאַרקס'ן.

עס באַווייזט אויך, אַז דער אָפּאָרטוניזם איז מיט דעם סאָציאַליזם בכלל אַ קליינער מחותן, אַז ער האָט די טענדענץ אַריינ־

צושפּאַרען די אַרבייטער באַוועגונג אין ענגע בורזשואַזע ראַהמען, ד. ה. אין גאַנצען אָפּצושוואַכען דעם פּראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמף. פון דעם היסטאָרישען שטאַנדפּונקט איז דער קלאַסען־קאַמף, פאַרשטעהט זיך, ניט איינס און דאָס זעלביגע, וואָס די מאַרקסיסטישע לעהרע.

נאָך פאַר מאַרקס'ן האָט עקזיסטירט אַן אַרבייטער באַוועגונג. עס זיינען אויך געוועזען פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע סיסטעמען, וואָס האָבען, יעדע אויף איהר אַרט און לויט די צייט־באַדינגונגען, טעאָרעטיש אויסגעדריקט די פּרייהייטס־שטרעבונגען פון דעם אַרבייטער קלאַס. די באַגרינדונג פון'ם סאָציאַליזם דורך מאָראַלע באַגריפען וועגען גערעכטיגקייט, דער קאַמף געגען דעם אופן פון פאַרטיילונג אַנשטאַט אַ קאַמף געגען פּראָדוקציאָנס־אופן, דאָס באַגרייפען פון די קלאַסען־געגענזאַצען אַלס חילוק צווישען אָרעמע און רייכע, די שטרעבונג צו פאַרפלאַנצען „אַסאָסיאַציעס“ אויף'ן באָדען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט — אַט דאָס אַלעס וואָס מיר באַגעגענען אין בערנשטיין'ס סיסטעם, איז פאַר אונז שוין ניט נייע און איז אונז באַקאַנט שוין פון אַמאָל. אַט די אַלע טעאָריעס, הגם אוטאָפּיסטיש, זיינען דאָך געוועזען אין זייער צייט די טעאָריעס צו באַגרינדען דעם פּראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמף. דאָס זיינען געווען די ערשטע גיגאַנטישע טריט פון'ם פּראָלעטאַריאַט אין זיין גיגאַנטישען צוג.

נור דער פּראָצעס פון קלאַסען־קאַמף און די געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען פון זיין ענטוויקלונג האָבען אַט די טעאָריעס אָפּגעוויישט, און האָבען פאַראורזאַכט און אַרויסגערופען די פּרינציפּען און די פאָרמולירונג פון'ם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. און אויב ערגעץ אַנדערש יאָ, קאָן אָבער לכל הפּחות אין דייטשלאַנד ניט זיין קיין אַנדער סאָציאַליזם אויסער דעם מאַרקסיסטישען, קיין אַנדער קלאַסען קאַמף אויסער דעם, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פיהרט אָן. דערפאַר איז דער סאָציאַליזם און מאַרקסיזם, דער פּראָלעטאַרישער פרייהייטס־קאַמף און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איינס און דאָס זעלבע. אומקערען זיך צו די פאַר־מאַרקסיסטישע טעאָריעס פון'ם סאָציאַליזם, וואָלט געהייסען פּשוט זיך איינוויקלען אין דער צופוילטער אידעאָלאָגיע פון דער בורזשואַזיע.

בערנשטיין'ס טעאָריע איז געווען דער ערשטער און לעצטער פאַרזוך פון דעם אָפּאָרטוניזם אָפּצוזוכען פאַר זיך אַ טעאָרעטישען פונדאַמענט. מיר זאָגען „דער לעצטער" דערפאַר, ווייל לויט זיינ געמיש פון אַלע טעאָריעס, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט קריגען, כדי אָפּצולייקענען דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, איז ער אַזוי ווייט אוועק, אַז ווייטער קאָן מען שוין ניט געהן. אי טעאָרעטיש, אין בערנשטיין'ס ווערק, און אי פּראַקטיש, אין שיפּפּעל'ס שטעלונג צום מיליטאַריזם, האָט דער אָפּאָרטוניזם דערגרייכט דעם העכסטען קולמינאַציאָנס־פּונקט אין זיין ענטוויקלונג, און איז געקומען צו זיינע לעצטע שליסע.

די טעאָריע פון מאַרקס'ן איז ניט נאָר בכח טעאָרעטיש צו צוקלאַפּען דעם אָפּאָרטוניזם, נאָר ערקלערט אפילו די אורזאַכען פון זיין ערשיינען אין דער ענטוויקלונג פון דער פּאַרטיי. די גרויסע היסטאָרישע באַוועגונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון דעם אָנפאַנג און ביז צו איהר ענד־ציעל איז „גאָרניט אַזאַ איינפאַכע זאַך". די באַוועגונג צייכענט זיך אויס אין דער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג דערמיט, וואָס דאָ טרעטען די ארבייטער מאַסען צום ערשטען מאָל ארויס געגען אַלע הערשענדע קלאַסען, נאָר זייער ציעל און די פאַרווירקליכונג פון זייער ווילען קען מקוים ווערען ערשט אין אַן אַנדער געזעלשאַפט. אָט דער ווילען פון די מאַסען קריסטאַליזירט זיך אין דעם שטענדיגען קאַמף געגען דער עקזיסטירענדער אָרדנונג און אין איהרע ראַהמען.

די הויפּט־פּראָבלעם פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — איז די פאַראייניגונג פון די מאַסען צוליעב אַ ציעל, וואָס ליגט אויסער די גרעניצען פון דער היינטיגער אָרדנונג, די פאַראייניגונג פון דעם טאָג־טעגליכען קאַמף מיט דער וועלט רעפאָרם. לאָגיש, מוז אָט די באַוועגונג מאַכען איהר צוג, אין דעם פּראָצעס פון ענטוויקלונג צווישען צוויי אונטער־וואַסער שטיינער: צווישען דער אבנייגונג פון איהר מאַסען כאַראַקטער און דער אָבנייגונג פון איהר ענד־ציעל, צווישען אַ שריט צו „סעקטאַנסטוואַ" און אַ שריט צו דער בורזשואַזער רעפאָרמאַטאָרישער באַוועגונג, צווישען אַנאַרכיזם און אָפּאָרטוניזם.

די טעאָריע פון מאַרקס'ן האָט, פאַר אַ משך פון אַ האַלבען

יאָהרהונדערט, צוגעשטעלט געגוג טויטליכע וואפען פון איהר טעאָרעטישען ארסענאַל פאר אַט די צוויי עקסטרעמען. אונזער באַוועגונג איז אַ מאַסען־באַוועגונג, און די סכנות, וואָס לויערען אויף איהר, ווערען ניט צוגעטראכט דורך מענשליכע קעפּ, נאָר שטאַמען פשוט פון געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען. דערפאַר קען מען ניט ערוואַרטען, אַז די טעאָריע פון מאַרקס'ן זאָל איין מאָל פאר אַ:ע מאָל פאַרקויפען דעם וועג אַלע אַפּאָרטוניסטישע און אַנאַרכיסטישע אבוועגדונגען. אַט די אבוועגדונגען קענען באַזיעגט ווערען נאָר אין דעם פּראָצעס פון דער באַוועגונג גופא, נאָר דאַמאָלט ווען זיי ווערען אָנגעווענדעט אין דער פּראַקטיק און טאַקע נאָר מיט דעם געוועהר, וואָס די לעהרע פון מאַרקס'ן האָט פאַר אונז צוגעגרייט. די קלענערע סכנה, די אַנאַרכיסטישע קרענק — אַ מין קינדערשע מאַזלען ר"ל — איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שוין איבערגעקומען. די גרעסערע סכנה, די אָפּאָרטוניסטישע, מוז זי איצט מנצח זיין.

די פאַרטיי האָט אונגעהייער אַ וואקס געטאָן אין דער ברייט. די באַדינגונגען, אונטער וועלכע דער קאַמף ווערט געפיהרט און די אויפגאַבען פון אַט דעם קאַמף, זיינען געוואָרען שטאַרק קאָמפּליצירט. עס האָט דערפאַר, געמוזט קומען אַ מאָמענט פון ספקות אין דער פאַרווירקליכונג פון אַט דעם גרויסען ענד־ציעל, אַ מאָמענט פון ספקות אין די אידעאַלע עלעמענטען פון דער באַוועגונג. דוקא אַזוי, און ניט אַנדערש, דאַרף פאָרקומען די ענטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. פאַר דער טעאָריע פון מאַרקס'ן זיינען אַט די אַלע ספקות ניט קיין אונערוואַרטעטע זאַך, אדרבא מאַרקס האָט דאָס פאָראויסגעזעהן און פאָראויסגעזאָגט.

„די בורזשואַזע רעוואָלוציעס", האָט מאַרקס געשריבען מיט אַ האַלבען יאָהרהונדערט צוריק, „די רעוואָלוציעס פון דעם 18טען יאָהרהונדערט, געהן שנעל אריבער פון ערפאָלג צו ערפאָלג, זייערע דראַמאַטישע עפעקטען שטייגען אריבער איינע די אַנדערע אין קראַפט, יעדער טאָג איז פול מיט'ן עקסטאַז פון לעבען; זיי לעבען אָבער ניט לאַנג; נאָך זייער קולמינאַציאָנס־פּונקט קומט אָן אַ לאַנגע רעאַקציע; די געזעלשאַפט האָט נאָך קיין מעגליכקייט ניט געהאַט זיך צו באַנוצען אויף אַ ניכטערען שטייגער מיט די

רעזולטאַטען פון קאַמף און שטורמישען אָנפאַל. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס, די רעוואָלוציעס פון 19טען יאָהרהונדערט, קריטיקירען זיך אַליין אָהן אַן אויפהער, האַלטען זיך אַליין אין איבעררייסען, קעהרען זיך צוריק אום צום כלומר'שט פאַרענדיגטען און דערגרייכטען, כדי נאָך אַמאָל אָנצופאַנגען פון אָנפאַנג, פאַראַכטען מסוכן זייער האַלבקייט און שוואַכקייט פון די ערשטע אונערפאָלגרייכע פּאַרזוכען זייערע, באַזיעגען כלומר'שט זייערע געגנער, כדי יענע, זאָלען, מיט מעהר קרעפטען, נאָך מיט אַ גרעסערער פאַרביסענהייט אויף זיי זיך אַרויפוואַרפען און שפּרינגען אָפּ צוריק אויס פּחד פאַר דער אונבאַשטימטקייט פון די אייגענע ציעלען, ביז עס ווערט באַשאַפען אַזאַ לאַגע, אַז צוריק אומקעהרען זיך איז אונמעגליך, ביז די באַדינגונגען גופא פאָדערען:

— „אָט דאָס איז רהאָדס, און אָט שפּרינג!“

אָט דער גאַנג איז געבליבען אַ געזעץ אויך נאָכדעם, ווי די סיסטעם פון'ם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם איז אויפגעבויט געוואָרען. דורך דעם אָבער איז די פּראָלעטאַרישע באַוועגונג ניט געוואָרען פּלוצלונג סאָציאַל־דעמאָקראַטיש, ניט אין דייטשלאַנד, ניט ערגעץ וואו אַנדערש. מיט יעדען טאָג ווערט אָבער די באַוועגונג אַלץ מעהר סאָציאַל־דעמאָקראַטיש, איז מנצח אַלע אָבוועגדונגען סיי צום אַנאַרכיזם סיי צום אַפּאַרטוניזם, וואָס זיינען אין תוך מאָמענטען אין דער באַוועגונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווען מען קוקט אויף איהר ווי אויף אַ פּראָצעס.

און צוליעב די אָנגעגעבענע אורזאַכען איז ניט די ערשיינונג פון דעם אָפּאָרטוניזם אונערוואַרטעט, נאָר זיין שוואַכקייט. ביז דער אָפּאָרטוניזם האָט זיך נאָר אַרויסגעוויזען אין איינציגע אָפּגעריסענע צופאַלען, האָט מען נאָך געקענט ערוואַרטען אַן ערנסטע טעאָרעטישע גרינדונג פון זיין זייט. נאָר אָט איז ער ערשיענען אין זיין גאַנצען פּראַכט און גלאַנץ אין בערנשטיין'ס בוך! און יעדער פון אונז מוז מיט פאַרוואונדערונג פרעגען: וואָס, איז דאָס טאַקע אַלעס, וואָס איהר האָט צו זאָגען? קיין איין פּונק פון אַ נייעם געדאַנק! קיין איין געדאַנק, וואָס דער מאַרקסיזם זאָל ניט האָבען צוקלאַפּט און פאַרשפּאַט!

דער אָפּאָרטוניזם האָט געדאַרפט נאָר עפענען זיין מויל, און

אונז איז גלייך קלאָר געוואָרען, אז ער האָט גאָר ניט וואָס צו זאָגען. אין דעם אייגענטליך ליגט די היסטאָרישע פּאַרטיי־באַדייטונג פון בערנשטיין'ס ווערק.

בערנשטיין צושיידט זיך מיט דעם אַרט־דענקען פון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט, מיט דער דיאַלעקטיק און מיט'ן מאַטעריאַליסטישען בליק אויף דער געשיכטע. ער פאַרגעסט בעת מעשה זיי אָפּדאַנקען פאַר זייער ווייכען פּסק־דין איבער איהם: ביז אַ געוויסען גראַד באַרעכטיגען זיי דאָך זיין „שמד". נאָר אַ דאַנק דער דיאַלעקטיק און דעם מאַטעריאַליסטישען בליק אויף דער געשיכטע, אַ דאַנק זייער גרויסמוטה, גיט זיך בערנשטיינען איין אויסצודריקען די ספקות און דאָס וואַקלען פון דעם פּראָגרעסירענדען פּראָלעטאַריאַט, כדי ער, דער פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך קענען נעהנטער איינקוקען אין אָט די ספקות, און מיט שפּאָט און פאַראַכטונג זיי ווייטער אוועקשליידערען.

מיר האָבען געזאָגט: די באַוועגונג ווערט אַלץ מעהר סאָציאַליסטיש, וואָס מעהרער זי באַזיעגט די אָפּאָרטוניסטישע און אַנאַרכיסטישע שטרעמונגען, וואָס שטאַמען פון איהר ענטוויקלונגס־פּראָצעס. נאָר באַזיעגען הייסט ניט רוהיג צוקוקען זיך צום לעבען און לאָזען דאָס אויף גאָטס באַראָט. באַזיעגען די היינטיגע אָפּאָרטוניסטישע שטרעמונג הייסט זי אָפּשליידערען פון זיך.

בערנשטיין ענדיגט זיין בוך מיט אַן עצה צו דער פּאַרטיי, אַז זי, די פּאַרטיי, זאָל וואַגען צו זיין דאָס, וואָס זי איז, ד. ה. אַ דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון רעפאָרמען. די פּאַרטיי, ד. ה. די העכסטע איינריכטונג, דער „פּאַרטייטאָג" האָט זיך געדאַרפט, לויט אונזער מיינונג, מיט בערנשטיינען אָפּרעכענען פאַר אַזאַ'ן עצה, צאָהלען איהם מיט דער זעלבער מטבע, צווינגען איהם אָפיציעל זיך זעלבסט צו ערקלערען אַלס קליינבירגערליכער דעמאָקראַט־פּראָגרעסיסט.

## 1.

אַלע שריפטען און מיינונגען איבער דעם מאַסען־סטרייק, וואָס מען קאָן געפינען אין דער ליטעראַטור פון אינטערנאַציאָנאַלען סאָ־ציאַליזם, זיינען געשריבען און ארויסגעזאָגט געוואָרען פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע איז געווען דער ערשטער היסטאָרי־שער עקספּערימענט ,וואָס האָט געזוכט אָנצואווענדען דעם דאָ־זיגען קאַמפּס־מיטעל אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב. דערמיט ער־קלערט זיך דער פאַקט וואָס זיי זיינען אַלע פאַרעלטערט און קאָנען ניט אָנגעווענדעט ווערען אויף די נייע, פאַרענדערטע אומשטענדען. ביז אַהער איז מען צו דער פראַגע פון מאַסען־סטייק צוגעקומען מיט דעם זעלבען שטאַנדפונקט, פון וועלכען פריעדריך ענגעלס האָט אין 1873 געשריבען וועגען באַקונין'ס „רעוואָלוציע־מאַכעריי" אין שפּאַניען:

דער גענעראַל־סטרייק, לויט דער פּראָגראַם פון די באַ־קוניסטען, איז דאָס מיטעל, וואָס דאַרף ברענגען צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אין איין שעהנעם פריהמאָרגען וואַרפען אַלע אַרבייטער פון אַ געוויסען לאַנד, אָדער זאָגאַר פון דער גאַנצער וועלט, אַוועק די אַרבייט און דורכדעם צווינגען זיי, אין אַ משך פון ניט מעהר ווי אַ מאָנאַט, די הערשענדע קלאַסען אָדער זיך אונטערצוגעבען צו די אַר־בייטער אָדער זיי אַטאַקירען. די אַרבייטער, באַנוצענדיג זיך מיט דעם רעכט פון זעלבסט־פאַרטיידיגונג אין פאַל פון אַן אַטאַקע מצד דער בורזשואַזיע, וואַרפען אום איינגאַנצען די אַלטע אָרדנונג. דער דאָזיגער געדאַנק איז ווייט ניט קיין נייער. נאָך אין 1848 זיינען פיעלע פראַנצויזישע און דער־נאָך בעלגישע סאָציאַליסטען ארויסגעטראָטען אויף אָט דעם

פּאַראַדנעם פערד, וועלכער איז פון ענגלישער אָפּשטאַמונג. נאָך אין דער צייט פון דעם שנעלען און מעכטיגען וואוקס פון דעם ט ש א ר ט י ז ם *) וואָס איז געקומען נאָך דעם קריזיס פון 1837, איז צווישען די ענגלישע ארבייטער פאַרשפּרייט געוואָרען דער געדאנק פון דעם אַזוי־גערופענעם „הייליגען מאָנאַט“, — אַ סטרייק, וואָס זאָל ארומכאַפּען די גאַנצע נאַציע. די פּראָפּאַגאַנדאַ פון דעם דאָזיגען געדאַנק האָט געהאַט אַזאַ ערפאָלג, אַז די פאַבריק ארבייטער פון צפון ענגלאַנד האָבען זאָגאַר אין יולי 1842 געפּרואווט איהם צו פאַרווירקליכען.

„אויף דעם זשענעווער קאָנגרעס פון דער אַליאַנץ, דעם ערשטען סעפּטעמבער 1873, האָט דער גענעראַל סטרייק אויך געשפּיעלט אַ פּראָמינענטע ראָל; עס איז אָבער פון אַלעמען אנערקענט געוואָרען, אַז פאַר דעם זיינען נויטיג גרויסע סומען געלד און אַ פאָלשטענדיגע אָרגאַניזאַציע פון דעם ארבייטער קלאַס. און אין דעם ליגט טאַקע די גרויסע שוועריגקייט. ערשטענס וועלען די רעגירונגען קיינמאָל ניט דערלאָזען אַז די פינאַנציעלע און אָרגאַניזאַציאָנע קרעפטען פון דעם ארבייטער קלאַס זאָלען דערגרייכען צו אַזאַ מאַסשטאַב, בפרט נאָך ווען די ארבייטער וועלען זיי צוגעבען מוט מיט דעם, וואָס זיי וועלען זיך צוריקהאַלטען פון פּאָליטישער טעטיגקייט. צווייטענס, וועלען די פּאָליטישע געשעהעניסען און די ווילקיר פון די הערשענדע קלאַסען ברענגען דעם ארבייטער קלאַס צו זיין באַפרייאונג אַ סך פריהער איידער איהם וועט זיך איינגעבען צו דערגרייכען צו אַזאַ אידעאַלער אָרגאַניזאַציע אין אַזאַ קאָלאָסאַלען געלד־פאָנד. און ווען דער פּראָלעטאַריאַט וואָלט פאַרמאָגט אַזוי פיעל געלד און אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וואָלט ער ניט באַדאַרפט געהן אויף דעם

*) די גרויסע באַוועגונג פון ענגלישען ארבייטער קלאַס אין ערשטען העלפט פון 19טען יאָהרהונדערט מיט דער פאָדערונג פון ראַדיקאַלע פּאָליטישע רעפאָרמען.

אַרומיגען וועג פון אַ גענעראַל־סטרייק, אום צו דערגרייכען זיין ציעל.״

אין די אויבען ציטירטע ווערטער געפינען מיר די אַרגומענטען אויף וועלכע עס איז באַגרינדעט די שטעלונג צום מאַסען־סטרייק, וואָס די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אָנגענומען אין די פאָלגענדע צעהנדליגער יאָהרען. זיי זיינען אינגאַנצען צוגעשניטען לויט דעם מוסטער פון דער אַנאַרכיסטישער טעאָריע פון דעם גענעראַל סטרייק, די טעאָריע וועלכע, אין געגענזאַץ צו דעם אַלוועלטליכען פּאָליטישען קאַמף פון דעם אַרבייטער קלאַס, זעהט אין דעם גענעראַל סטרייק אַ מיטעל ווי אַרויסצורופען די סאָציאַלע רעוואָלוציע. די גאַנצע אַרגומענטאַציע דריקט זיך אויס אין דער פאָלגענדער איינפאַכער דילעמאַ: אָדער דער פּראָלעטאַריאַט אַלס אַ גאַנצער באַזיצט נאָך ניט די מעכטיגע אָרגאַניזאַציע און די געלד־מיטלען, — און דאַן קאָן ער ניט דורכפיהרען קיין גענעראַל־סטרייק; אָדער ער איז שוין שטאַרק גענוג אָרגאַניזירט, — און דאַן נויטיגט ער זיך ניט אין דעם גענעראַל־סטרייק. די דאָזיגע אַרגומענטאַציע איז ווירקליך אַזוי איינפאַך, און אויפ'ן ערשטען בליק, אַזוי אומבאַשטרייטבאַר, אַז זי האָט טאַקי אין דעם משך פון אַ פערטעל יאָהרהונדערט געלייסטעט גרויסע דיענסטען דער מאָדערנער אַרבייטער באַוועגונג. פון איין זייט האָט זי געדיענט אַלס אַ לאָגישער געווער געגען דעם אַנאַרכיסטישען פּלאַנטער, פון דער אַנדערער — אַלס אַ מיטעל צו פאַרשפּרייטען אין די ברייטסטע אַרבייטער־קרייזען די אידעע פון פּאָליטישען קאַמף. די ערשטוינענדע ערפאָלגען, וואָס די אַרבייטער באַוועגונג אין אַלע ציוויליזירטע לענדער האָט געהאַט פאַר די לעצטע 25 יאָהר, זיינען אַ באַשטעטיגונג פון דער טאַקטיק פון פּאָליטישען קאַמף, וועלכען מאַרקס און ענגעלס האָבען פאַרטיידיגט אין געגענגעוויכט צום באַקוניזם.

און די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט איהר איצטיגער מאַכט, מיט איהר ראָל פון אַוואַנגאַרד פון דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער באַוועגונג, איז אין אַ באַדייטענדער מאָס אַן אונמיטעלבאַרער פּראָדוקט פון דער אויסגעהאַלטענער און סיסטעמאַטישער אָנווענדונג פון דער דאָזיגער טאַקטיק.

די רוסישע רעוואָלוציע האָט געמאַכט נויטיג די אויבען־אָנגע־געבענע אַרגומענטאַציע גרינטליך צו רעווידירען. צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון דעם קלאַסען־קאַמף האָט זי געבראַכט צו אַ גראַנדיעזער פאַרווירקליכונג פון דער אידעע פון מאַסען־סטרייק און, ווי מיר וועלען זעהן ווייטער, אַפילו פון דעם גענע־ראַל סטרייק. מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע עפּאָכע אין דער ענטוויקלונג פון דער אַרבייטער באַוועגונג. אמת, דאָס מיינט גאָר ניט, אַז די טאַקטיק פון פּאָליטישען קאַמף, אויף וועלכער מאַרקס און ענגעלס האָבען אָנגעוויזען, אָדער זייער קריטיק פון דעם אַנאַרכיזם איז ניט קיין ריכטיגע. פאַרקערט, דער זעלבער געדאַנקען־גאַנג, די זעלבע מעטאָדע, אויף וועלכע די טאַקטיק פון מאַרקס און ענגעלס זיינען געגרינדעט, אויף וועלכע די פּראַקטיק פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז נאָך ביז היינט צו טאָג געגרינדעט, האָט אַרויסגערופען אין דער רוסישער רעוואָלו־ציע גאַנץ נייע מאָמענטען און גאַנץ נייע באַדינגונגען פון מאַסען־קאַמף. די רוסישע רעוואָלוציע, אָט די זעלבע רעוואָלוציע וועלכע האָט געמאַכט דעם ערשטען עקספּערימענט פון אַ מאַסען־סטרייק, איז ניט נאָר ניט געווען קיין עהרען־רעטונג פון דעם אַנאַרכיזם, נאָר פאַרקערט, זי באַדייטעט גראַדע די היסטאָרישע ליקווידאַציע פון דעם אַנאַרכיזם. די קלאָגעדיגע עקזיסטענץ, צו וועלכער די דאָזיגע שטרעמונג איז געווען פאַראורטיילט פאַר די לעצטע עטליכע צעהנדליגער יאָהרען אין דייטשלאַנד, דורך דער מעכטיגער ענט־וויקלונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָט מען געקאָנט ביז אַ געוויסען גראַד ערקלערען דורך דער אויסשליסליכער הערשאַפט און דעם לאַנגען דויערען פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער פּעריאָדע. אַ ריכטונג, וואָס פאַרלאָזט זיך אויסשליסליך אויף „אַרויסטרעטונ־גען“ און אויף „דירעקטער אַקציאָן“, וואָס איז „רעוואָלוציאָנער“ אין דעם פּרימיטיווען זין פון „רעוואָלוציאָנערע העי־גאָפּעל פון די פּויערים“, האָט געקאָנט, אמת, בלויז אויף אַ צייט איינשלאָפען אין דער שטילקייט פון דער פּאַרלאַמענטאַרער וואָכעדיגקייט, אום צוריק אויפצושטעהן און ענטוויקלען איהר אינערליכע קראַפט מיט דעם צוריקקער פון דער פּעריאָדע פון אָפענעם דירעקטען קאַמף, פון גאַסען־רעוואָלוציע. דערצו נאָך האָט זיך רוסלאַנד אַרויסגע־

ווייזען באַזונדערס צוגעפּאַסט פאַר אַן עקספּערימענטען־פעלד פאַר אַנאַרכיסטישע העלדענטאַטען. אַ לאַנד, וואו דער פּראָלעטאַריאַט איז געווען פּאָליטיש רעכטלאָז און זעהר שוואַך אָרגאַניזירט, וואו פאַרשיידענאַרטיגע אינטערעסען זיינען געווען צוזאַמענגעפּאַכטען, וואו די ענטוויקלונג פון די מאַסען איז געווען נידעריג און וואו דער הערשענדער רעזשים האָט אָנגעווענדעט ברוטאַלע מאַכט מיט אומגלויבליכער גרויזאַמקייט — אַזאַ לאַנד איז ווי באַשאַפען געוואָרען פאַר דעם, אַז דער אַנאַרכיזם זאָל זיך דערהויבען, צו אַן אומערוואַרטעטער מאַכט, אויב אפילו בלויז אויף אַ קורצער צייט. און אַ חוץ דעם איז דאָך רוסלאַנד דאָס היסטאָרישע געבורט־לאַנד פון דעם אַנאַרכיזם. אָבער באַקונין'ס געבורט־לאַנד איז באַשערט געווען צו ווערען אויף דער קבר פון זיין לעהרע.

(אין אַ פּאָר פּאַראַגראַפען, וואָס זיינען דאָ אויסגע.אָוט באַטראַכט די שרייבערין די קאָנקרעטע אַנאַרכיסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד און געפינט, אַז זי האָט קיינמאָל ניט אויסגעאיבט קיין ממשות'דיגען איינפלוס אויף די אַרבייטער־מאַסען.)

דער מאַסען־סטרייק איז דורכגעפיהרט געוואָרען אין רוסלאַנד ניט צוליעב דעם, אַז מען זאָל אויסמיידען דעם פּאָליטישען קאַמף פון דעם אַרבייטער קלאַס, ניט אַלס אַ מיטעל מיט אַמאָל אַריינצושפּרינגען אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אריין. דער מאַסען־סטרייק איז געווען אַ מיטעל ווי צו ערווערבען פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט די באַדינגונגען פון אַלטעגליכען פּאָליטישען קאַמף און, פריהער פאַר אַלץ, פּאַרלאַמענטאַריזם. דער רעוואָלוציאָנערער סטרייק אין רוסלאַנד, וואו מאַסען־סטרייקס ווערען אָנגעווענדעט אַלס דאָס וויכטיגסטע געוועהר, ווערט אָנגעפיהרט פון די אַרבייטענדע מאַסען און פריהער פאַר אַלץ פון דעם פּראָלעטאַריאַט גראַד פאַר די פּאָליטישע רעכט און באַדינגונגען, אויף וועלכע מאַרקס און ענגעלס האָבען די ערשטע אָנגעוויזען אַלס מיטלען פון גרויסער וויכטיגקייט און נויטווענדיגקייט פאַר דעם באַפריי־אונגס קאַמף פון דעם אַרבייטער קלאַס, און וועלכע זיי האָבען מיט אַלע כחות פאַרטיידיגט אויף דעם אינטערנאַציאָנאַל אין גע־גענזאַץ צום אַנאַרכיזם. אַזוי אַרום האָט די היסטאָרישע דיאַלעק־טיק — דער פעלז, אויף וועלכער דער גאַנצער מאַרקסיסטישער סאָ־

ציאַליזם רוהט, באַווייזען אַז דער אַנאַרכיזם וואָס איז געווען ענג פאַר־בונדען מיט דער אידעע פון מאַסען־סטרייק, שטעהט איצט אין ווי־דערשפּרוך מיט דער פּראַקטיק פון מאַסען־סטרייק. און פאַרקערט, דער מאַסען־סטרייק, וועלכער איז באַקעמפט געוואָרען אַלס אַן אָפּלייקענונג פון דער פּאָליטישער טעטיגקייט פון דעם פּראָלעטאַ־ריאַט, איז איצט דער מעכטיגסטער געוועהר אין דעם פּאָליטישען קאַמף פאַר פּאָליטישע רעכט. און אויב די רוסישע רעוואָלוציע פאָדערט אַ גרינדליכע רעוויזיע פון דעם אַלטען מאַרקסיסטישען שטאַנדפּונקט אין באַצוג צום מאַסען־סטרייק, איז דאָ אָבער דער מאַרקסיזם, אין זיינע אַלגעמיינע אַנשויאונגען און מעטאָדען, אַלץ דער זיעגער.

2.

די ערשטע רעוויזיע אין דער פראַגע פון מאַסען־סטרייק, וועלכע קומט אַרויס פון די פּאַסירונגען אין רוסלאַנד, באַציהט זיך אויף דעם אַלגעמיינעם באַגריף פון דער פראַגע. די הייסע פאַר־טיידיגער פון דער „פּראַקטיק פון מאַסען־סטרייק“ אין דייטשלאַנד, ווי בערנשטיין, אייזנער און אַנדערע, אַזוי גוט ווי די הייסע געגנער פון אַזאַ פּראַקטיק, זיינען ביז אַהער אייגענטליך געשטאַנען אויף איין און דעם זעלבען באָדען — אויף דעם אַנאַרכיסטישען שטאַנד־פּונקט. די דאָזיגע צוויי עקסטרעמע פּאָלוסען שליסען ניט נאָר אויס איינער דעם אַנדערען — זיי גרענעצען זיך איינער מיט'ן צווייטען. פאַר דעם אַנאַרכיסטישען דענקער איז די ספּעקולאַציע אויף אַן אונמיטעלבאַרער סאָציאַלער רעוואָ־לוציע בלויז אַן אויסערליכער און ניט וועזענטליכער שטריך. וויכטיג איז דאָ אין גאַנצען דער אַבסטראַקטער, ניט־היסטאָרישער בליק אויף דעם מאַסען־סטרייק און אויף די באַדינגונגען פון פּראָ־לעטאַרישען קאַמף אין אַלגעמיין. פאַר דעם אַנאַרכיסט עקזיסטירען בלויז צוויי זאַכען אַלס מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַר זיין „רע־וואָלוציאָנערער“ ספּעקולאַציע: ערשטענס די הימעלשע הויכקייט, און צווייטענס די בערייטקייט און דער מוט צו רעטען די מענש־הייט פון דעם איצטיגען קאַפּיטאַליסטישען איבעל. אין דער הי־מעלשער הויכקייט פון באָדענלאָזיגקייט איז נאָך מיט זעכציג יאָהר צוריק באַווייזען געוואָרען, דורך אַבסטראַקטע אַרגומענטען, אַז דער

מאסען־סטרייק איז דער שנעלסטער, זיכערסטער און גרינגסטער מיטעל מיט אמאל אריבערצושפּרינגען אריבער די גרענעצן פון די מאָדערנע סאָציאַלע איבלען. און אין דער זעלבער הימעלשער הויכקייט איז ניט לאנג ספּעקולאטיוו באוויזען געוואָרען, אז דער פּראָפעסיאָנעלער (טרייד־יוניאָן) קאמף איז די איינציגע און ווירקליכע „דירעקטע אקציאָן" און, פאָלגליך, די איינציגע פאָרם פון רעוואָלוציאָנערען קאמף. ווי באוואוסט, איז דאָס דאָס נייעסטע ליעדעל פון די פראנצויזישע און איטאַליענישע „סינדיקאליסטען". די קאמפּס־מעטאָדען, אויסגעקלערט אין דער הימעלשער הויכקייט, זיינען געווען פאטאל פאר דעם אנארכיזם ניט נאָר דערפאר, וואָס זיי האָבען זיך ניט גערעכענעט מיט דער קאָנקרעטער ווירקליכקייט, דאָס הייסט, וואָס זיי זיינען געווען ריינע אוטאָפּיען, נאָר אויך דערפאר, וואָס אין זייער ניט וועלען זיך רעכענען מיט דער פאראכטעטער ווירקליכקייט האָבען זיי, אוועקווארפענדיג די ראמען פון רעוואָלוציאָנערע ספּעקולאציעס, זיך אָפּט ניט ווילענדיג ארויסגעוויזען אלס ניצליך פאר דער רעאקציע.

אויף דעם זעלבען אבסטראקטען, ניט־היסטאָרישען שטאנדפונקט שטעהען איצט פון איין זייט די, וועלכע וואָלטען וועלען, אין דער נאָהענטער צוקונפט, דורך א באשלוס פון דעם צענטראלען קאָמיטעט פון דער פארטיי, באשטימען א מאסען סטרייק אין דייטשלאנד אויף א געוויסען טאָג; פון דער אנדערער זייט — די יעניגע, וועלכע וואָלטען „פארבאָטען" אָנצופיהרען א פּראָפּאגאנדא פון דעם מאסען־סטרייק און וואָלטען אזוי ארום אויעקגע'פטר'ט די גאנצע פראגע. ביידע ריכטונגען נעמען אָן דעם זעלבען ריין־אנארכיסטישען שטאנדפונקט, אז א מאסען־סטרייק איז ניט מעהר ווי א טעכנישער קאמפּס־מיטעל, די אָנווענדונג פון וועלכען קאָן „באשלאָסען ווערען" אָדער „פארווערט ווערען" לויט אייגענעם פארלאנג, לויט דעם פארשטאנד און געוויסען פון יעדען איינעם. אין זייערע אויגען איז דאָס א מין טאשען־מעסעריל, וועלכעס מען קאָן האלטען ביי זיך אין קעשענע א פארמאכטען און אויפעפענען עס, ווען נאָר עס איז נויטיג זיך מיט דעם צו באנוצען, לויט דעם פארשטאנד פון דעם וואָס האָט דאָס מעסעריל. עס איז אמת, אז גראד די געגנער פון דעם מאסען־סטרייק פּרעטענדירען, אז זיי פאר־

לאָזען קיינמאָל ניט דעם היסטאָרישען באָדען און נעמען אין אַנ־
באַטראַכט די מאַטעריעלע אומשטענדען פון היינט, אין געגענזאַץ
צו די „רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיקער“, וועלכע שוועבען אין דער
לופטען און ווילען פאַר קיין פאַל זיך ניט רעכענען מיט דער שווע־
רער ווירקליכקייט, מיט איהרע מעגליכקייטען און אונמעגליכקיי־
טען. „פאַקטען און ציפערען, ציפערען און פאַקטען!“ שרייען זיי
אויס צוזאַמען מיט דיקענס'עס העלד. אונטער די ווערטער „היס־
טאָרישער באָדען“ און „מאַטעריעלע אומשטענדען“ פאַרשטעהען די
געגנער פון דעם מאַסען־סטרייק, וואָס קומען פון די פּראָפעסיאָ־
נעלע פאַראיינען (געווערקשאַפטען), צוויי באַזונדערע מאָמענטען:
פון איין זייט די שוואַכקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, פון דער אַנ־
דערער — די מאַכט פון דעם פּרייסיש־דייטשען מיליטאַריזם. דער
מאַנגעל פון ארבייטער אָרגאַניזאַציע און פון געלד מיטלען און
די איינדרוקספולע דייטשע שפּיעזען, — אָט דאָס זיינען די „פאַק־
טען און ציפערען“ אויף וועלכע ס'איז אין דעם דאָזיגען פאַל באַגרינ־
דעט די פּראַקטישע פּאָליטיק פון די דאָזיגע פיהרער פון דער פּראָ־
פעסיאָנעלער באַוועגונג. די קאַסען פון די געווערקשאַפטען־פאַר־
איינען און די דייטשע שפּיעזען זיינען, נאַטירליך, גאַנץ מאַטעריע־
לע און גאַנץ היסטאָרישע ערשיינונגען. אָבער דער בליק, וואָס איז
באַגרינדעט אויף זיי, איז ניט קיין היסטאָרישער מאַטעריאַ־
ליזם אין דעם מאַרקסיסטישען זין, נאָר אַ פּאָליציי מאַטעריאַליזם.
די פאָרשטעהער פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּאָליציי־שטאַאַט רעכע־
נען זיך זעהר, רעכענען זיך אויסשליסליך מיט דער פאַקטישער
מאַכט פון דעם אָרגאַניזירטען פּראָלעטאַריאַט אין יעדען באַזונדע־
רען מאָמענט, און מיט דער מאַטעריעלער מאַכט פון אַ שפּיעז. און
אויף דעם גרונד פון אַ פאַרגלייכונג פון אָט די צוויי רייהען ציפע־
רען קומען זיי נאָך אַלץ צו דעם טרייסטענדען באַשלוס, אַז די רע־
וואָלוציאָנערע ארבייטער באַוועגונג ווערט באַשאַפען פון אַגיטאַ־
טאָרם און באָלשעוויקעס, און פאָלגליך זיינען טורמעס און שפּיעזען
אַ גענוגענד מיטעל זיך צו ספּראַווען מיט דער דאָזיגער אומאַנ־
גענעהמער „צייטווייליגער ערשיינונג“.

די דייטשע ארבייטער האָבען שוין לאַנג פאַרשטאַנען די
לעבערליכקייט פון דער פּאָליציי־טעאָריע, לויט וועלכער די גאַנצע

מאָדערנע ארבייטער־באַוועגונג איז נישט מעהר ווי א קינסטליכער, ווילקירליכער פּראָדוקט פון א האַנדפול פון געוויסענלאָזע „בונטאָוושטשיקעס און העצער“.

אָבער איינינע פון אונזערע גענאָסען ווייזען ארויס דעם זעלבען בליק, ווען זיי נעהמען אויף זיך פרייוויליג די אויפגאַבע צו וואַכען איבער די דייטשע ארבייטער און זיי צו פאַרהיטען, פון דעם איינפלוס פון געוויסע „רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיקער“ און זייער פּראָפּאַגאַנדאַ פון דעם „מאַסען־סטרייק“. ווען דאָ וואָלט זיך געהאַנדעלט בלויז וועגען דער אויפרייצענדער „פּראָפּאַגאַנדאַ“ פון די רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיקער, אָדער וועגען געהיימע אָדער עפענטליכע באַשלוסען פון די צענטראַלע קערפּערשאַפטען פון דער פּאַרטיי, וואָלט אין רוסלאַנד ביז אָהער נאָך ניט פאָרגעקומען קיין איין ערנסטער מאַסען־סטרייק. ווי איך האָב אַנדערשוואו אָנגעוויזען, האָט מען אין קיין לאַנד ניט געטראַכט ווענינער ווי אין רוסלאַנד וועגען „פּראָפּאַגאַנדירען“ אָדער זאָגאַר „דיסקוטירען“ די אידעע פון א מאַסען־סטרייק. און אין די איינצעלנע פעלע, ווען דער רוסישער צענטראַלער קאָמיטעט האָט יאָ אָנגענומען באַשלוסען און האָט געשלאָסען אָפּמאַכען, לויט וועלכע אַזאַ סטרייק זאָל ווירקליך ערקלערט ווערען פון דרויסען, איז דער רעזולטאַט געווען א פאָלשטענדיגער דורכפאַל. אויב, הייסט עס, די רוסישע רעוואָלוציע האָט אונז עפּעס יאָ געלערנט, איז דאָס, קודם כל, אַז קיין מאַסען־סטרייק קאָן מען ניט „באַשאַפען“ קינסטליך, אַז מען קאָן ניט באַשטימען אַזאַ סטרייק גלאַט אַזוי אין דער וועלט אריין, נאָר אַז ער איז א היסטאָרישע ערשיינונג, וועלכע קומט אין א געוויסען מאָמענט ארויס פון די געזעלשאַפטליכע פאַרהעלטניסען אַלס א היסטאָרישע אומפאַרמיידליכקייט.

פאָלגליך קאָן מען די פראַגען פאַרשטעהן און באַטראַכטען ניט דורך אַבסטראַקטע ספּעקולאַציעס וועגען דער מעגליכקייט אָדער אונמעגליכקייט, וועגען דעם נוצען אָדער שאַדען פון מאַסען־סטרייק, נאָר דורך דעם פאָרשען און שטודירען פון די מאָמענטען און די געזעלשאַפטליכע פאַרהעלטניסען, פון וועלכע אין דער איצטיגער פאַזע פון קלאַסען־קאַמף עס ווערען באַשאַפען מאַסען־סטרייקס. אין אַנדערע ווערטער, מען דאַרף אורטיילען וועגען דער מאַסען־

סטרייק ניט פון דעם סוביעקטיווען שטאַנדפּונקט, פון דעם שטאַנד־פּונקט פון ווינשענסווירדיגקייט, נאָר פון דער אָביעקטיווער פאָרשונג פון די אורשפּרונגען פון דעם מאַסען־סטרייק, פון דעם שטאַנדפּונקט פון היסטאָרישער נויטווענדיגקייט.

אין דער אומענדליכער הויכקייט פון אבסטראַקטען לאָגישען אַנאַ־ליז קאַן מען באווייזען מיט דער זעלבער קראַפט סיי די אבסאָלוטע אונמעגליכקייט און זיכערען דורכפאַל, סיי די אומבאַדינגטע מעג־ליכקייט און זיכערען טריאומף פון אַ מאַסען־סטרייק. דעריבער זיינען דאָסביידע שלוסען גלייך איבערצייגענד, דאָס הייסט, גלייך, ניט־איבערצייגענד. די מורא פאַר דער „פּראָפּאַגאַנדא" פון אַ מאַ־סען־סטרייק, וואָס האָט אפילו געבראַכט דערצו, אַז מען זאָל אריינלייגען אין חרם די, וואָס מען האָט פאַרדעכטיגט אין אַזאַ פאַרברעכען, און אויך אַ געוועהנליכער רעזולטאַט פון אַ הומאָריס־טישען „קווי־פּראָ־קוואָ". אַ מאַסען־סטרייק אַלס אַן אבסטראַקט קאַמפּס־מיטעל איז פּונקט אַזוי אונמעגליך צו „פּראָפּאַגאַנדירען" ווי עס איז אונמעגליך צו באַשאַפען אַ רעוואָלוציע דורך פּראָפּאַ־גאַנדא. „רעוואָלוציע", אַזוי גוט ווי „מאַסען־סטרייק" זיינען באַ־גריפען, וועלכע דריקען אויס אַן און פאַר זיך די אויסערליכע פאָרם פון קלאַסען־קאַמף, וואָס באַקומט אַן אינערליכע באַדייטונג און אינהאַלט בלויז אין פאַרבינדונג מיט גאַנץ באַשטימטע פּאָליטישע לאַגעס.

ווען אימיצער זאָל וועלען מאַכען פון דעם מאַסען־סטרייק, אַלס אַ באַרם פון פּראָלעטאַרישער טעטיגקייט, אַ געגענשטאַנד פאַר רעגעלמעסיגער אגיטאַציע, ווען איהם וואָלט איינגעפאַלען ארומ־צופאָהרען מיט דער דאָזיגער „אידעע" און זוכען צו געווינען דורך איהר די ארבייטער מאַסען, וואָלט דאָס געווען פּונקט אַזוי נוצלאָז און לעכערליך, ווי ווען אימיצער וואָלט זיך פאַרנומען ספּעציעל מיט דער אגיטאַציע פון דער אידעע פון אַ רעוואָלוציע און באַרי־קאַדען־קאַמף.

דער מאַסען־סטרייק איז איצטער אַ צענטער פון לעבעדיגען אינטערעס פאַר די ארבייטער פון דער גאַנצער וועלט, ווייל דאָס איז אַ נייע פאָרם פון קאַמף און אַלס אַזעלכע באַצייכענט ער אַ טיעפע אינערליכע איבערקערעניש אין די קלאַסען־באַציהונגען און

די באַדינגונגען פון קלאַסען־קאַמף. אז די דייטשע פּראָלעטאַרישע מאַסען באַזיצען אַ געזונדען רעוואָלוציאָנערען אינסטינקט און אַ געזונדען פאַרשטאַנד קאָן מען זעהן פון דעם, וואָס זיי האָבען זיך מיט אַזאַ הייסען אינטערעס אָפּגעגעבען מיט דער דאָזיגער פראַגע, ניט אַכטענדיג אויף דעם איינגעשפּאַרטען ווידערשטאַנד פון די פיהרער פון דער געווערקשאַפטען באַוועגונג. אָבער מען קאָן ניט באַפרידיגען דעם דאָזיגען אינטערעס, דעם דאָזיגען נאָבעלען גייס־טיגען הונגער און רעוואָלוציאָנערען דורשט פון די ארבייטער מיט דעם וואָס מען וועט זיי געמען קאָרמענען מיט אַבסטראַקטער גייס־טיגער גימנאַסטיק וועגען דער מעגליכקייט אָדער אונמעגליכקייט פון אַ מאַסען־סטרייק. זיי דאַרף מען, פאַרקערט, קלאָר מאַכען די ענטוויקלונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, די פאַרשאַרפונג פון קלאַסען־ווידערשפּרוכען אין מערב אייראָפּא, די ווייטערע פּאָליטישע פּערספּעקטיווען פון דעם קלאַסען־קאַמף אין דייטשלאַנד, די ראָלען, די אויפגאַבען פון די מאַסען אין די קומענדע קאַמפען. בלויז אין אַזאַ פאָרם קאָנען די שטרייטען איבער דעם מאַסען־סטרייק פיהרען דערצו אַז עס זאָל פאַרברייטערט ווערען דער גייסטיגער האָריזאָנט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, עס זאָל פאַרשאַרפט ווערען זיין קלאַסען־באַוואוסטזיין, עס זאָל פאַרטיעפט ווערען זיין דענקען און עס זאָל פאַרשטאַרקט ווערען זיין אַקטיווע מאַכט.

און ווען מען נעמט אַן דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט ציינט זיך אַרויס אין גאַנצען די לעכערליכקייט פון דער באַשולדיגונג, וואָס די געגנער פון „רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיק" מאַכען, אַז ביי דער באַטראַכטונג פון דער דאָזיגער פראַגע האַלט מען זיך ניט בוכ־שטעבליך אָן דער אויסערליכער פאָרם פון דער יענאַ־רעזאָלוציע. די „פּראַקטישע פּאָליטיקער" שטעלען זיך נאָך צופרידען מיט דער דאָזיגער רעזאָלוציע, ווייל זי בינדט צוזאַמען דעם מאַסען־סטרייק הויפּטזעכליך מיט דעם שיקזאַל פון דעם אַלגעמיינעם וואַהל־רעכט. און דעריבער דענקען זיי, אַז זיי זייגען באַרעכטיגט צו קומען צו די פאָלגענדע צוויי שלוסען: ערשטענס, אַז דער מאַסען־סטרייק האַלט אָן זיין ריין־פאַרטיידיגענדען כאַראַקטער, און צווייטענס, אַז דער מאַסען־סטרייק אַליין איז אונטערוואָרפען דעם פּאַרלאַמענטאַ־ריזם, און ווערט פאַרוואַנדעלט ניט מעהר ווי אין אַ צוטשעפּעניש

צום פארלאמענטאריזם. אָבער די אמת'ע באדייטונג פון דער יענאַ־רעזאָלוציע אויף דעם דאָזיגען געביט, באשטעהט אין דעם, וואָס אונטער די איצטיגע אומשטענדען אין דייטשלאַנד וואָלט אַן אנגריף פון דער הערשענדער רעאקציע אויף דער רייכס־טאג וואהל־סיסטעם, ווארשיינליך געקאַנט דינען אַלס אַ סיגנאַל פאר דער פעריאָדע פון שטורמישען פאָליטישען קאמף, ווען דער מאסען סטרייק, אַלס אַ קאמפס־מיטעל, וועט, ווארשיינליך, צום ערשטען מאָל אָנגעווענדעט ווערען אין דייטשלאנד. אָבער צו וועלען דורך אויסערליכע פאָרמען פון אַ רעזאָלוציע בארשמאָלען די געזעלשאפטליכע באדייטונג און די היסטאָרישע ארענע פון דעם מאסען־סטרייק, אַלס אַן ערשיינונג און אַן אויפגאַבע פון דעם קלאַ־סען־קאמף; צי וועלען אויף אַ קינסטליכען אופן דערפיהרען דעם מאסען־סטרייק צו אַזאַ נישטיג־קליינעם מאסשטאב, מיינט צו זיין פונקט אזוי קורצזיכטיג ווי דער קעלנער צוזאמענפאָהר פון די גע־ווערקשאפטען, וועלכער האט פארבאָטען צו פארהאנדלען די פראגע אין גאנצען. מיט איהר רעזאָלוציע אין דעם יענאַ־צוזאמענפאָהר האט די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראטיע אָפיציעל אנערקענט די טיעפע איבערקערעניש, וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האט פאר־אורזאכט אין די אינטערנאַציאָנאַלע באדינגונגען פון דעם פראָלע־טארישען קלאסען קאמף, און האט ארויסגעוויזען איהר רעוואָלו־ציאָנערע ענטוויקלונגס־פעהיגקייט, איהר פעהיגקייט זיך צוצופאסען צו די נייע באדינגונגען פון דער קומענדער פאַזע פון דעם קלאסען־קאמף. וואָס אנבעלאנגט אָבער די פראקטישע אָנווענדונג פון דעם מאסען־סטרייק צו אזאַ נישטיג־קליינעם מאסשטאב, מיינט צו זיין טיילען, פונקט ווי זי האט איבער דעם געאורטיילט אין רוסלאנד — די געשיכטע, אין וועלכער די סאָציאַל דעמאָקראטיע מיט איהרע באשלוסען איז טאקע אַ וויכטיגער פאקטאָר, אָבער נאָר א י י ־ נ ע ר פון די פאקטאָרען.

## 4.

(דאָס קאפיטעל 3 האָבען מיר איבגאַנצען אויסגעלאָזען אין דער אי־בערזעצונג. עס ענטהאלט פאקטען, וואָס זיינען ברייט באקאנט און אייב־צעלהיימען, וואָס האָבען שוין פארלאָרען דעם אינטערעס.)

עס איז גענוג א ווארף צו טאָן א בליק אויף דער געשיכטע פון דעם מאסען־סטרייק אין רוסלאנד צו דערזעהן פאר זיך א בילד, וואָס דערמאָנט ניט מיט קיין איינציגען שטריך די פארשטעלונג וועגען א מאסען־סטרייק, וועלכען מען האָט אין זינען ווען מען דיסקוטירט די פראגע אין דייטשלאנד. אנשטאט א טויטער, ליידיגער סכעמא פון טרוקענער פּאָליטישער אקציאָן, וואָס ווערט דורכגעפיהרט פּלאנמעסיג און מיט אומזיכט אויף דעם באפעהל פון די העכערע קערפּערשאפטען, זעהען מיר דאָ א שטיק לעבעדיגען לעבען. מען קאָן דעם דאָזיגען שטיק לעבען פאר קיין פאל ניט אָפּטיילען פון דער גאנצער אומגעבונג פון דער רעוואָלוציע, מיט וועלכער זי איז באהעפט דורך טויזענדער פעדים.

דער מאסען־סטרייק, ווי געשילדערט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, איז א וואונדערליכע ערשיינונג, וואָס שפּיגעלט אָפּ אין זיך אלע פאזען פון דעם פּאָליטישען און עקאָנאָמישען קאמף, אלע שטופען און מאָמענטען פון דער רעוואָלוציע. זיין אנווענדבארקייט, זיין קראפט, די מאָמענטען פון ערשטעהונג האלטען זיך אין בייטען. מיט אמאָל דעקט ער אויף נייע, ברייטע פּערספּעקטיווען פון דער רעוואָלוציע, פאר וועלכער עס איז שוין, דאכט זיך, אָפּגעשניטען דער וועג, און ער ענטוישט דאן, ווען מען האָט זיך אויף איהם, דאכט זיך, געקאָנט אומבאדינגט פארלאָזען. אָט פארפלייצט ער דאס לאנד ווי א ברייטער ברויזענדער ים, און אָט ווערט ער פארנאנדערגעטיילט אין א גוואלדיגער נעץ פון קליינע און גרעסערע שטראָמען; אָט שלאָגט ער פון דער ערד ווי א לעבעדיגער קוואל, און אָט ווערט ער אין גאנצען פארשוואונדען אונטער דער ערד.

פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סטרייקס, מאסען סטרייקס און איינצעלנע סטרייקס, דעמאָנסטראטיווע סטרייקס און קאמפּסטרייקס, גענעראל־סטרייקס און באזונדערע צווייגען פון דער אינדוסטריע און גענעראל סטרייקס אין באזונדערע שטעדט, — דאָס אלעס מישט זיך צוזאמען, פליסט זייט ביי זייט, פאָרט זיך צוזאמען, ווערט פארוואנדעלט איינס אין דאָס אנדערע. מיר זעהען פאר זיך א ים פון ערשיינונגען, וואָס האלט זיך אין איין בייטען און אין איין באוועגען. און דער באוועגונגס־געזעץ פון די דאָזיגע

ערשיינונגען איז קלאָר: ער ליגט ניט אין דעם מאַסען־סטרייק גופא, ניט אין זיינע טעכנישע באַזונדערהייטען, נאָר אין דער פּאָליטישער און סאָציאַלער פּאַרהעלטנים פון די רעוואָלוציאָנערע קרעפטען. דער מאַסען־סטרייק איז בלויז אַ פאָרם פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף. אין יעדער ענדערונג אין די פאַרהעלטניסען פון די קעמפענדע כחות, אין דער ענטוויקלונג פון פּאַרטייען, אין דער קלאַסען פאַנאַנדערטיילונג, אין דער פּאָזיציע וואָס די קאָנטר־רעוואָלוציע פאַרנעמט, — אומעטום לאָזט זיך פיהלען די סטרייק־באַוועגונג, אָפטמאָל אויף אומזיכטבאַרע וועגען. אָבער אין דער זעלבער צייט שטעלט זיך די דאָזיגע באַוועגונג ניט אָפּ פאַר איין מאָמענט. עס בייטען זיך בלויז איבער איהרע פאָרמען, איהר מאַסשטאַב, איהר איינפלוס. דאָס איז דער לעבעדיגער פּולס פון דער רעוואָלוציע, און אין דער זעלבער צייט איהר מעכטיגע טרייב־ראַד. מיט איין וואָרט, דער מאַסען־סטרייק, ווי מיר זעהען אין דער רוסישער רעוואָלוציע, איז ניט קיין קינסטליך מיטעל אויסגעטראַכט פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון דעם פּראָלעטאַרישען קאַמף, **נאָר אַ באַוועגונגס מעטאָדע פאַר די פּראָלעטאַרישע מאַסען, אַן אויסערליכע פאָרם פון דעם פּראָלעטאַרישען קאַמף אין דער צייט פון רעוואָלוציע.**

פון דעם אַלעם קאָן מען, פאַר דער באַטראַכטונג פון דער פּראָבלעם, ארויסבריינגען אייניגע אַלגעמיינע אויסגאַנגס־פּונקטען.

1. עס איז אין גאַנצען אַ פעהלער זיך פאָרצושטעלען דעם מאַסען־סטרייק אַלס אַן איינצעלנעם אַקט, אַלס אַן אָפּגעזונדערטען שריט. דער מאַסען־סטרייק איז, גראַד פאַרקערט, דער זאַמעלבאַגריף פון אַ פיעליעהריגער פעריאָדע פון דעם קלאַסען־קאַמף, אַ פעריאָדע וואָס קאָן אַמאָל אַרומנעמען צעהנדליגע יאָהרען. פון די אַלע אומצעהליגע, פאַרשיידענאַרטיגע מאַסען־סטרייקס, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין רוסלאַנד אין דעם משך פון פיער יאָהר, ווענדט מען אָן דעם באַגריף „מאַסען־סטרייק" אַלס אַ ריין־פּאָליטישען, קורצען, איינצעלנעם ארויסטריט, וואָס איז פּלאַנמעסיג און באַוואוסטזיניג ארויסגערופען געוואָרען און באַענדיגט, בלויז אויף איין פאָרם, וועלכע איז אויך ניט די הויפּט פאָרם, — אויף דעם ריין־

דעמאָנסטראַטיווען סטרייק. אין פאַרלויף פון פינף יאָהר זעהען
מיר אין רוסלאַנד בלויז עטליכע דעמאָנסטראַציאָנס־סטרייקס, וועל־
כע זיינען דערצו פאָרגעקומען אין איינצעלנע שטעדט. אַלע איבע־
ריגע סטרייקס, אַלגעמיינע און טיילווייזע, מאַסען־סטרייקס און גע־
נעראַל סטרייקס, זיינען געווען ניט קיין דעמאָנסטראַטיווע, נאָר
קאַמף־סטרייקס, און' אַלס אַזעלכע האָבען זיי מייסטענטיילס אויס־
געבראָכען ספּאָנטאַנעז, זיינען אַרויסגערופען געוואָרען פון די ספּע־
ציפיש־אָרטיגע, צופעליגע אומשטענדען, ניט פּלאַנמעסיג, און ניט
פּאָראויסגעזעהען. מיט אַ סטיכישער קראַפט האָבען זיי זיך פאַ־
נאַנדערגעוואַקסען אין גרויסע באַוועגונגען, האָבען זיך געענדיגט
ניט אין „רעגעלמעסיגען" צוריקטריט, נאָר זיי זיינען פאַרוואַנדעלט
געוואָרען אַמאָל אין אַן עקאָנאָמישען קאַמף, אַמאָל אין אַ מאַסען־
שלאַכט, און זיינען ענדליך פאַרשוואונדען פון זיך אַליין.

אין דעם דאָזיגען אַלגעמיינעם בילד פאַרנעמען די ריין־פּאָלי־
טישע דעמאָנסטראַטיווע סטרייקס אַן אומבאַמערקבאַרען פּלאַץ פון
איינצעלנע פּינטעלאַך אין אַן אומענדליכען פּלאַכלאַנד. אַ חוץ
דעם, ווען מיר באַטראַכטען די גענעראַל־סטרייקס צייטליך, באַמער־
קען מיר דעם פאָלגענדען שטריך: די דעמאָנסטראַטיווע סטרייקס,
וועלכע, אין געגענזאַץ צו קאַמף־סטרייקס, ווייזען אַרויס די גרעסטע
מאָס פון פאַרטיי דיסציפּלין, פון באַוואוסטזיניגע פיהרערשאַפט אין
פּאָליטישען געדאַנק, און וועלכע וואָלטען, פאָלגליך, געדאַרפט זיין,
לויט דער סכעמאַ, די העכסטע און רייפסטע פאָרם פון דעם מאַסען־
סטרייק, שפּיעלען אין דער ווירקליכקייט די גרעסטע ראָל בלויז אין
אָ נ ה ו י ב פון דער באַוועגונג.

(די שטעל וואו די שרייבערין צייגט אָן אויף קאָנקרעטע פאַלען אום
צו באַשטעטיגען איהר באַהויפּטונג וועגען דער ראָלע פון ריין־דעמאָנ־
סטראַטיווע סטרייקס, איז דאָ אויסגעלאָזט.)

2. אָבער ווען, אַנשטאַט דער פאָרם פון דעם דעמאָנסטראַטי־
ווען סטרייק, שטעלען מיר זיך אָפּ אויף דעם קאַמף־סטרייק, אין דער
פאָרם, אין וועלכער ער איז איצט אין רוסלאַנד דער טרעגער פון
דער פּראָלעטאַרישער טעטיגקייט, זעהען מיר, אַז עס איז אונמעגליך
צו פאַנאַנדערטיילען אין איהם דעם עקאָנאָמישען פון דעם פּאָלי־
טישען מאָמענט. אויך דאָרט איז די ווירקליכקייט ווייט אָפּגע־

שטאַנען פון דער טעאָרעטישער סכעמא. די פעדאַנטען נעהמען לאָגיש ארויס דעם ריין־פּאָליטישען מאַסען סטרייק פון דעם עקאָנאָמישען אַלגעמיינעם סטרייק, אַלס די ריינסטע און העכסטע פאָרם פון דעם סטרייק. אין דער זעלבער צייט אבער אונטערשיידען זיי שטרענג די דאָזיגע צוויי פאָרמען. די ערפאַהרונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע שטייט אָפּ ענטשיידען אזא בליק. אנפאַנגענדיג מיט דעם עקאָנאָמישען צוזאַמענשטוים פון די פּעטערבורגער טעקסטיל אַרבייטער אין 1896-7 און ענדיגענדיג מיט דעם גרויסען מאַסען־סטרייק אין דעצעמבער 1905, געהען די מאַסען סטרייקס גאַנץ אומבאַמערקט אריבער פון עקאָנאָמישע אין פּאָליטישע, און עס איז כמעט אונמעגליך אנצוצייכענען א גרענעץ־ליניע צווישען איינע און די צווייטע. יעדער באַזונדערער מאַסען־סטרייק ווידערהאָלט אזוי צו זאָגען, אויף א קליינעם מאַסשטאַב די געשיכטע פון דעם רוסישען מאַסען־סטרייק: זיי הויבען זיך אָן פון א ריין־עקאָנאָמישען צוזאַמענשטויס. יעדענפאַלס פון א טיילווייזען צוזאַמענשטויס אויף א פּראָפעסיאָנעלען באָדען און געהען דורך די גאַנצע גאַמע ביז זיי נעמען אָן א פּאָליטישען כאַראַקטער.

אָבער אין אַלגעמיין געהט די באַוועגונג ניט בלויז אין דער ריכטונג פון דעם עקאָנאָמישען צו דעם פּאָליטישען קאַמף, נאָר אייך פאַרקערט. נאָכדעם ווי ער דערגרייכט זיין העכסטע פּאָליטישע שטופע, געהט יעדער פּאָליטישער ארויסטריט פון די מאַסען אריבער אין אן אומענדליכער רייהע עקאָנאָמישע סטרייקס. און דאָס, ווידער אַמאָל, באַציהט זיך ניט בלויז אויף יעדען איינצעלנעם מאַסען סטרייק, נאָר אויך אויף דער גאַנצער רעוואָלוציע. דער עקאָנאָמישער קאַמף טרעט ניט נאָר אָפּ אין דעם הינטערגרונד וואָס מעהר דער פּאָליטישער קאַמף פאַרשפּרייט זיך, ווערט קלאָרער און שטאַרקער, — נאָר פאַרקערט, ער אליין פאַרשפּרייט זיך, ווערט אָרגאַניזירט און ווערט שטאַרקער אין דער זעלבער מאָס. צווישען די צוויי פאָרמען פון דעם מאַסען סטרייק מערקט זיך א פאָלשטענדיגע געגענזייטיגע ווירקונג.

יעדע נייע אָפענסיווע און יעדער נייער זיעג פון דעם פּאָליטישען קאַמף גיבען א מעכטיגען שטויס דעם עקאָנאָמישען קאַמף, צו דער זעלבער צייט אויסברייטענדיג זיינע אויסערליכע גרענעצען און

דערהויבענדיג דעם אינערליכען שטרעבען פון די ארבייטער צו פארבעסערען זייער לאַגע, — דערהויבענדיג זייער קאַמף־לוסט. יעדע שוימענדע כוואַליע פון דעם פּאָליטישען ארויסטריט לאָזט נאָך זיך איבער אַ באַפרוכטענדען שיכט, פון וועלכען עס וואַקסען באַלד ארוים טויזענדער שפּראָצען פון דעם עקאָנאָמישען קאַמף. און פאַרקערט, די אומאויפהערליכע מלחמה צווישען די אַרבייטער און קאַפּיטאַל האַלט אויף די קאַמפּף־ענערגיע אין די צווישען־צייטען פון פּאָליטישען שטילשטאַנד; די דאָזיגע מלחמה שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין שטענדיגען רעזערוואואר פון פרישע פּראָלעטארישע קלאַסען־כחות, פון וועלכע דער פּאָליטישער קאַמף ציהט נייע קראַפט. צו דער זעלבער צייט פיהרט דער שטענדיגער פּראָלעטארישער עקאָנאָמישער דרוק פון דעם פּראָלעטאַריאַט צו איינצעלנע שאַרפע צוזאַמענשטויסען דאָ און דאָרט, פון וועלכע עס צופלאַקערט זיך אומערוואַרטעט דער פּאָליטישער קאַמף אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב.

אין אַנדערע ווערטער, דער עקאָנאָמישער קאַמף בינדט צוזאַמען די פּאָליטישע צענטראַלע פּונקטען; דער פּאָליטישער קאַמף באַמיסטיגט פּעריאָדיש דעם באָדען פאַר דעם עקאָנאָמישען קאַמף. די אורזאַכען און פאָלגען בייטען זיך יעדע מינוט מיט די ראָלען. די פּעדאַנטישע סבֿעמאַ פאָדערט, אַז די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאָמענטען זאָלען אין דער צייט פון אַ מאַסען־סטרייק זיין שטרענג אָפּגעזונדערט, אָדער זיי זאָלען זאָגאַר איינער די אַנדערע אויסשליסען. אין אמת'ן אָבער שטעלען זיי פאָר צוויי צוזאַמענגעפלאָכטענע זייטען פון דעם פּראָלעטאַרישען קאַמף אין רוסלאַנד. *און ביידע צוזאַמענגענומען שטעלען זיי מיט זיך פאָר דעם מאַסען־סטרייק.* אום צו באַקומען אַ „ריינעם פּאָליטישען מאַסען־סטרייק" נעהמען די טעאָרעטיקער און צופּאַלמעסען דעם מאַסען־סטרייק אַ לעבעדיגען. און ווי אין יעדען פאַל פון אַזאַ פאַלמעסען איז עס ניט נאָר אונמעגליך צו דערקענען דעם לעבעדיגען עצם פון דער ערשיינונג, נאָר די גאַנצע פראַגע ווערט גע'הרג'עט.

3. לעצטענס באַווייזען אונז די געשעהעניסען אין רוסלאַנד, אַז דעם מאַסען סטרייק קאָן מען ניט אָפּטיילען פון דער רעוואָלוציע. אמת, ווען די פאָרשטעהער פון דעם דייטשען אָפּאָרטוניזם דערהע־

רען דאָס וואָרט „רעוואָלוציע“ מאָהלען זיי זיך ניט אַנדערש ווי בלוט־פאַרגיסונג, גאַסען־שלאַכטען, פּולווער און בליי. און דערפאַר קומען זיי צו דעם פאָלגענדען לאָגישען שלוס: דער מאַסען־סטרייק פיהרט אומפאַרמיידליך צו אַ רעוואָלוציע, און פאָלגליך טאָרען מיר זיך מיט איהם ניט באַנוצען. און ווירקליך, מיר זעהען אין רוס־לאַנד, אַז כמעט יעדער מאַסען־סטרייק פיהרט סוף כל סוף צו אַ צוזאַמענשטויס מיט די באַוואַפענטע היטער פון דער עקזיסטי־רענדער אָרדנונג. אין דער הינזיכט אונטערשיידען זיך די אַזוי־גערופענע פּאָליטישע סטרייקס לחלוטין גאָרניט פון די גרעסערע עקאָנאָמישע צוזאַמענשטויסען. אָבער אַ רעוואָלוציע איז עטוואָס אַנדערש און עטוואָס מעהר קאָמפּליצירט ווי בלוט־פאַרגיסונג. לויט דעם פּאָליציייאישען באַגריף ווערט אַ רעוואָלוציע באַטראַכט אויס־שליסליך פון דעם שטאַנדפּונקט פון גאַסען־אומרוהען און סטרייקס, אין אַנדערע ווערטער, פון דעם שטאַנדפּונקט פון „אומאָרדנונג“. דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזם אָבער זעהט אין אַ רעוואָלוציע אַ טיעפע אינערליכע איבערקערעניש אין די סאָציאַלע קלאַסען־פאַר־העלטניסען. פון דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט עקזיסטירט צווישען דער רעוואָלוציע און דעם מאַסען־סטרייק אין רוסלאַנד מעהר ניט ווי די אויבערפלעכליכע פאַרבינדונג, וואָס אַ מאַסען־סטרייק ענדיגט זיך געוועהנליך מיט אַ בלוט־פאַרגיסונג.

מיר האָבען אויבען באַטראַכט דעם אינערליכען מעכאַניזם פון דעם רוסישען מאַסען־סטרייק, אין וועלכען דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער קאַמף איבען אויס אַן אומאויפהערליכע געגענזייטיגע ווירקונג. אָבער גראַדע אָט די געגענזייטיגע ווירקונג איז באַדינגט אויף דער רעוואָלוציאָנערער פּעריאָדע. נאָר אין דער מיט־עלעקטרי־ציטעט־אָנגעזאַפּטער אַטמאָספערע פון דער רעוואָלוציאָנערער פּעריאָ־דע באַקומט יעדער קליינער און טיילווייזער צוזאַמענשטויס צווישען די אַרבייטער און קאַפּיטאַל די מעגליכקייט זיך צו צואוואַקסען און פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַן אַלגעמיינעם אויפריים. אין דייטש־לאַנד קומען יעדען יאָהר און יעדען טאָג פאָר די גרויזאַמסטע צו־זאַמענשטויסען צווישען אַרבייטער און אַרבייטס־געבער, אָבער דער קאַמף געהט ניט אַרויס פון די ראַמען פון דעם באַטרעפענדען פאַך, דער באַטרעפענדער שטאָדט, אָדער זאָגאַר דער באַטרעפענדער פאַב־

ריק. די מיטלען וואס ווערען אנגעווענדעט געגען ארגאניזירטע ארבייטער אין רוסלאנד, זיינען אין דייטשלאנד א געוועהנליכע ערשיינונג. אבער קיין איינער פון די באזונדערע פאלען ווערט ניט פארוואנדעלט אין אן אלגעמיינעם קלאסען־ארויסטריט. אויב אפילו אייניגע אזוינע צוזאמענשטויסען וואקסען זיך פאנאנדער צו דעם מאסשטאב פון באזונדערע מאסען־סטרייקס, וואס האבען א אומצווייפעלהאפטע פאליטישע פארב, רופען זיי אויך ניט ארויס אפילו דאן קיין אלגעמיינעם שטורעם.

און, פארקערט, בלויז אין א רעוואלוציאנערע פעריאדע, ווען דער סאציאלער פונדאמענט און די ווענט פון דער קלאסען געזעלשאפט ווערען צושמעטערט און ווערען אריבערגערוקט פון איין ארט אויפ'ן צווייטען, בלויז דאן קאן יעדע קלאסען־האנדלונג פון דעם פראלעטאריאט אין עטליכע שעה אויפהויבען גאנצע שיכטען פון גלייכגילטיגע ארבייטער־מאסען. און זייער ערוואכונג דריקט זיך נאטירליך באלד אויס אין א שטורמישען עקאנאמישען קאמף. דער ארבייטער, וואס איז פלוצים אויפגעוועקט געווארען פון שלאף דורך דעם דונער פון פאליטישען ארויסטריט, ווענדט אן זיינע כחות פריהער פאר אלצדינג אויף דעם וואס איהם איז נעהענטער, אויף דעם קאמף געגען זיין שקלאפישער לאגע אויף דעם געביעט פון עקאנאמישע פארהעלטניסען. די שטורמישע באוועגונג פון דעם פאליטישען קאמף מאכט איהם פלוצים, מיט אויסערגעוועהנליכער קרעפטיגקייט, צו פיהלען דעם דרוק און די רייבונג פון זיינע עקאנאמישע קייטען. אין דייטשלאנד, צום ביישפיעל, האט דער שארפמער פאליטישער קאמף, — צי דאס איז א פאר־וואהלען־קאמף, צי א טאריף־קאמף אין דעם פארלאמענט, א קוים באמערקבארע דירעקטע ווירקונג אויף די אנגעשטרענגטע עקאנאמישע קאנפליקטען, וואס קומען פאר אין לאנד צו דער זעלבער צייט. אין רוסלאנד אבער דריקט זיך יעדער פאליטישער אקט פון דעם פראלעטאריאט באלד אויס אין דער פארברייטונג און פארטיעפונג פון דעם עקאנאמישען קאמף.

מיר זעהען אלזא, אז בלויז א רעוואלוציע באשאפט די נויטיגע באדינגונגען. אונטער וועלכע עס ווערט מעגליך דער דירעקטער איבערגאנג פון דעם עקאנאמישען קאמף אין א פאליטישען, און פון דעם פאליטישען אין א עקאנאמישען. די וואולגארע סכעמא

זעהט די פארבינדונג צווישען דעם מאסען־סטרייק און רעוואָלוציע בלויז אין בלוטיגע גאסען־צוזאמענשטויסען, וואָס פאָלגען געוועהנ־ליך דעם מאסען־סטרייק. אָבער א טיפערער בליק אויף די געשעע־הענישען אין רוסלאַנד צייגט אונז א גאַנץ פארקערטע פארהעלט־ניס: ניט דער מאסען־סטרייק רופט ארויס די רעוואָלוציע, נאָר די רעוואָלוציע — דעם מאסען־סטרייק.

4. עס איז גענוג צוזאמענצופאסען אַלעס, וואָס איז ביז אהער געזאָגט געוואָרען, אום צו קאָנען פאנאנדערקלייבען זיך אין דער פראגע וועגען דער באוואוסטזיניגער פיהרערשאפט און אי־ניציאַטיווע פון דעם מאסען־סטרייק. אויב א מאסען־סטרייק איז ניט קיין איינצעלנער, אָפגעזונדערטער אקט, נאָר א גאנצע פע־ריאָדע פון מאסען־קאמף, און אויב די דאָזיגע פעריאָדע פאלט צו־זאמען מיט דער רעוואָלוציאָנערער פעריאָדע, איז עס גאַנץ קלאָר, אַז א מאסען־סטרייק קאָן ניט ארויסגערופען ווערען לויט דעם פרייען ווילען, אפילו ווען אזא סטרייק ווערט באשלאָסען פון דער העכסטער אינסטאַנץ פון דער מעכטיגסטער סאָציאַל־דעמאָקראטי־שער פארטיי. אויף וויפיעל די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז ניט אימ־שטאַנד לויט איהר באשלוס איינצופיהרען און אָפצושאַפען רעוואָלו־ציעס, פונקט אויף אזוי פיעל איז דער גרעסטער ענטוזיאַזם און אומ־געדולד פון די אָרגאַניזירטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע כחות ניט גע־נוג כדי ארויסצורופען אן אמת'ע פעריאָדע פון מאסען־סטרייק, אָלס א מעכטיגע, לעבעדיגע פאָלקס־באוועגונג. שטיצענדיג זיך אויף דער ענטשלאָסענהייט פון די לייטענדע אָרגאַנען און אויף דער פארטיי דיסציפלין פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ארבייטער, קאָן מען, נאַטירליך, אין איינצעלנע פעלע, אָרגאַניזירען ניט־דויער־האפטיגע דעמאָנסטראַציעס, ווי דער מאסען־סטרייק אין שוועדען, צום ביישפיעל. אָבער אזעלכע דעמאָנסטראַציעס אונטערשיידען זיך פון אן אמת'ער רעוואָלוציאָנערער פעריאָדע פון מאסען־סטרייקס פונקט אויף אזוי פיעל, ווי א „ים־דעמאָנסטראַציע", וואָס ווערט גע־מאַכט אין פרעמדע האפענס, ווען דיפּלאָמאַטישע באציהונגען זיינען באַרשארפט, אונטערשיידט זיך פון אן אמת'ער ים־שלאַכט. א מא־סען־סטרייק, וואָס ווערט באשאפען אויסשליסליך אויף דעם באָדען פון דיסציפלין אין געהויבענער שטימונג, קאָן אם בעסטען פאַל זיין

אַן עפּיזאָד, אַ סימפּטאָם פון דער קאַמף־שטימונג פון די אַרבייטער. די געוועהנליכע וואָכעדיגקייט קערט זיך אום גלייך נאָך אַזעלכע דעמאָנסטראַטיווע געהויבענע מאָמענטען. אמת, אויך אין רעוואָלוציאָנערע צייטען פאַלען ניט קיין מאַסען־סטרייקס פון דעם הימעל אַרונטער. אַזוי אָדער אַנדערש ווערען זיי געמאַכט פון די אַרבייטער. און דאָ שפּיעלט, נאַטירליך, אַ גרויסע ראָלע דער באַשלוס און די ענטשלאָסענהייט פון די אַרבייטער, און עס פאַרשטעהט זיך, אַז אי די איניציאַטיווע אי די ווייטערע פיהרערשאַפט פאַלט אויף דעם מעהר־באַוואוסטזיניגען, סאָציאַל־דעמאָקראַטישען קערענדעל פון דעם פּראָלעטאַריאַט. אָבער דאָס פעלד פון ווירקונג פון אַזאַ איניציאַטיווע און אַזאַ פיהרערשאַפט איז געוועהנליך באַגרענצט פון איינצעלנע אַקטען, איינצעלנע סטרייקס, און זאָגאַר איינצעלנע שטעדט. אַ חוץ דעם ווערען דאָ פאַר דער איניציאַטיוו און באַוואוסטזיניגער פיהרערשאַפט אַוועקגעשטעלט גאַנץ באַשטימטע גרענעצען. גראַדע אין דער צייט פון אַ רעוואָלוציע איז פאַר אַ לייטענדען אָרגאַן פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג גאַנץ שווער פאָראויסצוזעהן און פאָראויס צו באַשטימען, וועלכע מאָטיווען און וועלכע מאָמענטען קאָנען פיהרען צו אַן אויפריים און וועלכע ניט. אויך ווערט די איניציאַטיוו און די פיהרערשאַפט אויסגעדריקט ניט אין אַ קאָמאַנדע אויס פרייען ווילען, נאָר אין אַ געלונגענער פּאַרטרעפליכער צופּאַסונג צו די אומשטענדען און אין אַן ענגערער באַריהרונג מיט דער שטימונג פון די מאַסען. אין רוסלאַנד שפּיעלט דער ספּאָנטאַנער עלעמענט אַ וויכטיגע ראָלע אין אַלע מאַסען־סטרייקס אָהן אויסנאַם, אַ מאָל אַלס אַן אַנרעגענדע קראַפט און אַמאָל אַלס אַ צוריקהאַלטענדע. אָבער דאָס איז דער פאַל ניט דערפאַר, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד איז נאָך יונג און שוואַך. דאָס ערקלערט זיך גיכער דערמיט, וואָס אין יעדען באַזונדערען אַקט פון קאַמף ווירקען איינצייטיג אַזוי פיעל עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע מאָמענטען, אַלגעמיינע און לאָקאַלע, מאַטעריעלע און פּסיכאָלאָגישע, אַז קיין איינצעלנער אַקט קאָן ניט באַשטימט און ענטוויקעלט ווערען ווי אַ מאַטעמאַטישע פּראָבלעם. אפילו אויב דער פּראָלעטאַריאַט, מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַן דער שפּיץ, שפּיעלט די לייטענדע ראָלע אין דער

רעוואָלוציע, קאָן זי דאָך ניט פארטיעפט ווערען דורך וועלכען עס איז צוג פון דעם ארבייטער קלאַס אין דעם אָפענעם פעלד, ווייל א רעוואָלוציע איז א שלאַכט אין מיטען פון געוויש און דעם קראַ־כען פון די סאָציאַלע יסודות. אין קורצען, אין רוסלאַנד שפּיעלט דער ספּאָנטאַנער מאָמענט אזא איבערוועגענדע ראָלע אין דעם מאַ־סען־סטרייק ניט דערפאַר, וואָס דער רוסישער פּראָלעטאריאַט איז „ניט ערצויגען“, נאָר דערפאַר וואָס מען קאָן קיין רעוואָלוציע ניט ערציהען.

אין רוסלאַנד, אַלזאָ, שטעלט די רעוואָלוציע גרויסע שוועריג־קייטען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער פיהרונג פון מאַסען־סטרייקס. יעדע מינוט רייסט זי ארויס אויף א קאַפּריזנעם אופן די פיהרערשאַפט פון די הענד פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און זי צווינגט זי צוריק אריין אין איהרע הענד. פון דער אַנדערער זייט זעהען מיר אָבער, אז די זעלבע רעוואָלוציע לייזט אַליין אַלע שווערע פּראָבלעמען פון דעם מאַסען־סטרייק, פּראָבלעמען, וועלכע זיינען, לויט דער טעאָרעטישער סכעמאַ, די וויכטיגסטע זאָרג פון דער „פיהרערשאַפט“: די פראַגען פון „באַזאָרגען לעבענס־מיטלען“, פון „דעקען די אויסגאַבען“, און פון די „קרבנות“. אמת, די דאָזיגע פראַגען ווערען געלייזט גאָר ניט אזוי, ווי דאָס ווערט געטאָן אויף א באַראַטונג מיט א בלייסטיפט אין האנד, אויף א רוהיגער קאָנ־פערענץ פון די העכסטע פאָרשטעהער פון דער ארבייטער באַוועגונג. די „לייזונג“ פון די אַלע פראַגען באַשטעהט אין דעם, וואָס די רעוואָלוציע ווארפט ארויף אויף דער סצענע אזוינע אונגעהייער גרויסע פאָלקס־מאַסען, דאָס יעדער פאַרזוך אויסצורעכענען און נאָרמירען די אויסגאַבען פון דער דאָזיגער באַוועגונג איז א גאַנץ האָפנונגסלאָזע אונטערנעהמונג. אמת, אויך אין רוסלאַנד זוכען די לייטענדע אָרגאַניזאַציעס, אויף וויפיעל זיי קאָנען, צו העלפען די דירעקטע קרבנות פון דעם קאַמף, אָבער אין דעם גוואַלדיגען סך הכל פון דער רעוואָלוציע זיינען אזוינע ביישטייערונגען ווי א טראָ־פּען אין ים. פון דער מינוט, ווען עס הויבט זיך אָן א ווירקליכע, ערנסטע פּעריאָדע פון מאַסען סטרייקס, ווערען אַלע „אויסרעכענונ־גען פון אויסגאַבען“ א פאַרזוך אויסצושעפען די וואַסער פון ים מיט א טיי־גלאָז. יעדע רעוואָלוציע קאָסט דאָך דעם פּראָלעטאריאַט

אזוי פּיעל גרויזאַמע לײדען און קרבנות. די רעוואָלוציאָנערע פּעריאָדע געהט אַרויס פון דער דאָזיגער אונמעגליך שווערער לאַגע דורך דעם, וואָס זי ענטוויקעלט אין די מאַסען אזוי פּיעל אידעאַליזם, אַז זיי הערען אויף צו פּיהלען די שאַרפסטע לײדען. ניט די רעוואָלוציע און ניט דער מאַסען־סטרייק ווערען געמאַכט לויט דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם געווערקשאַפטען־מיטגליעד, וועלכער וועט ניט איינשטימען אויף אַן ערשטען מאַי־סטרייק ביז מען וועט איהם ניט גאַראַנטירען די געוויסע הילף אין פאַל ער ווערט ענטזאָגט. אָבער דאָס איז דאָך איינער פון די אייגענשאַפטען פון דער רעוואָלוציאָנערער פּעריאָדע, וואָס דער פּראָלעטאַריער ווערט פאַרוואַנדעלט פון אַ זאָרגפולען פאָטער, וועלכער פאָדערט שטיצע, אין אַ „רעוואָלוציאָנערען ראָמאַנטיקער“, פאַר וועמען דאָס העכסטע גענוס, — דאָס לעבען, — שוין ניט רײדענדיג פון מאַטעריעלען וואוילזיין, פאַרלירט יעדען ווערט אין פאַרגלייך מיט די אידעאַלען פון דעם קאַמף.

און אויב דער מאָמענט פון דער ענטשטעהונג פון דעם מאַסען־סטרייק און דאָס אויסרעכענען און דעקען די אויסגאַבען ווענדען זיך אָן דער רעוואָלוציאָנערער פּעריאָדע, צו וועלכער עס געהערט די פיהרערשאַפט אין דעם דאָזיגען זין, פאַלט אויף דעם גורל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און איהרע העכסטע אָרגאַנען אַ לײטענדע ראָל אין גאַר אַן אַנדער זין. אַנשטאַט זיך צו ברעכען דעם קאָפּ וועגען דער טעכנישער זייט פון דער פראַגע, וועגען דעם מעכאַניזם פון דעם מאַסען־סטרייק, ווערט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע גערופען צו זיין די פּ אָ ל י ט י ש ע פיהרערין אין דעם פלאַקער פון דער רעוואָלוציאָנערער פּעריאָדע. אַרויסשטעלען לאָזונגען, אָנצייגען די ריכטונג פון דעם קאַמף, צופּאַסען די ט אַ ק ט י ק פון דעם פּאָליטישען קאַמף אזוי, אַז אין יעדער פאַזע, אין יעדען מאָמענט פון קאַמף זאָל רעאַליזירט ווערען אין גאַנצען די פרייע אַקטיווע קראַפט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, זי זאָל זיך אויסדריקען אין דער קאַמפּס־פּאָזיציע פון דער פּאַרטיי; אַכטונג געבען, אַז די טאַקטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אין איהר ענטשלאָסענהייט און באַשטימטקייט זאָל קיינמאָל ניט שטעהן ג י ד ר י ג ע ר פון דער ווירקליכער קרעפטען־פאַרהעלטניס, נאָר

פארקערט, זי זאָל שטענדיג זיין פאָראויס, — אָט דאָס איז די וויכטיגסטע אויפגאבע פון דער „פיהרערשאפט" אין דער פעריאָדע פון דעם מאַסען־סטרייק. און אַזאַ פיהרערשאפט געהט ביז צו א געוויסען גראד פון זיך אליין איבער אין א טעכנישער פיהרער־שאפט. א קאָנזעקווענטע, ענטשלאָסענע, פאָראויס־שטרעבענדע טאקטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע רופט ארויס אין די מאסען א געפיהל פון זיכערהייט, מוט און קאמף־לוסט; און פארקערט, א וואקלענדע טאקטיק, א שוואכע טאקטיק, געגרינדעט אויף אַן אונ־טערשעצונג פון די פראָלעטארישע כחות, שטערט און האלט אָפּ דעם קאמף.

אין ערשטען פאַל פלאקערען די מאסען־סטרייקס אויף „פון זיך" און זיינען תמיד אין צייט; אין דעם צווייטען פאַל האָבען די דירעקטע אויפפאָדערונגען פון די לייטענדע אָרגאַנען צו א מאסען־סטרייק, אָפטמאָל גאָר קיין ערפאָלג נים. פון ביידע אזעלכע פעלע גיט אונז די רוסישע רעוואָלוציע באַרעדזאַמע ביישפּיעלען.

(די קאַפּיטלעך 5־6 זיינען אויסגעלאָזען. זיי באהאַנדלען אזעלכע פונקטען וועגען דער פראַגע, וואָס האָבען איצטער נים דעם זעלביגען שאַרפען אינטערעס, ווי אַמאָל.)

## 7.

מיר האָבען געזעהען, אז אין רוסלאנד איז דער מאסען־סטרייק ניט געווען קיין קינסטליכער פּראָדוקט פון א פאָראויס־געפּלאנטער טאקטיק פון דער סאָציאַל דעמאָקראטיע, נאָר א נאַ־טירליכע היסטאָרישע ערשיינונג אויף דעם באָדען פון דער רע־וואָלוציע. וועלכע מאָמענטען האָבען אַלזאָ באַשאפען דאָרט אָט די נייע אויסערליכע פאָרם פון רעוואָלוציע?

די נאָהענטסטע אויפגאבע פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז צו פארבייטען דעם איצטיגען רעגירונגס רעזשים אויף א מאָדער־נער בורזשואז־פּאַרלאַמענטארישער רעכטליכער רעגירונג. פאָרמעל איז דאָס די זעלבע אויפגאבע, וועלכע ס'האָט געהאט פאַר זיך דייטש־לאנד פאַר דער מערץ רעוואָלוציע, און פראנקרייך פאַר דער גרוי־סער רעוואָלוציע צום ענד פון אכצעהנטען יאָהרהונדערט. אָבער די אומשטענדען, די היסטאָרישע סביבה אין וועלכער די דאָזיגע פאָרמעל־עהנליכע רעוואָלוציעס זיינען פאָרגעקומען, אונטערשיידען

זיך גרינדליך פון די אומשטענדען אין רוסלאַנד. דער באַשטימענ־דער פאַקטאָר ליגט דאָ אין דעם, וואָס צווישען די דאָזיגע בור־זשואַזע רעוואָלוציעס פון מערב־אייראָפּאַ און דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין מזרח־אייראָפּאַ ליגט דער גאַנצער ציקל פון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג. און די דאָזיגע ענטוויקלונג האָט אַרומגעכאַפּט ניט נאָר די מערב אייראָפּעאישע לענדער, נאָר אויך דאָס זעלבסטהערשענדע רוסלאַנד. די גרויס־אינדוסטריע מיט אַלע איהרע קאָנטראַסטען, מיט דער מאָדערנער קלאַסען־צוטיילונג, מיט די שאַרפע סאָציאַלע פאָלגען, מיט די מאָדערנע, גרויסע שטעדט און דעם מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט, איז געוואָרען אין רוסלאַנד די הערשענדע פּראָדוקציאָנס־פאָרם, דאָס הייסט, די באַשטימענדע פאָרם אין דעם זין פון סאָציאַלער ענטוויקלונג. דורך דעם איז אָבער באַשאַפען געוואָרען די ערשטוינענדע היסטאָרישע לאַגע, פול מיט ווידערשפּרוכען, אַז די רעוואָלוציע, וועלכע איז אַ בור־זשואַזע לויט איהרע פאָרמעלע אויפגאַבען, ווערט געמאַכט פריי־הער פאַר אַלעמען פון דעם מאָדערנעם, קלאַסען־באַוואוסטען פּראָ־לעטאַריאַט און קומט־פאָר אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער סביבה, אין וועלכע די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע האַלט ביים פאַנאַנדערפאַלען. די בורזשואַזיע איז שוין ניט דער פאָראויסגעהענדער רעוואָלוציאָנע־רער עלעמענט, ווי זי איז דאָס געווען אין די פריהערדיגע רעוואָ־לוציעס אין מערב, ווען די פּראָלעטאַרישע מאַסען, צוזאַמענגעגאָ־סען מיט דעם קליינבירגערטום, האָבען בלויז צוגעשטעלט סאָלדאַטען פאַר די אַרמייען, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער דער פיהרער־שאַפט פון דער בורזשואַזיע. איצט אָבער איז דער פּראָלעטאַריאַט דער לייטענדער און רופענדער עלעמענט, אין דער צייט ווען די גרויס־בורזשואַזע שיכטען זיינען אָדער באַשטימט קאָנטר־רעוואָלו־ציאָנער, אָדער שוואַך־ליבעראַל, און בלויז די דאָרפישע קליין־בורזשואַזיע און די קליין־בורזשואַזע שטאָדטישע אינטעליגענץ זיי־נען ענטשיידען אין דער אָפּאָזיציע און זאָגאַר רעוואָלוציאָנער גע־שטימט. און דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט, וועמען עס איז באַ־שערט אַזוי אַרום צו שפּיעלען די ערשטע ראָל אין אַ בורזשואַזער רעוואָלוציע, טרעט אַרויס אין קאַמף אין דער אַנוועזענהייט פון גאָר פאַרשאַרפטע ווידערשפּרוכען צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, אָהן שום אילוזיעס וואָס אַנבאַלאַנגט בורזשואַזער דעמאָקראַטיע,

אָבער דערפאַר מיט אַ שטאַרק־ענטוויקעלטען באַוואוסטזיין פון זיינע אייגענע ספּעציפישע קלאַסען־אינטערעסען. די דאָזיגע לאַגע, פול מיט ווידערשפּרעכונגען, דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס אין אַט דער פאָרמעל־בורזשואַזער רעוואָלוציע איז דער ווידערשפּרוך צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזער געזעלשאַפט שטאַרקער פון דעם ווידערשפּרוך צווישען דער בורזשואַזער געזעלשאַפט און דער זעלבסטהערשאַפט, אין דעם וואָס די קלעפּ פון דעם פּראָלעטאַריאַט זיינען געווענדעט מיט דער זעלבער קראַפט אי געגען דער פּאַרעלטערטער פּאָליטישער פאָרם, אי געגען דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, אין דעם וואָס די פּראָגראַם פון דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף אונטערשטרייכט מיט דער זעלבער קראַפט די נויטווענדיגקייט פון פּאָליטישער פרייהייט און דאָס אויסקעמפען פון אַן אַכט־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג און אַן אַנשטענדיגע מאַטעריעלע עקזיסטענץ פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט. דער דאָזיגער צווייענדיגער כאַראַקטער פון דער רוסישער רעוואָלוציע דריקט זיך אויס אין דער ענגער אָפּהענגיגקייט, אין דער געגענזייטיגער ווירקונג צווישען דעם עקאָנאָמישען און פּאָליטישען קאַמף, וועלכע געפינען זייער געהעריגען אויסדרוק אין דעם מאַסען־סטרייק.

אין די פריהערדיגע בורזשואַזע רעוואָלוציעס, וואו פון איין זייט האָבען די בורזשואַזע פּאַרטייען געזאָרגט וועגען דער פּאָליטישער ערציהונג פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַסע און איהר פיהרערשאַפט, און וואו פון דער אַנדערער זייט האָט זיך עס געהאַנדעלט בלויז וועגען דעם אומוואַרפען פון דער אַלטער רעגירונגס פאָרם, איז אַ קורצוויילינע באַריקאַדען־שלאַכט געווען די פּאַסענדע פאָרם פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף. היינט אָבער, ווען דער אַרבייטער קלאַס, אין צייט פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף, מוז זיך אַליין ענטוויקלען, אַליין זיך מאָביליזירען און אַליין זיך פיהרען, ווען די רעוואָלוציע איז געריכטעט פּונקט אַזוי געגען דער אַלטער רעגירונגס־אָרדנונג ווי געגען דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, איז דער מאַסען־סטרייק דאָס נאַטירליכסטע מיטעל צו רעקרוטירען, צו רעוואָלוציאָניזירען און צו אָרגאַניזירען די ברייטסטע שיכטען פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דעם גאַנג פון קאַמף. אין איינער און

דער זעלבער צייט טרייסעלט זי אויף און וואַרפט אום די אַלטע רעגירונגס־מאַכט און שטעלט אַוועק גרענעצען פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע. דער שטאָדטישער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט איז איצט די נשמה פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

אָבער אום דורכצופיהרען וועלכען עס איז פּאָליטישען מאַסען־אַקט איז עס פריהער פאַר אַלץ נויטיג, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך צוזאַמענקלייבען אין מאַסען. פאַר דעם דאָזיגען צוועק דאַרף ער אַרויס פון די פאַבריקען און ווערקשטאַטען, פון מינען און געצעלטען. ער דאַרף בייקומען זיין פאַרשקלאַפטקייט, זיין צואוואָרפענקייט איבער איינצעלנע ווערקשטאַטען, צו וועלכע ער איז פאַראורטיילט פון דעם אַלטעגליכען קאַפּיטאַליסטישען יאָך. דער מאַסען־סטרייק איז דעריבער די ערשטע נאַטירליכע פאָרם, אין וועלכער עס גיסט זיך אויס יעדער גרויסער רעוואָלוציאָנערער אַקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט; און וואָס מעהר די אינדוסטריע ווערט די הערשענדע פאָרם פון געזעלשאַפטליכער ווירטשאַפט, וואָס מעהר עס וואַקסט די ראָל פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציע, און וואָס מעהר עס ענטוויקלען זיך די ווידערשפּרוכען צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, אַלס שטאַרקער און ענטשיידענדער דאַרפען ווערען די מאַסען־סטרייקס. די הויפּט־פאָרם פון די פריהערדיגע בורזשואַזע רעוואָלוציעס, — דער באַריקאַדען־קאַמף, דער אָפענער צוזאַמענשטויס מיט דער באַוואַפענטער מאַכט פון דעם שטאַאַט, איז אין דער מאָדערנער רעוואָלוציע בלויז אַן עקסטרעמער פונקט, בלויז אַן איינצעלנער מאָמענט אין דעם אַלגעמיינעם פּראָצעס פון דעם פּראָלעטאַרישען מאַסען־קאַמף.

דורך דעם ווערט אין דער נייער פאָרם פון רעוואָלוציע דערגרייכט אויך דער קולטורעלער, דער מילדערער כאַראַקטער פון דעם קלאַסען־קאַמף, וואָס איז פאָראויסגעזאָגט געוואָרען פון די אָפּאָרטוניסטען פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, בערנשטיין, דאַוויד, און אַנדערע. אמת, אָט די הערען האָבען זיך פאָרגעשטעלט די קולטורעלקייט און מילדקייט פון דעם קלאַסען־קאַמף אין דער געשטאַלט פון קליין־בורזשואַזע דעמאָקראַטישע אילוזיעס. זיי האָבען געזעהען די דאָזיגע אילוזיעס אין דער באַגרענעצונג פון דעם קלאַסען־קאַמף בלויז אויף דעם געביט פון

פּאַרלאַמענטאַריזם און אין דעם פּאָלשטענדיגען פּאַרשווינדען פון מאַסען־רעוואָלוציעס. די געשיכטע האָט געלייזט די דאָזיגע פראַגע אויף אַן עטוואָס טיפערען און פיינערען אופן: דורך דער ענטשטע־הונג פון דעם רעוואָלוציאָנערען מאַסען־סטרייק. נאַטירליך, די דאָזיגע רעוואָלוציאָנערע מעטאָדע פאַרנעמט ניט דעם פּלאַץ פון גאַסען־צוזאַמענשטויסען און מאַכט זיי ניט פאַר איבעריג. אָבער מאַכט זיי בלויז פאַר איינצעלנע מאָמענטען אין אַ לאַנגער פּעריאָדע פון פּאָליטישען קאַמף, און צו דער זעלביגער צייט בינדט זי צוזאַמען מיט דער דאָזיגער רעוואָלוציאָנערער פּע־ריאָדע אַן אומגעהייער גרויסע קולטורעלע ארבייט אין דעם בוכ־שטעבליכען זין פון וואָרט. די באַרבאַרישע פאָרמען פון דער קאַ־פּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע ווערען מעהר „קולטורעל“, און אַזוי אַרום ווערט דאָס מאַטעריעלע און גייסטיגע לעבען פון דעם אַר־בייטער קלאַס דערהויבען צו אַ העכערער מדרגה.

דער מאַסען־סטרייק איז, אַלזאָ, ניט אַ ספּעציפיש־רוסישער פּראָדוקט, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען פון די פּאָליטישע אומשטענדען אין רוסלאַנד. גראַדע פאַרקערט, ער איז אַן אַל־געמיינע פאָרם פון דעם פּראָלעטאַרישען מאַסען־קאַמף, וואָס קומט אַרויס אַלס אַ רעזולטאַט פון דער מאָדערנער שטופע פון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג, פון די מאָדערנע קלאַסען־פאַר־העלטניסען. די דריי בורזשואַזע רעוואָלוציעס — די גרויסע פראַנ־צויזישע רעוואָלוציע, די מערץ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד און די איצטיגע רוסישע רעוואָלוציע, בילדען פון דעם דאָזיגען שטאַנד־פּונקט אַ ניט־איבערגעריסענע קייט פון שטופּענווייזער ענטוויקלונג און שפּיגלען אין זיך אָפּ די בליהונג און פאַנאַנדערפאַלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע. אין דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע באַווייזען זיך אין דער לאַנגער פּעריאָדע פון שרעקלי־כען קאַמף די נאָך ניט ענטוויקעלטע אינערליכע ווידערשפּרוכען פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. בלויז אין דעם סאַמע פלאַקער פון דער רעוואָלוציע ווערען די ניי־געבאָרענע און רייפע ווידערשפּרו־כען געלייזט אָהן שטערונגען, פאָלשטענדיג פריי פון דעם ראַדי־קאַליזם וואָס וויים ניט פון קאָמפּראָמיסען. אין אַ האַלבען יאָהר־הונדערט אַרום, אין מיטען וועג פון דער קאַפּיטאַליסטישער

ענטוויקלונג, ברעכט אויס די רעוואָלוציע פון דער דייטשער בורזשואזיע. איידער זי דערגרייכט איהר פולקייט ווערט זי איבערגעריסען צוליעב דעם ווידערשפּרוך פון אינטערעסען און דעם גלייכגעוויכט צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט; זי געהט צו גרונט דערשטיקט פון דעם בורזשואַ־פעאָדאַלען קאָמפּראָמיס, דערנידעריגט צו דער שטופּע פון א קורצען, טרויעריגען, אַנטשוויגען־געוואָרענעם עפּיזאָד. נאָך אַ האַלבער יאָהרהונדערט, — און די איצטיגע רוסישע רעוואָלוציע שטעהט אויף דעם פּונקט וואו די היסטאָרישע וועגען שיידען זיך, שוין פון יענער זייט באַרג, אַריבער דעם שפּיץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. די בורזשואַזע רעוואָלוציע קאָן שוין ניט דערשטיקט ווערען פון דעם ווידערשפּרוך צווישען דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט. פאַרקערט, זי געהט אַריבער אין אַ נייער, לאַנגער פּעריאָדע פון אַ געוואַלדיגען סאָציאַלען קאַמף, אין וועלכען די חשבונות, וואָס וועלען אונטערגעפיהרט מיט דעם אַלטען רעגירונגס־רעזשים זיינען אַ קליינינגקייט אין פאַרגלייך מיט אַ רייהע גאַנץ נייע מאָהן־צעטלעך וואָס ווערען אַרויסגעשטעלט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע גופא. אונטער די ספּעציעלע פּאָליטישע באַדינגונגען אין רוסלאַנד רעאַליזירט ,אַלזאָ, די רוסישע רעוואָלוציע די אַלגעמיינע רעזולטאַטען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג, און איז גיכער דער אָנזאָגער פון אַ נייער סעריע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס אין מערב־אייראָפּא איידער דער לעצטער אָפּקלאַנג פון די פריהערדיגע בורזשואַזע רעוואָלוציעס. דאָס אָפּגעשטאַנענסטע לאַנד, גראַדע דערפאַר וואָס עס האָט זיך אַזוי אומפאַרצייליך פאַרשפּעטיגט מיט זיין בורזשואַזער רעוואָלוציע, ציירענט אָן די וועגען און מעטאָדען פון ווייטערען קלאַסען־קאַמף באַר דעם פּראָלעטאַריאַט פון דייטשלאַנד און פון די פאָרגעשריטענסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

דעריבער איז עס אויך אין דער דאָזיגער הינזיכט אַ גרויסער פעהלער צו באַטראַכטען די רוסישע רעוואָלוציע פון דערווייטענס, ווי אַ שעהנעם ספּעקטאַקל, ווי עטוואָס ספּעציפיש „רוסישעס“, און באַוואונדערען די העלדישקייט פון די קעמפער, דאָס הייסט, די אויסערליכע אַקסעסואַרען. עס איז פיעל וויכטיגער, אַז די דייט־

שע אַרבייטער זאָלען זיך צוגעוואוינען צו באַטראַכטען די רוסישע רעוואָלוציע אַלס *זייער אייגענע זאַך* ניט נאָר אין דעם זין פון אינטערנאַציאָנאַלער קלאַסען־סאָלידאַריטעט, נאָר זיי זאָלען אין דער דאָזיגער רעוואָלוציע זעהן *אַ קאַפּיטעל פון זייער אייגענער סאָציאַלער און פּאָליטישער געשיכטע*. די פיהרער פון די געווערקשאַפטען, די פאָרשטעהער פון דעם פּאַרלאַמענטאַרען קאַמף, וועלכע האַלטען דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט פאַר „צו שוואַך“ און די אומשטענדען אין דייטשלאַנד פאַר נישט רייף גענוג פאַר אַ רעוואָלוציאָנערען מאַסען־קאַמף, פאַרדעכטיגען ניט, ווייזט אויס, אַז די מאָס פון דער רייפקייט פון די קלאַסען־פאַרהעלטניסען און פון דער מאַכט פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דייטשלאַנד, ליעגט ניט אין די ציפערען פון די דייטשע געווערקשאַפטען, אָדער אין דער וואַהל־סטאַטיסטיק, נאָר אין די געשעהעניסען פון דער רוסישער רעוואָלוציע. פּונקט ווי די רייפקייט פון די קלאַסען־ווידערשפּרוכען אין פראַנקרייך בעת דער יולי־מאָנאַרכיע און אין די פּאַריזער יוני־טעג האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אויף דער מערץ־רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, אויף איהר ענטוויקלונג און איהר דורכפאַל, פּונקט אַזוי שפּיגעלט זיך איצט אָפּ די רייפקייט פון די קלאַסען־ווידערשפּרוכען אין דייטשלאַנד אויף די פּאַסירונגען און אויף דער מאַכט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. און די ביוראָקראַטען פון דער דייטשער אַרבייטער־באַוועגונג, וועלכע פאָרקען זיך אין די שופלאָדען פון זייערע קאַנטאָרען צו געפינען דאָרט באַווייזען וועגען דער קראַפט און רייפקייט פון דער דאָזיגער באַוועגונג, זעהען ניט, אַז דאָס וואָס זיי זוכען, געפינט זיך פאַר זייערע אויגען אין דער פאָרם פון אַ גרויסער היסטאָרישער אַנטפּלעקונג. ווייל אין דער היסטאָרישער הינזיכט איז די רוסישע רעוואָלוציע אַן אָפּשפּיגלונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער און פאָלגליך, פריהער פאַר אַלץ, דייטשער אַרבייטער באַוועגונג.

־ער רעזולטאַט פון דער רוסישער רעוואָלוציע וואָלט דערייבער געווען זעהר אַ קלאָגעדיגער און זעהר אַ נישטיגער, אויב דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט וואָלט זיך באַנוצט מיט איהר בלויז אום זיך אָנצוכאַפּען אָן איהר אויסערליכער קאַמפּס־פאָרם, דעם מאַסען־

סטרייק, און מאַכען פון איהר אַ רעזערוו־קאַנאַן, אין פאַל דאָס אַלגעמיינע שטימרעכט וועט אָפּגעשאַפט ווערען, אין אַנדערע ווערטער, אויב מען זאָל די רוסישע רעוואָלוציע דערפיהרען צו דעם קלעגליכען פאָרמאַט פון אַ פאַרלאַמענטאַרישען פאַרטיידיגונגס־קאַמף. „אויב מען וועט ביי אונז אוועקנעמען דאָס אַלגעמיינע שטימרעכט, וועלען מיר זיך פאַרטיידיגען און וועהרען“. דאָס איז אַ גאַנץ פאַרשטענדליכער באַשלוס, אָבער אום אָנצונעמען איהם דאַרף מען זיך גאָרניט אוועקשטעלען אין דער העלדישער פּאָזע פון דאַנטאָן, ווי דאָס האָט געטאָן, צום ביישפּיעל, גענאָסע עלם אין יענאַ. ווייל צו פאַרטיידיגען דאָס ביסעל פאַרלאַמענטאַרישע רעכט, וואָס די מאַסען פאַרמאָגען שוין, — דאָס איז די גרונד־פליכט פון יעדער אָפּאָזיציאָנס־פאַרטיי, און גאָרנישט קיין אויסערגעוועהנליכער, נייער אויפטו, פאַר וועלכען עס פאָדערען זיך כלומרשט נאָכצע בערג הרוגים פון דער רוסישער רעוואָלוציע. אָבער בלויז „פאַרטיידיגונגס־טאַקטיק“ קאָן קיינמאָל ניט ערשעפּען אין גאַנצען די פּאָליטיק פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ רעוואָלוציאָנערער פּעריאָדע. אמת, עס איז שווער גענוי פאָראויסצוזאָגען, אויב די אָפּשאַפונג פון דעם אַלגעמיינעם וואַהלרעכט אין דייטשלאַנד וועט פאָרקומען אין אַזאַ מאָמענט, ווען זי וועט זיכער אַרויסרופען אַן אַלגעמיינע מאַסען־סטרייק באַוועגונג. אָבער פון דער אַנדערער זייט איז עס קיין צווייפעל ניט, אַז ווי נאָר עס וועט זיך ביי אונז אין דייטשלאַנד אָנהויבען אַ פּעריאָדע פון שטורמישער מאַסען־סטרייק טעטיגקייט, וועט פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זיין אוממעגליך צו באַגרעניצען איהר טאַקטיק מיט בלויז פאַרלאַמענטאַרישען ווידערשטאַנד. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קאָן ניט פאָראויסבאַשטימען די דירעקטע אורזאַך און דעם מאָמענט, ווען עס וועלען אין דייטשלאַנד אויסברעכען מאַסען־סטרייקס, פּונקט ווי זי קאָן ניט באַשאַפען קיין היסטאָרישע סיטואַציעס דורך די באַשלוסען פון איהרע צוזאַמענפאָהרען. אָבער דערפאַר קאָן זי און זי מוז קלאָר מאַכען און פאָרמולירען אין ענטשלאָסענע און קאָנזעקווענטע טאַקטישע שטעלונגען די פּאָליטישע ריכטונג, וואָס דער דאָזיגער קאַמף וועט אָננעמען, ווען ער וועט אויסברעכען. היסטאָרישע געשעהעניסען קאָן מען קירעווען, נישט דורך דעם וואָס מען דיקטירט זיי

רעגלען, נאָר דורך דעם וואָס מען שטודירט פאָראויס זייערע וואהר־שיינליכע פאָלגען, וואָס לאָזען זיך פאָראויסרעכענען, און דורך דעם וואָס מען פּאסט צו די אייגענע טהאטען צו אָט די וואהרשיינליכע רעזו טאטען.

דער שטאאטס־שטרייך דורך וועלכען די רעאקציע זוכט אוועק־צונעמען ביי די ברייטע שיכטען פון דער ארבייטער באפעלקערונג דאָס וויכטיגסטע פּאָליטישע רעכט, דאָס פארלאמענט־וואהלרעכט — דאָס איז די דירעקטע פּאָליטישע געפאַר וואָס דראָהט דער דייט־שער ארבייטער באוועגונג, וועלכע האָט זיך שוין צוגעוואוינט צו דעם געדאנק אין פארלויף פון די לעצטע עטליכע יאָהר. ווי מיר האָבען שוין אויבען געזאָגט, קאָנען מיר ניט באשטימט באהויפּ־טען, נישט קוקענדיג אויף דער גרויסער וויכטיגקייט פון דער דאָ־זיגער געשעהעניש, אז נאָך אָט דעם שטאאטס־שטרייך וועט באלד פאָלגען אַן אָפענער מאסען־ארויסטריט אין דער פאָרם פון מאסען־סטרייקס. אונז פעהלט דערצו דער גענויער וויסען פון די אַלע אומצעהליגע אומשטענדען און מאָמענטען, וועלכע באשטימען די סיטואציעס אין א מאסען־באוועגונג. דאָך, ווען מיר נעמען אין אנבאטראכט די פארשארפטע פארהעלטניסען אין דייטשלאנד און אויך די פיעלפאכיגע אינטערנאציאָנאַלע ווירקונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע און פון דעם צוקינפטיגען באנייטען רוסלאנד, ווערט פאר אונז קלאָר, אז די איבערקערעניש, וועלכע וועט פאָרקומען אין דער דייטשער פּאָליטיק נאָך דעם ווי דאָס וואהל־רעכט וועט אָפּגעשאפט ווערען, וועט זיך ניט אויסדריקען בלויז אין א קאמף פאר דער צוריקשטעלונג פון דעם דאָזיגען רעכט. פארקערט, אזא שריט וואָלט מיט א סטיכישער קראפט געפיהרט צו א קאָלאָסאלען דין וחשבון, וואָס די ענטריסטעטע, ערוואכטע פאָלקס־ מאסען וואָלטען געפאָדערט פון דער רעאקציע.

אָבער איינמאָל וועט זיך די לאווע פון דער פאָלקס־באוועגונג א ריהר טאָן, יועט זי זיין אונמעגליך אָפּצושטעלען מיט אָדער געגען דעם ווילען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע. די געגנער פון מאסען־סטרייקס אנערקענען געוועהנליך ניט די באַלערענדע ביי־שפּילען פון דער רוסישער רעוואָלוציע הויפּטזעכליך דערפאר וואָס רוסלאנד דארף דאָך ערשט מאכען דעם גרויסען שפּרונג פון אַן

אויטאָקראַטיע צו אַ מאָדערנער רעכטליכער אָרדנונג. די פֿאָרמעלע שטרעקע פֿון דער אַלטער ביז דער נייער פּאָליטישער אָרדנונג דאַרף אין אַ גענוגענדער מאָס ערקלערען די האַסטיגקייט און קראַפֿט פֿון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. אין דייטשלאַנד האָבען מיר שוין לאַנג די נויטיגסטע רעפֿאָרמען און די גאַראַנטיען פֿון אַ רעכטליכען שטאַאַט, און דעריבער איז דאָ ניט מעגליך אַזאַ סטיכישער אויפֿרייס פֿון סטיכישע ווידערשפּרוכען. די, וואָס דענקען אַזוי, פֿאַרגעסען, אַז דערפֿאַר אויב עס וועט שוין אין דייטשלאַנד דערגעהן צו אַן אָפֿענעם פּאָליטישען קאַמף, וועט אויס היסטאָרישער נויטווענדיגקייט דער ציעל זיין גאָר אַן אַנדערער ווי איצט אין רוסלאַנד. די בורזשואַזע רעכטליכע אָרדנונג עקזיסטירט שוין אין דייטשלאַנד לאַנג, זי האָט זיך שוין ערשעפּט און געהט באַרג אַראָנטער. די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע און ליבעראַליזם זיינען שוין ווי אויסגעשטאָרבען. און גראַדע דערפֿאַר קאָן שוין אין דייטשלאַנד ריינער קיין רעדע ניט זיין וועגען אַ *בורזשואַזער* רעוואָלוציע, און דערפֿאַר קאָן זיך אין דער פּעריאָדע פֿון אַן אָפֿענעם פּאָליטישען פֿאָלקס־קאַמף האַנדלען בלויז וועגען דער דיקטאַטור פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט, אַלס דעם לעצטען היסטאָריש־נויטווענדיגען ציעל. און די שטרעקע, וואָס ליגט צווישען דעם דאָזיגען ציעל און די איצטיגע אומשטענדען אין דייטשלאַנד, איז פֿיעל גרעסער איידער די שטרעקע, וואָס טיילט אָפּ די בורזשואַזע רעכטליכע אָרדנונג פֿון אומבאַגרענעצטער מאָנאַרכיע. דערפֿאַר קאָן אויך דער דאָזיגער ציעל ניט דערגרייכט ווערען דורך איין קלאַפּ; אויך דאָ איז נויטיג אַ לאַנגע פּעריאָדע פֿון ריעזיגען סאָציאַלען קאַמף.

איז אָבער דען ניט פֿאַראַן קיין גוואַלדיגער ווידערשפּרוך אין די פּערספּעקטיווען, וועלכע מיר האָבען אָנגעצייכענט? מיר האָבען געזאָגט, פֿון איין זייט, אַז אין דער מעגליך־נאָהענטער פּעריאָדע פֿון אַ פּאָליטישען מאַסען־אויסטריט, וועט פֿריהער פֿאַר אַלץ ערוואָרבען ווערען די פֿרייהייט פֿון פֿאַראייניגונג פֿון די אָפּגעשטאַנענסטע שיכטען פֿון דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט, און פֿון דער אַנדערער זייט וועט די פּאָליטישע אויפֿגאַבע פֿון דער דאָזיגער פּעריאָדע באַשטעהן אין דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל שוין

פארכאפּען די פּאָליטישע מאַכט. פון איין זייט אַן עקאָנאָמישער קאמף פאר עלעמענטארע אינטערעסען, פאר דער פארבעסערונג פון דער מאטעריעלער לאגע פון דעם ארבייטער־קלאס; פון דער אנדערער — דער עקסטרעמער ענד־ציעל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע! דאָס איז, נאטירליך, א גוואלדיגער ווידערשפּרוך, אָבער ער ווענדט זיך ניט אָן אונזער פעהלערהאפטעם דענקען, נאָר אָן די אינערליכע באדינגונגען פון דער קאפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג. די ענטוויקלונג פון דעם קאפּיטאַליזם באַוועגט זיך ניט אין א גראַדער ליניע, נאָר אין שאַרף־שפּיציגע געגענזאַצען. פּונקט ווי די פארשיידענע קאפּיטאַליסטישע לענדער גיבען אונז א בילד פון די פארשיידענסטע שטופען פון ענטוויקלונג, אזוי אויך אין יעדען לאנד באַזונדער געפינען זיך ניט די פארשיידענע שיכטען פון דעם ארבייטער קלאס אויף דער זעלבער שטופע פון ענטוויקלונג. אָבער די געשיכטע וואַרט ניט געדולדיג ביז די אָפּגעשטאַנענע לענדער און שיכטען וועלען דעריאָגען די פאָרגעשריטענע, אום זיך צו באַוועגען ווייטער אין גראַדע קאָלאָנען. זי רופט ארויס אויפרייסען אין די פאָדערשטע פּונקטען, וואָס זיינען אין א גרעבערער געפאר, אזוי שנעל ווי דאָרט ווערען רייף די אומשטענדען, און דער שטורמווינד פון דער רעוואָלוציאָנערער פּעריאָדע פארענדיגט אין עטליכע טעג אָדער חדשים דאָס ניט־דערמאַכטע, גלייכט אוים די אומגלייכהייט, ברייננט מיט איין שטורץ דעם גאַנצען סאָציאַלען פּראָגרעס אין קאמפּס־באַוועגונג.

אין דער רוסישער רעוואָלוציע ווערט די גאַנצע גאַמע פון ענטוויקלונג און פון די אינטערעסען פון די פארשיידענע פאָלקסשיכטען צוזאַמענגעגאָסען אין אַן אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנס־פּראָגראַם, און אַלע איינצעלנע ערשיינונגען פון דעם קאַמף — אין אַן אַלגעמיינער גרויסער קלאַסען־אַקציאָן פון דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס זעלבע וועט פּאַרקומען אין דייטשלאַנד, ווען די אומשטענדען וועלען ווערען רייף דערצו. און די פליכט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וועט דאַן זיין צוצופּאַסען איהר טאַקטיק ניט בלויז צו די אָפּגעשטאַנענסטע, נאָר אויך צו די פאָרטגעשריטענסטע שטופען פון ענטוויקלונג.

# דיער קריזיס אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע

(די שריפט איז לכתחילה ערשינען מיט דער אונטערשריפט „יוניוס״)

און אַ פאָרוואָרט פון קלאַרא צעטקין

# אַ געדענקבלאַט פאַר ראָזאַ לוקסעמבורג

## פון קלאַראַ צעטקין

(אַ פאָרוואָרט צו דער צווייטער אויפלאַגע פון דעם פאַמפלעט „יוניוס“)

ראָזאַ לוקסעמבורג׳ס „יוניוס“־פאַמפלעט האָט זיין אייגענע געשיכטע און איז אַליין אַ שטיק געשיכטע. דאָס איז מחמת די אומשטענדען אונטער וועלכע „יוניוס“ איז ענטשטאַנען און אויך מחמת דעם לעבען וואָס שטראַמט קריסטאַל־קלאָר און גליהענד פון דער דאָזיגער שריפט.

ראָזאַ לוקסעמבורג האָט געשריבען דעם פאַמפלעט אין אַפּריל פון 1915. מיט וועניגע וואָכען פאַר דעם האָט זי געמוזט „זיך זעצען“ אויף אַ יאָהר צייט אין דער „קעניגליכער פּרייסישער פרויען־טורמע“. צו דעם דאָזיגען טערמין האָט איהר פאַר׳משפּט דער קרימינאַל־געריכט אין פראַנקפורט־אויפ׳ן־מאַין נאָך מיט אַ יאָהר צוריק, פאַר דעם אויסברוך פון קריעג, אין פעברואַר 1914, פאַר איהר מוטיגען קאַמף געגען מיליטאַריזם. אין דעם קאַמף, אין דעם פּסק־דין און אין דעם נאָכשפּיעל איז ווי אַ גוס־שפּיעגעל געלעגען צוזאַמענגעפאַסט דאָס, וואָס איז באַלד אַרויסגעקומען קלאָר און אָפען און אין דער פולער מאָס פאַר דער ליכטיגער שיין: ראָזאַ לוקסעמבורג׳ס ערקענטניס פון דעם אומפאַרמיידליך־נאָהענטען שטורעם פון אימפּעריאַליזם און פון דער דרינגליכער פליכט פון דעם פּראָלעטאַריאַט איינצושטעלען זיך, מיט זיין גאַנצער קראַפט און ענטשלאָסענהייט קעגען אָט דעם שטורעם; איהר קוראַזש און אָפּפערבאַרייטשאַפט, מיט וועלכע זי האָט געפיהרט דעם קאַמף קעגען געפעהרליכען שונא אין נאָמען פון אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם; דער שאַרפער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס־אינסטינקט, ניט צו זאָגען די וואַכזאַמע קאַפּיטאַליסטישע קלאַס־באַוואוסטזיניגקייט,

מיט וועלכער די בורזשואזע וועלט האָט אומברחמנות'דיג אָנגע־וועגדט אַלע איהרע מאַכט־מיטלען צו באַשיצען דעם מיליטאַריזם, אויף וועמען עס איז איצטער, צוליעב דער ענטוויקלונג פון דעם אימפּעריאַליזם, אויסגעבּאַלען די נייע און העכערע אויפגאַבע פון וועלט־באַהערשונג און באַפעסטיגונג פון דעם קאַפּיטאַליזם; דאָס שענדליכע אונטערגעבען זיך פון דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַ־טיע, אָדער ריכטיגער — פון איהרע פיהרער, צום מיליטאַריזם און אימפּעריאַליזם.

פאַקטיש האָבען דעמאָלט די גרויסע מאַסען פּראָלעטאַריער געבּרענט פון אויפרעגונג און געריסען זיך אין קאַמף געגען מילי־טאַריזם און אימפּעריאַליזם. זייער קלאַסען־באַוואוסטזיין האָט נאָך ניט געהאַט ענטדעקט דעם טויט־שונא, אָבער מיט זייער געזונטען פּראָלעטאַרישען חוש האָבען זיי דערפיהלט אין וועלכער ריכטונג ער געפינט זיך. דער פּסק־דין איבער ראָזא לוקסעמבורג, און די סבה פון דער פאַראורטיילונג, די קלאָר־אויסגעדריקטע איבערציי־גונג פון דער מוטיגער פיהרערין, אַז די פּראָלעטאַריער וועלען ניט אויספיהרען דעם באַפעהל צו געברויכען געוועהר געגען זייערע ברידער פון אַנדערע פעלקער, — דאָס האָט ווי מיט אַ וואָרף־ליכט העל באַלויכטען דעם מיליטאַריזם און זיין אמת'ען אָנזעהן פאַר די מאַסען פּראָלעטאַריער. די שטורמיש־פייערדיגע ווירקונג פון איהרע פאַרדאַמונגס־ווערטער איז נאָך מעהר פאַרטיעפט געוואָרען דורך איהר רעדע פאַר'ן פראַנקפורטער געריכט. דאָס איז אַ קלאַ־סישער דאָקומענט פון פּאָליטישער פאַרטיידיגונג, וואו, אָנשטאַט דער יורידישער און געזעצמעסיגער דינגעניש וועגען דעם גראַד פון „שולדיגקייט“, פּסק־דין און גראַד פון באַשטראָפונג, האָט זי גלייך אַוועקגעשטעלט דעם קאַמף פאַר דעם וויסענשאַפטליך־באַפעסטיג־טען אידעאַל פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם. אַ קוואַל פון פּראַכטפולער, ענטשלאָסענער קאַמף־שטימונג האָט געשלאָגען פון די פּראָלעטאַרישע מאַסען. די זעלבסט־פאַרשטענדליכע אויפ־גאַבע פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פיהרער, אפילו מיט'ן קלענ־סטען פּאָליטישען חוש, וואָלט געדאַרפט געווען זיין — אויסצונו־צען אָט די שטימונג, פאַרטיעפען זי און אָנצופאַנגען אַ קאַמף געגען מיליטאַריזם און אימפּעריאַליזם אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב,

כדי זיי צו געבען אַ טויט־קלאַפּ. אָבער דער פאַרשטאַנד (נאַציאָ־
נאַלער קאָמיטעט) פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט ווידער
אַמאָל קלאָר באַוויזען, אַז איהם איז פרעמד דער אויסגעהאַלטענער
מאַרקסיסטישער בליק, וואָס גיט די מעגליכקייט ניט נאָר צו זעהן
די סיטואַציע ווי זי איז, נאָר אויך — פאָראויסצוזעהן דעם מעגלי־
כען גאַנג פון פּאַסירונגען און אַ דאַנק דעם צו באַשטימען אַ ריכ־
טיגען גרונט פאַר אורטיילונג און אַקציע.

דער פאַרשטאַנד פון דער פּאַרטיי האָט זיך אַליין ארויסגעגע־
בען אַ דיפּלאָם אויף שוואַכקייט און אָרעמקייט אין אַלץ, וואָס איז
נויטיג פאַר פּאָליטישער פיהרערשאַפט. ער האָט פאַרפעהלט צו
טאָן דאָס זעלבסטפאַרשטענדליכע, דאָס נאַטירליכע און דאָס אויי־
גענשיינליכע — צונויפצוזאַמלען דעם פּראָטעסט, וואָס האָט זיך
פון אומעטום געריסען מיט אַן עלעמענטאַרער קראַפט געגען דעם
משפט פון דעם פראַנקפורטער געריכט, און צו פאַרוואַנדלען איהם
אין אַן אומגעהייערער מאַסען־אַקציאָן געגען דעם מיליטאַריזם און
אימפּעריאַליזם. דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי איז
געגאַנגען מיט זיין „צוריק, צוריק, דאָן ראָדריגאָ“ נאָך ווייטער ביז
צו דער פייערליכער שבועה פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ער
האָט געפּרואווט אָפּהאַלטען דעם שטראָם, וואָס האָט זיך אַ שפּאַר
געטאָן אָהן זיין ווירקונג. און דאָס אַלץ אין דער אַטמאָספערע פון
ברענענדיגען צאָרן ניט בלויז געגען דעם לוקסעמבורג־משפט, נאָר
אויך געגען דעם נצחון פון דער מיליטערישער קליקע אין דעם
סקאַנדאַליעזען פּראָצעס פון דעם „קליינינקען ליוטענאַנט“, פאָרסט־
צאַבערן; געגען דעם בלוט־דורשטיגען משפט פון דעם ערפורטער
קריעגס־געריכט, וואָס האָט צוטראָטען יעדען מענשליכען געפיהל,
געשליידערט און פאַרשפּאַרט ארבייטער אין טורמע פאַר איינפאַך
זאָרניט; געגען די שרעקליכע מיסהאַנדלונגען פון מאַסען סאָלדאַ־
טען וואָס האָבען גוזאָיט אַרייסגעבראַכט ווערען אין דער עפענט־
ליכקייט דורך אַ צווייטען פּראָצעס פון ראָזאַ לוקסעמבורג — אין
וועלכען, אויב מיין זכרון נאַרט מיך ניט — עס האָבען זיך פריי־
וויליג ארויסגערופען צו זאָגען עדות אריבער 30 טויזענט באַליי־
דיגטע סאָלדאַטען.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט זיך שוין דעמאָלט געלאָזט פאַרפיהרען אויפ'ן וועג פון פּאַרלאַמענטאַריזם און איז שנעל פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ בורזשואַזער פּאַרטיי. איהר שרעק פאַר מאַסען־אַקציע האָט איהר געפיהרט דערצו, אַז זי זאָל זיך גענצליך אונטערגעבען צום אימפּעריאַליזם און מיליטאַריזם. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע אין רייכסטאַג און, צוליעב איהר, די גאַנצע פּאַרטיי, האָבען אַ חלק אין די אַלע חטאים. אַ דאַנק איהר אַקטיווען און פּאַסיווען אַנטייל, האָט דער אומגעהייער גרויסער שקר פון דער „יובילעאום־אויסגאַבע פאַר'ן שלום־קייזער ווילהעלם דעם צווייטען" געהאַט אַזאַ ערפאָלג אין 1913 אויף דער פּאָליטישער ביהנע. זי איז שולדיג, וואָס די רעגירונג האָט זיך אַזוי אומגעשטערט געקאָנט צוגרייטען צום קריעג אין 1914, מיט אַ קריעגס־בודזשעט, וואָס האָט איבערטראָפען אַלע ערוואַרטונגען. דאָס איז געווען דער ערשטער קריעגס־קרעדיט פאַר דער געפּלאַנטער עקספּעדיציע דורך די באַלקאַנען צו באַגדאַד און אַנדערע ערטער „אונטער דער זון". די רייכסטאַג־פראַקציע האָט גרינגער געמאַכט פאַר די בורזשואַזע אָפּאָזיציאָנס־פּאַרטייען צו באַוויליגען די אַרמיי־אויסגאַבען דערמיט, וואָס זי האָט דערלאָזט אָפּצוטיילען דעם געזעץ־פּראָיעקט פונ'ם אַלגעמיינעם בודזשעט. זי האָט צו די בייטראַגען און שטייערען געגעבען איהר ברכה אַלס די כלומר'שטע לאַסטען אויף די פאַרמעגליכע קלאַסען. זי האָט זיך אַרומגעיאָגט נאָך דער פאַרפיהרערישער „מאָדיפיצירטער פינאַנץ־פּאָליטיק" און דערווייל דורכגעלאָזט די געלעגענהייט צו קעמפען געגען דעם געפאַנצערטען קרעפטיגען רויבער, דעם אימפּעריאַליזם.

אָבער די זינד „במזיד" און „בשוגג" פון דער פּאַרטיי־פראַקציע זיינען געוואָרען די שטעלונג פון דער גאַנצער פּאַרטיי, אויסער עטליכע קליינינקע גרופּען, וואָס האָבען זי קריטיקירט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט איהרע קרעפטען ניט מאָביליזירט, כדי אָפּצושטעלען דעם אימפּעריאַליזם אין זיין געלויף נאָך מאַכט. און אַזוי האָט זי, פון איין זייט, פאַרזיכערט דעם אימפּעריאַליזם און מיליטאַריזם, אַז מען דאַרף זיך ניט שרעקען פאַר די פּראָלעטאַרישע מאַסען, אַז זיי, די מאַסען, וועלען ניט שטערען די מיליטאַריסטישע פּלענער. פון דער צווייטער זייט, זיינען די מאַסען אָפּ־

הענטיג געוואָרען פאַר דער דראָהענדער געפאַהר. קורץ גערעדט, די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט דערלאָזט, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען אַן אַטמאָספערע פון מלחמה־אילוזיעס וואָס האָט אין זומער פון 1914 ניט דערלאָזט קיין פּאָליטישען אָדער מאָראַלען ווידערשטאַנד פון די אַרבייטער מאַסען געגען דעם שרעקליכען פאַר־ברעכען פון דער מלחמה. לאָמיר ניט פאַרגעסען, אַז די שטעלונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז דאַמאָלס באַהערשט געוואָרען פון דער פּאָליטיק פון׳ם „מאַרקסיסטישען צענטר״, — די פּאָליטיק וואָס קאַרל קאַוטסקי פאַרטיידיגט אַלץ אַלס דעם איינציגען באַ־דינג פון זיעג פאַר׳ן פּראָלעטאַריאַט. און לאָמיר ווייטער ניט פאַרגעסען, אַז אָט דער כהן גדול פון דעם „ריינעם מאַרקסיזם״ האָט מיט זיין העכסט ניט־מאַרקסיסטישער שטייער־טעאָריע געבויט דעם בריק פאַר דער רייכסטאַג־פראַקציע, כדי זי זאָל קענען לייכט אַריבערשפּאַנען און באַוויליגען די פאַרטיידיגונגס־שטייערן און אַנ־דערע איינקונפט־שטייערן. אונטער אַזעלכע אומשטענדען וואָלט דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט געמוזט אַריבערשפּאַנען איבער זיין אייג־גענעם שאָטען, ווען ער זאָל געוועין וועלען אויסנוצען, אין קאַמף געגען אימפּעריאַליזם און מיליטאַריזם, די שטימונג פון די מאַסען, וואָס איז געשאַפען געוואָרען דורך דער פראַנקפורטער פאַראורטיי־לונג. דער שאָטען פון דעם שענדליכען באַנקראָט פון דער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע דעם 4טען אויגוסט 1914 איז אַזוי ווי אַ פרי־הער פאַרלאָפען דעם וועג פון יענע פאַטירונגען, וואָס האָבען ראָזאַ לוקסעמבורג געבראַכט אין תפיסה אין פעברואַר 1914, און בולט אַרויסגעפיהרט דעם מוטיגען און אָפּפערוויליגען קאַמף פון דער גרויסער פּאָרקעמפערין פון׳ם סאָציאַליזם געגען דער צופוילטקייט אין זיינע אייגענע רייהען.

ווי עס איז נאָר באַקאַנט געוואָרען, אַז די סאָציאַל דעמאָ־קראַטישע פראַקציע אין רייכסטאַג האָט באַוויליגט דעם קריעגס־קרעדיט, האָט ראָזאַ לוקסעמבורג מיט עטליכע פריינד איהרע גלייך פאַנאַנדערגעוויקעלט די אויפשטאַנדס־פאָהן, געגען אָט דעם פאַרראַט צום אינטערנאַציאָנאַל און צום סאָציאַליזם. צוויי סבות האָבען ניט דערלאָזט, אַז אָט דער אויפשטאַנד זאָל באַקאַנט ווערען ווייט און ברייט. דער קאַמף האָט זיך געזאָלט אָנפאַנגען מיט אַ פּראָ־

טעסט געגען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאָרשטעהער, וואָס האָבען באוויליגט דעם קריעגס־קרעדיט. דורכפיהרען האָט מען דעם פּראָטעסט געדאַרפט אזוי, אז די צענזור און דער באַלאַגערונגס־צושטאַנד זאָלען איהם ניט דערשטיקען ביים סאמע אָנפאַנג. א הויץ דעם און קודם כל וואָלט ער אָהן שום ספק געוועזן געהאט זיין באַדייטונג, ווען ער זאָל אין אָנפאַנג געוועזן קומען אינ׳ם נאָמען פון א היבשער צאָהל גוט־באַקאַנטע סאָציאַליסטישע קעמפּער. מיר האָבען זיך דערפאַר באַמיהט אויסצודריקען דעם פּראָטעסט אין אַזא פאָרם, אַז מיט איהם זאָלען קענען מסכים זיין אזוי פיעל, ווי נאָר מעגליך, פון די אָנגעזעהענע פיהרער, וואָס האָבען שאַרף און פאַרניכטענד קריטיקירט די פּאָליטיק פון 4טען אויגוסט אין דער רייכס־טאַג־פראַקציע אָדער אין קליינע גרופּען. די באַמיהונג האָט אונז געקאָסט פיעל קאָפּ־דרעהעניש, פּאַפּיר, טעלעגראַמען און צייט. אויסגעלאָזט האָט זי זיך מיט גאָרניט. פון אַלע שאַרפע און בייסענדע קריטיקער פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער מאַיאָריטעט האָט נאָר קאַרל ליעבקנעכט געוואַגט, צוזאַמען מיט ראָזא לוקסעמבורג, פראַנץ מעהרינג און מיר אַרויסצוטרעטען געגען דער געטצקע פון פּאַרטיי־דיסציפּלין, אויף וועמעס מזבח מען האָט מקריב געווען כאַראַקטער און איבערצייגונג.

די טעג פון אויסערליכער שטילקייט זיינען אין דער אמת׳ען געוועזן טעג פון פיבערהאַפטער פּאַרבערייטונג צום קאַמף מיט׳ן שונא, א קאַמף ברוסט צו ברוסט. ראָזא לוקסעמבערג איז געוועזן די נשמה פון דער פּאַרבערייטונג און שפּעטער פון דעם קאַמף. איהר קלאָרער בליק און געשיכטליכע ערקענטניס האָט פאַר די ניט־זיכערע און צווייפעלדיגע באַלויכטען דעם זיכערען וועג צום סאָציאַליזם אין דעם מיטען פון בלוטיגען נעבעל און כאַאָס פון דעם וועלט־קריעג. איהר אייזערנער, קיינמאָל ניט געבראָכענער מוט האָט געפיהרט פאָרווערטס די מידע און לאַנגזאַמע. איהר אָפּפערבאַרייטע געוואָגטקייט האָט הינגעריסען די צוריקגעהאַלטענע און צושראָקענע. דער דרייסטער און שאַרפער גייסט, די הייסע האַרץ, און דער אייזערנער ווילען פון דער „קליינער ראָזא“ איז געוועזן די איין גרויסע פאָהן פון דעם אויפשטאַנד פון ריינעם אינטערנאַציאָנאַליזם קעגען דעם מערדערליכען וועלט־קריעג און זיינע

באַגלייטער, דעם סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם און בורג־פריעדען. קיין זאַך האָט ניט אָפּגעשטעלט ראָזאַ לוקסעמבורג, ניט קראַנקהייט, ניט דער באַלאַנגערונגס־צושטאַנד, און אפילו ניט דאָס ערגסטע, דאָס שווערסטע — די גלייכגילטיגקייט און אַמאָל אָפענער פאַרראַט פון די מאַסען. אין וואָרט און אין שריפט האָט זי געפירט אומאונטערבראָכען דעם קאַמף פאַר דער נשמה פון דעם דייטשען פּראָלעטאַריער: זי האָט געזוכט אַרויסצורייסען איהר פון אונטער דער ווירקונג פון דעם נאַציאָנאַליסטישען קריעגס־סאָציאַליזם פון דער מערהייט־פּאַרטיי און פון אונטער דער וואַנקעלדיגער, לאַנגזאַם־באַוועגענדער זיך אָפּאָזיציע, וואָס האָט זיך גענומען גרופּירען אַרום דער מינאָריטעט פון דער רייכסטאַג־פראַקציע מיט קאַוטסקי'ן אין דער שפּיץ. דער ציעל פון איהר ליידענשאַפטליכען ווירקען איז געווען — צו באַקענען די פּראָלעטאַריער אויף דעם וועג פון אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם און אַריינצוציהען זיי אין פּראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמף קעגען דעם אימפּעריאַליזם, לויט דעם ווי די היסטאָרישע סיטואַציע איז געוואָרען רייף און גינסטיג פאַר אָט דעם קאַמף.

ראָזאַ לוקסעמבורג האָט שוין געהאַט כמעט פאַרענדיגט דעם ערשטען נומער פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל“, דעם אָרגאַן פון די סאָציאַליסטען, וואָס זיינען פאַרבליבען טריי צום סאָציאַליזם, ווען מען האָט זי געצוואונגען צו געהן אין תפיסה און אָפּקומען איהר פּסק. דאָס איז געווען פּונקט ערב אונזערער אַ רייזע, וואָס איך מיט איהר האָבען זיך געגרייט צו מאַכען קיין האָלאַנד. מיר האָבען דאָרט געוואָלט צוגרייטען די געפּלאַנטע אינטערנאַציאָנאַלע פרויען־קאָנפערענץ און בכלל שטאַרקער צוזאַמענבינדען די פעדים פון אינטערנאַציאָנאַלע באַציהונגען צווישען די חברים, סיי מענער, סיי פרויען, וואָס זיינען טריי געבליבען צו זייערע פּרינציפּען. און אַנשטאַט צו פאָהרען מיט ראָזאַ לוקסעמבורג צום האָלענדישען גרעניץ, האָב איך זי געמוזט באַזוכען אין דער באַרנים־גאַס טורמע. די אונערוואַרטעטע דורכפירונג פון'ם אורטייל האָט זיך ווי אַ בליץ אַריינגעשניטען אין אונזערע נאָהענטע קאַמף'ס־פּלענער. פונדעסטוועגען איז דער „יוניוס“ פּאַמפלעט פאַרטיג געוואָרען אין קנאַפּע צוויי חדשים אַרום. ראָזאַ לוקסעמבורג האָט ניט דערלאָזט דעם שונא

אָפּכאַפּען דעם אָטעם אפילו בעת זי איז געוועזען אין תפיסה. מען האָט איהר ניט ערלויבט צו קעמפען. זי האָט אָבער מיט אַן עקשנות'דיגען מוט געענטפערט: „גאַנץ גוט, ערשט איצט וועל איך קעמפען!" איהר שטאַרקער ווילען האָט געמאַכט גייסטיג פריי דעם פלאַץ פון ערגסטע באַשרענקונגען. מען האָט איהר שטרענג פאַרבאָטען צו שרייבען איבער זאַכען, וואָס טראָגען א פּאָליטישען כאַראַקטער. זי האָט אָבער בסוד, אונטער די ערגסטע שוועריגקייטען, שטענדיג באַגלייט פון שפּיאָנען-אויג, אויסער דער צייט, ווען ס'איז איהר ערלויבט געווען צו באַשעפטיגען זיך מיט ליטעראַרישער אָדער וויסענשאַפטליכער אַרבייט, אָנגעשריבען איהר גרויסע, שאַרפע און ענדליכע פאַרנאַנדערגרעניצונגס-אַרבייט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. זי האָט אויסגענוצט יעדע מינוט, יעדען שטראַל פון ליכט פאַר אָט דעם צוועק. איהר אינערליכער רוף צו דער גרויסער אַרבייט האָט זיך ניט צוגעהערט צו מיעדקייט אָדער קראַנקהייט. אָט דער רוף האָט איהר געהאָלפען איבערצוטראָגען דעם גרעסטען טייל פון אָט די צרות: פיעלע מאָל האָט מען איהרע געדאַנקען איבערגעריסען, זי איז קיין מאָל ניט געווען זיכער, אַז זי וועט איהר מאַנוסקריפּט ענדיגען און דערוויזען איהם אַרויסצוברענגען פון דער טורמע אין דער ליכטיגער וועלט אַריין אין די זיכערע הענט פון איהרע פריינד.

אויף יענער זייט טורמע שטיקט די שווערע לופט פון דער וועלט-מלחמה, פיל מיט צושטערונג, אויסגעמישט מיט מיאוסע ריחות פון איינגעזאַפּטע פּראָפיט-זוכעניש און הויט-שינדעריי פון די בכבוד'יגע פּאַראַזיטען און באַשיצער פון דער בורזשואַזער אָרדנונג. עס ווערט אויפגעריצט און קינסטליך אויפגעבלאָזען דער „פאַרלאַנג צו זיגען" ביז צו א ווייס גליהענדער היץ. אַלע מיטלען זיינען כשר פאַר דעם צוועק: ליגען, געוואַלט, נידערטרעכטיגקייט. עס גראַדיעט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע מאָנאַטען איז מינאַטען אין דעם בלוטיגען ים פון ברודער-מאָרד; זי זאָגט נאָך מיט א פרומער מינע, ווי א גוטער תלמיד אַלץ, וואָס די אימפּעריאַליסטישע בורזשואַזיע און איהר רעגירונג זאָגען, נאָר מיט א פּאָר אומגעלומפּערטע ענדערונגען. זאָלט דאָס צו מיט א הייליגער שבועה צו אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט און טרעט דערביי

מיט די פיס אויף אַלע אידעאַלען פון דעם סאָציאַליזם. אויף יענער זייט טורמע הענגט ווי אַ גרויער געדיכטער וואָלקען די טעמפּקייט און תּמ׳עוואַטע נאַרישקייט פון די אַרבייטער, וואָס לאָזען זיך פאַר־שלעפּען דורך די אימפּעריאַליסטען צום טויט און חורבן, אנשטאַט זיך געגענשטעלען מיט קראַפט און ציעל־באַוואוסטזיניגקייט. אין אַט דער שטיקענדער און ווערגענדער לופט פון יענע טעג האָט זיך די „יוניוס" שריפט דורכגעטראָגען ווי אַ פרישער קרעפטיגער ווינט פאַר דעם שטורם, וואָס רייניגט אַלץ און דערפרישט.

איהר באַדייטונג, די באַדייטונג פון דער שריפט איז נאָך גרע־סער געווען. זי איז אַליין געווען אַ טייל פון דעם רייניגונגס־שטורם, וואָס האָט צוריקגעבראַכט דעם באַוואוסטזיין צו דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און די דייטשע אַרבייטער האָבען נאָך אַמאָל געפונען דעם וועג צו דער היסטאָרישער אויפגאַבע פונ׳ם פּראָלעטאַ־ריאַט — צו באַקעמפען דעם אימפּעריאַליזם און דעם קאַפּיטאַליזם און דורך דעם אינטערנאַציאָנאַלען קלאַסען קאַמף איינצופיהרען דעם סאָציאַליזם.

קלאָר, קרעפטיג און וויסענשאַפטליך האָט די בראָשורע אויס־געדריקט און געשאַפען די ווענדונג אינ׳ם פּראָלעטאַריאַט צו דעם געפיהל און געדאַנק און ווילען, וואָס האָט פאַרכאַפּט די מאַסען צוערשט ערטערווייז און איינציגווייז און שפּעטער פולער און טיעפער, פאַראייניגענדיג אַלעמאָל גרעסערע גרופּען.

קאַרל קאַוטסקי, דער אָפיציעלער טעאָרעטיקער פון דער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע, איז פון אַ פיהרער געוואָרען אַ פאַרפיהרער. אין זיין באַגאַזש פון „מאַרקסיסטישע כּללים" האָט ער קיין איינעם אַפילו ניט געפונען, וואָס זאָל באַרעכטיגען דעם געמיינעם פאַרראַט פון דער פּאַרטיי־מאַיאָריטעט. פונקט ווי אַמאָל דער דעלפישער אָראַקול, האָט ער אויך ערפינדען אַ צווייזייטיגע טעאָריע פאַר דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער, האָט עס געהייסען, איז לכתחילה געווען אַ געצייג פאַר שלום און ניט פאַר מלחמה, און וועמעס פּרינציפּען עס האָבען איצט געזאָלט זיין, אַי „פּראָלע־טאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניגט אייך" אַי „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער קוילעט אויס איינער דעם אַנדערען!" אַלץ לויט די אומשטענדען. ווי אַ „חיה אין אַ ווילדער ווילדערניש" האָט ער

אַרום־געבלאַנקעט צווישען די לופטיגע, לאַנגישע קאַרטען־הייזער און למדנישע פּולפּולים, אַהער און אַהין, כדי זיך און זיין אויטאָריטעט האַלטען אין אַ זיכערער פּאָזיציע געגענאיבער דער פּאָליטיק פון 4טען אויגוסט. זיין שפּעטערדיגע אָפּאָזיציע איז געוועזן ווידער־שפּרעכענד, פּרינציפּיעל ניט־זיכער און שוואַך. פון דער אַנדער זייט האָט אָבער ראָזאַ לוקסעמבורג, אין איהר „יוניוס פּאַמפּלעט, אָט די פּאָליטיק געשלעפּט צום משפּט, און געטאָן עס קאָנסעקווענט, אומברחמנות'דיג, צושמעטערענד. זי האָט באַוויזען דעם באַנקראָט, וואָס האָט קיין ביישפּיעל ניט אין דער געשיכטע, דעם באַנקראָט פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און די באַווייזען איהרע זיינען געוועזן ניט קיין וויסענשאַפטליכע כללים, נאָר פעלזען־האַרטע פּאַקטען. דעם באָדען פון די לעגענדען און די שלאָג־ווערטער, וואָס האָבען באַרעכטיגט דעם סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם האָט זי אונטערגע־גראָבען מיט דער אָנווייזונג אויף די אורזאַכען און קרעפטען, וואָס האָבען געפיהרט צו אַן אימפּעריאַליסטישע מלחמה, און זי האָט אויפגעדעקט דעם כאַראַקטער און די ציעלען פון דער דאָזיגער מלחמה.

דער לייט־מאָטיוו פון דער יוניוס־בראָשורע ווערט אויסגע דריקט אין דעם פאָלגענדען זאַץ פון לעצטען קאַפּיטעל: „די געשיכטע פון דער איצטיגער מלחמה פאַנגט זיך אָן, ניט פון יולי 1914, נאָר צוריק מיט צעהנדליגער יאָהרען. פאָדים צו פאָדים איז דער קריעג געקניפּט און געפלאָכטען געוואָרען, ביז דער געדיכ־טער נעץ פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־פּאָליטיק האָט, מיט דער נויטווענדיגקייט פון אַ נאַטור געזעץ, אַרומגעכאַפּט פינף ערד־טיילען. דאָס איז אַ קאָמפּליצירטע היסטאָרישע געשעהעניש, וועמעס וואָרצלען עס גרייכען צו די סאַמע יסודות פון דעם היינטיגען עקאָנאָמישען בנין, און די צווייגען ציהען זיך ווייט־ווייט צו דער, קוים באַמערקבאַרער, קינפטיגער נייער וועלט".

דער אימפּעריאַליזם, דאָס קינד פון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג, טרעט אַרויס פאַר אונז מיט זיינע פאַרצווייגונגען און ווירקונגען ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלע ערשיינונג, און שאַפט מיט זיין געוויסעלאָזער ברוטאַליטעט, מיט זיינע גיגאַנטישע און אונזעטיגע אַפּעטיטען, מיט זיינע אונגעהויער־גרויסע מאַכט־מיטלען, גאַנץ

אַנדערע וואונדער ווי די „פּיראמידען פון מצרים אָדער די גאטהישע
קאטהעדראלען" לויט דעם אויסדרוק פון דעם „קאָמוניסטישען מאַ־
ניפעסט". ער גיט א נייעם און טיעפערען אינהאלט צו דעם גע־
גענזאץ צווישען דייטשלאנד און פראנקרייך, וואָס איז געשאפען
געוואָרען אין דעם קריעג פון 1870—71; ער ווישט אָפּ די אלטע
וועלט־פּאָליטישע ווידערשפּרוכען צווישען די אייראָפּעאישע גרויס־
מאכטען און שאפט נייע קאָנפליקטען צווישען זיי; ער שלעפּט
אריין אין זיין מעכטיגען שטראָם די פאראייניגטע שטאאטען און
יאפּאן. אויסגעשמוצט און אויסגעווייקט אין בלוט, שפּאנט ער
איבער דער ערד, פארניכטעט אלטע קולטורען און פּלינדערט אויס
און פארשקלאפט גאנצע נאציאָנען צום אייראָפּעאישען קאפּיטאל.
דער אינטערנאציאָנאלער אימפּעריאליזם זאמעלט צונויף גאנצע
בערג מיט ברען־שטאָף פאר דער וועלט־שריפה אין מצרים, סיריען,
מאראָקאָ, דרום און דרום־מזרח אפריקע, קליין־אזיען, אראביע,
פּערסיע און כינא, אויף די אינזלען און ברעגען פונ'ם פּאסיפישען
אָקעאן און אויף די באלקאנען. נאָר דער דייטשער אימפּעריאליזם,
דער מוזינעק און דער צולאָזענסטער און ווילדעסטער, איז געוועזען
דער ערשטער, וואָס האָט דורך דעם פּראוואָצירענדען אולטימאטום
פון עסטרייך צו סערביען אין 1914, אונטערגעצונדען דעם שייטער־
הויפען פון דער קאפּיטאליסטישער ציוויליזאציע. איהם האָט אָהן
אן אָפּהאלט געטריבען דער דורשט נאָך מיליאָנען פון דעם דייטשען
פינאנץ־קאפּיטאל, פארטראָטען דורך דער דייטשער באנק, — די
בעסט־קאָנצענטרירטע און בעסט־אָרגאניזירטע אינסטיטוציע פון
קאפּיטאליסטישע פינאנצען אין דער וועלט — וואָס האָט געוואָלט
עקספּלואטירען טערקיי און קליין־אזיען און די פּראָפיט־זשעדנע־
קייט פון דער וואפען־אינדוסטריע; ער האָט זיין פרייהייט צו
צושטערונג און חורבן געקראָגען פון ווילהעלם'ס אבסאָלוטיזם און
פון דער פרייוויליגער שוואכקייט פון דער בורזשואזער אָפּאָזיציע.

ראָזא לוקסעמבורג האָט, אין די גרעניצען פון איהר „יוניוס"
פּאמפלעט געמאָלען דעם אימפּעריאליסטישען כאראקטער פון דער
וועלט־מלחמה און איהרע ציעלען מיט אזא אויסדריקליכע פולקייט
און בילדליכקייט א דאנק דעם וואָס שוין פריהער, אין איהרע גרע־
סערען און וויסענשאפטליכען ווערק וועגען דער „אָנזאמלונג פון

קאַפּיטאַלען", אגב אי גרונטאַוו אי ברילִיאַנט אָנגעשריבען, האָט זי ביז צו די סאַמע וואָרצלען אויסגעפּאַרשט דעם אימפּעריאַליזם און זיינע פאַרצווייגונגען. נאָר בעת זי האָט אראָפּגעריסען פון דער וועלט-מלחמה איהר אידעאָלאָגישען בגד און נאַקעט זי ארויסגע־שטעלט פאַר דער וועלט ווי אַ געשעפטס-אונטערנעהמונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאַפּיטאַל, וואָס האַנדעלט מיט לעבען און טויט האָט זי אויך אָהן רחמים, שטיק נאָך שטיק צופּיצעלט דעם אידעאָ־לאָגישען מאַנטעל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאָליטיק פון'ם 4טען אויגוסט. אין דער פרישער מאַרגען-לופט פון וויסענשאַפטלי־כער אויספאָרשונג וועגען דער גאַנצער היסטאָרישער ערשיינונג און אַלע, וואָס האָט דערצו אַ שייכות, ווערען צופאַלען אַלע פוסטע פראַזען ווי „קאַמף פאַר דער ציוויליזאַציע", „קאַמף געגען צאַ־ריזם", „די פאַרטיידיגונג פון דעם פאַטערלאַנד" א. ז. וו. איבער־צייגענד באַווייזט ראָזאַ לוקסעמבורג, אַז ביי די היינטיגע אימפּע־ריאַליסטישע אומשטענדען, ווערט דער באַגריעף וועגען אַ באַשיי־דענעם און גערעכטען קאַמף פאַר'ן פאַטערלאַנד אין גאַנצען אויס־געוועפּט. די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע מלחמה-פּאָליטיק האָט זיך ארויסגעצייגט אין איהר גאַנצער פּרימיטיווער העסליכקייט, אלס אַן אמת'ער באַנקראָט, אַלס דער אינערליכער אויסדרוק פון אַ סאָ־ציאַל-פּאַטריאָטישער ארבייטער-פּארטיי, מיט בירגערליכע אידעאַ־לען, וואָס האָט פאַרשאַכערט די שטאָלצע בכורה פון דעם פּראָלע־טאַריאַט פאַר נאָך אַ קלענערען פּרייז, ווי קאַוטסקי האָט געפּאָדערט, פאַר דער קייזערליכער פראַזע: „איך ווייס ניט פון קיין פּאַר־טייען, איך קען נאָר דייטשען", פאַר דער „עהרע" צו קריגען אַ פּלאַץ אין דעם נאַציאָנאַליסטישען שווינדעל און געזינדעל.

די באָאָבאַכטונגען און אויספיהרונגען אין דעם יוניוס-פּאַמפּ־לעט וועגען דעם חוב און דער וויכטיגקייט פון סאָציאַליסטישער זעלבסט-קריטיק מעגען פאַרעכענט ווערען צווישען די וואונדער־ליכסטע, וואָס זיינען ווען עס איז ארויסגעקומען פון סאָציאַליס־מישען פּיהלען און טראַכטען. איהרע ערנסטע איבערצייגונגען פאָדערען דאָ דעם העכסטען און שטרענגסטען מאַסשטאַב פאַר אונזערע האַנדלונגען אַלס סאָציאַליסטען און מיט דער קראַפט פון אַ נביא ווענדעט זי אונזער בליק צו די שטראַהלענדע פערס־

פּעקטיווען אין דער צוקונפט, וואָס דער סאָציאַליזם עפענט פאַר
אונז. די אָנקומענדע גרויסע שטונדע פון דער נייער וועלט־עפּאָכע,
מוז אינ׳ם פּראָלעטאַריאַט געפינען א העלדישען דור. וואָס דאַרף
זיך ערציהען אויף דער אונברחמנות׳דיגער זעלבסט־קריטיק סיי פון
די נצחונות און סיי פון די מפּלות אין דעם קאַמף פאַר׳ן ענדלי־
כען נצחון פון דעם סאָציאַליזם. דער שלום פון דער יוניום־שריפט
שליסט צוזאַמען מיט דעם אָנפאַנג ווי איין גאַנצעם. זי באַטראַכט
די וועלט־מלחמה אַלס דעם אָנפאַנג פון דער וועלט־רעוואָלוציע.
אי דער נצחון אי די מפּלה אין דער היינטיגער גיגאַנטישער מלחמה
מוזען זיין פאַטאַל פאַר די קעמפענדע צדדים, פאַר די קאַפּיטאַליס־
טישע גרופּען, און אויך פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט פון די באַטרע־
פענדע לענדער, און מוז אויף אַזאַ אופן פיהרען צום צוזאַמענברוך
פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, פון דער קאַפּיטאַליסטישער
קולטור, פיהרען אָט די אָרדנונג צום וועלט־משפּט פאַר׳ן רעוואָלו־
ציאָנערען טריבונאַל. דאָס האָט ראָזאַ לוקסעמבורג געשריבען אין
מערץ און אַפּריל 1915, א צייט פריהער, איידער דער רוסישער
פּראָלעטאַריאַט, געפיהרט פון די ענטשלאָסענע באָלשעוויקעס, האָט
זיך אריינגעוואָרפען אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע; א היבשע
צייט פריהער, איידער די ערשטע כוואַליעס פון דער רעוואָלוציע
האָבען אָנגעזאָגט דעם צוזאַמענברוך פון דער מאָנאַרכיע אין
דייטשלאַנד און פון דער צווייאייניגער מאָנאַרכיע פון די האַפּס־
בורגער אין עסטרייך. דאָס וואָס מיר האָבען פון דעמאָלט אָן אי־
בערגעלעבט און דאָס וואָס ראָזאַ לוקסעמבורג האָט נאָך אליין טייל־
וויז איבערגעלעבט איז א גלענצענדע באַשטעטיגונג פון דער שאַרפ־
קייט און ריכטיגקייט פון איהר קוק אויף דער היסטאָרישער ענט־
וויקלונג, ווי זי האָט איהר געמאָלען אין דעם יוניוס־פּאַמפלעט.

אפשר וועלען אייניגע לעזער, טאַקע צוליעב דעם אליין, פאָ־
דערען אָדער אפילו האָבען טענות, פאַרוואָס האָט די פאַרפאַסערין
פון דעם פּאַמפּלעט ניט אָנגעוויזען די מעגליכקייט פון א רעוואָלו־
ציע אין רוסלאַנד, פאַרוואָס האָט זי פאַרנאַכלעסיגט אָנצודייטען
די קאַמף׳ס־מיטלען און מעגליכע מעטאָדען אין דעם קומענדיגען
רעוואָלוציאָנערען שטורם, וואָס האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען צו באַ־
וויזען. עס איז אמת, אז אין 1915 האָט זיך פון דעם שרעקליכען

תהו־ובהו פון וועלט־מלחמה, שוין ארויסגעהויבען דער ריעז פון דער וועלט־רעוואָלוציע. עס זיינען אָבער דעמאָלט נאָך ניט געוועזן קיין סמנים, וואָס זאָלען אָנדייטען ווען און וואו דער ריעז וועט אָנפאַנגען זיין טריאומף־מאַרש. די רוסישע רעוואָלוציע האָט געזאָלט זיין די טעמאַ פון אַ צווייטער יוניוס־בראָשורע, וועמעס הויפּט שטריכען ראָזאַ לוקסעמבורג האָט אין איילעניש שוין געהאַט אָנגעצייכענט. די מערדערליכע האַנד פון דעם דייטשען קולטור־שפּרייטענדיגען מיליטער האָט ביי אונז אָוועקגערויבט דאָס געפּלאַנטע ווערק, וואָס וואָלט געוועזן דיסקוטירט און איבערגעשאַצט די קאַמף־מיטלען און מעטאָדען פון דער רוסישער רעוואָלוציע—זיכער ניט על פּי תורת קאַוטסקי, וואָס וויל צופּאַסען די ענטוויקלונג צו זיינע אייגענע אַנזיכטען. ניין, ראָזאַ לוקסעמבורג'ס בליק איז טריי דעם לעבעדיגען שאַפענדען שטראָם פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג. דער היסטאָרישער מאָמענט פאָדערט אַלע מאָל די פּאַסיגע פאָרמען פאַר דער פאָלקס־בוועגונג און שאַפט אַליין נייע, ביז איצט אומבאַקאַנטע קאַמפּס־מיטלען, באַרייכערט דעם פאָלקס־אַרסענאַל און רעכענט זיך ווינציג־וואָס מיט די פאָרשריפטען פון פּאַרטייען.

די וויכטיגסטע זאַך פאַר אַ רעוואָלוציע איז ניט קיין באַרג פון לעבערליכע כללים אָדער טעכנישע רעצעפּטען, נאָר דער פּאָליטישער לאָזונג דער קלאָרער באוואוסטזיין פון די אויפגאַבען און די אינטערעסען פון דעם פּראָלעטאַריאַט. אין אַנקלאַנג מיט אַזאַ בליק האָט ראָזאַ לוקסעמבורג שוין אַמאָל אונטערזוכט אַ פּרובירטען קאַמפּס־מיטעל פון דעם אַרבייטער־קלאַס — דעם גענעראַל סטרייק, אין וועלכען זי האָט אַנערקענט דעם ערשטען, לויט היסטאָרישער וויכטיגקייט, קאַמפּס־מיטעל, אַלס די קלאַסישע פאָרם פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג און רעוואָלוציאָנערע צייטען. איהר בראָשור מכח אָט דער פראַגע — אַ פּיאָנערען־אַרבייט אין דער ריכטיגער אָפּשאַצונג פון אָט דעם קאַמפּס־מיטעל — האָט געקראָגען אַ באַזונדערע באַדייטונג אין די היינטיגע געשעהענישען; היינט דאַרף זי זיכער האָבען מיליאָנען לעזער און נאָכפאָלגער, זי פאַראייניגט היינט זיכער מיליאָנען אַקטיווע קעמפער, גרייט זיי צו פאַר רעוואָלוציאָנערע טאַטען.

דער יוניוס פאַמפלעט איז אַ באַזונדער רייכער אוצר אין דער ירושה, וואָס ראָזאַ לוקסעמבורג האָט איבערגעלאָזט דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט, דעם וועלט פּראָלעטאַריאַט, פאַר דער טעאָריע און פּראַקטיק פון זיין קאַמף פאַר באַפרייאונג. אָן אוצר וועמעס גלאַנץ איז אַ שמערצליכע אָנדייטונג אויף דעם גרויסען פאַרלוסט, וואָס מיר האָבען געהאַט אין איהר טויט. דאָס, וואָס דאָ ווערט געזאָגט וועגען אָט דעם אוצר איז אַזאַ פאַרגלייך ווי למשל, די טרוקענע קלאַסיפיקאַציע פון צמחים צו דעם בליהענדען בלומען־גאַרטען. עס דוכט זיך, ווי ראָזאַ לוקסעמבורג האָט אָנגעטאַפּט איהר פריהד־צייטיגען טויט און האָט מיט אַלע איהרע לעצטע כחות איינגע־פּרעסט אין דעם יוניוס־פּאַמפלעט אַלץ וואָס איהר געניאַלע נאַטור האָט פאַרמאָגט — דעם וויסענשאַפטליכען זעלבסטשטענדיג־פאַר־שענדען מוט פון דעם רעוואָלוציאָנערען קעמפער, די אינערליכע רייכקייט און גלענצענדען פאַרמעגען פון אויסדרוק פון דעם שטענ־דיג קעמפענדען קינסטלער. אַלע גוטע מעלות, מיט וועלכע די נאַטור האָט זי אַזוי באַשאָנקען זיינען געקומען און זיך אויסגע־שטעלט נעבען איהר, בעת זי האָט געשריבען אָט דאָס ווערק. געשריבען? פּשוט געשריבען? אָך, ניין, וואָס זי האָט איבער־געלעבט אין די טיפענישען פון איהר נשמה. אין איהר בייסענ־ער קריטיק פון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען פאַרראַט און אין איהר באַגייסטערענדען אויסקוק אויף דער ווידער־באַזינונג און אָנפיה־רענדע ראָל פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציע, אין איהרע געמאָסטענע און גלייכצייטיג צושמעטערענדע זאַצען; אין געדאַנקען־גאַנג, וואָס איז ווי פון אייזען געהאַמערט און אין דעם בריליאַנטענעם סאַרקאַזם, אין די פּאָליטישע שפּראַך־פיגורען און אין דעם איינפאַכען און נאָבעלען פּאַטאָס — אין אַלעם דעם, פיהלט מען, אַז דאָס ווערק איז אָנגעזאָפּט מיט ראָזאַ לוקסעמבורג'ס הייסען בלוט פון איהר האַרץ; מען פיהלט, אַז דאָרטען רעדט איהר אייזען־ווילען, אַז הינטער די ווערטער שטעהט ראָזאַ לוק־סעמבורג מיט דעם פייער פון איהר רעוואָלוציאָנערען האַרצען און מיט דער שניידענדער לאָגיק פון איהר שאַרפען קאָפּ. דער „יוניוס"־פּאַמפלעט איז אויסערונג פון אַ גרויסער פּערזענליכקייט, וואָס האָט זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צו אַ גרויסער, צו דער גרעסטער זאַך.

אין דעם ווערק גריסט אונז ראָזא לוקסעמבורג פון איהר קבר אין פיהרט דעם אלוועלטליכען פראָלעטאַריאַט נאָך מעהר ווי פריהער פון דעם היינטיגען יאָמערטאָל צום געבענשטען לאַנד פון סאָ־ציאַליזם.

נאָר אין דעם זעלביגען ליכט־קרייז וואָס אומרינגעלט איהר געשטאַלט טרעט ארויס נאָך א גרויסע פערזענליכקייט, וואָס האָט זיך בכיון געהאַלטען אין שאָטען מיט דער עניוות וואָס רעדט זעהר פיעל פאַר איהר גרויסקייט. דאָס איז די פערזענליכקייט פון לעאָ יאָגיכעס־טשייקאָ. מעהר ווי צוואַנציג יאָהר איז ער געווען פאַר־בונדען מיט ראָזאַ לוקסעמבורג אין זיינע אידעען און שאַפֿנס־ציעלען מיט א קראַפט, וואָס האָט קיין גלייכען ניט צו זיך — מיט דער גליהענדער ליידענשאַפט וואָס זיי ביידע האָבען געהאַט צו דער רעוואָלוציע. ניט קיין סך מענשען האָבען געקענט לעאָ יאָגיכעס'ן, און זעהר ווייניג האָבען געקענט אָפּשאַצען זיין גרויסע באַדייטונג ווי עס באַדאַרף צו זיין. געשיינט האָט ער צו זיין מעהר ניט ווי אַן אָרגאַניזאַטאָר, וואָס האָט איבערגעטראָגען אין דער פּראַקטיק ראָזאַ לוקסעמבורג'ס פּאָליטישע אידעען, זיכער אַן אָר־גאַניזאַטאָר פון ערשטען ראַנג. דאָס אַליין שטעלט ניט אויס אַלץ, וואָס ער, לעאָ יאָגיכעס, האָט אויפגעטאָן. א דאַנק זיין גרינד־ליכער און אַלגעמיינער בילדונג, א דאַנק זיין טיעפער און גרינד־ליכער באַקאַנטשאַפט מיט'ן וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, א דאַנק זיין וואונדערבאַרען דיאַלעקטישען מוח, איז ער געווען דער עהר־ליכסטער קריטיקער פון ראָזאַ לוקסעמבורג און איהר אַרבייט; ער איז געווען איהר שטענדיגער וואַכזאַמער טעאָרעטישער און פּראַקטישער געוויסען; צייטענווייז האָט ער דער ערשטער דער־זעהען דאָס ווייטע און אָנגעוויזען דערויף. צייטענווייז האָט ער דער ערשטער געגעבען דעם נויטיגען שטויס, הגם ראָזאַ לוקסעמ־בורג איז פאַרבליבען די מעהר דורכדרינגענדע, די שאַרפער אויפ־פאַסענדע און ווייט־זעהענדע. ער איז געווען איינער פון יענע שטאַרקע און נאָך זעהר זעלטענע מענליכע פערזענליכקייטען וואָס האָט געקענט לעבען זייט ביי זייט אין חבר'ישע באַציהונגען מיט א גרויסער ווייבליכער פערזענליכקייט און האָט דערביי ניט גע־פיהלט קיין לאַסט, קיין באַגרענצונג אויף זיין אייגענעם איך פון

איהר וואוקס און ענטוויקלונג. ער איז געווען אַן איידעלער רעוואָלוציאָנער אין דעם פולסטען זין פון וואָרט, אָהן אַ שום ווידערשפּרוך צווישען געדאַנק און טהאַט. זעהר פיעל פון לעאָ'ס בעסטע שטריכען זיינען פאַרקערפּערט אין ראָזאַ לוקסעמבורג'ס אַרבייט. זיין גרויסע קריטישע עקשנות און שאַפענדע קריטיק האָבען פיעל בייגעשטייערט דערצו, אַז דער „יוניוס"־פּאַמפלעט זאָל אַזוי שנעל געשאַפען ווערען און אַזוי מייסטערהאַפט. און נאָר אַ דאַנק זיין אייזערנעם ווילען האָט מען איהם געקענט אָפּדרוקען און פאַרשפּרייטען אויף צולהכעיס די אַלע שוועריגקייטען פון דעם באַלאַגערונגס־צושטאַנד. די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען האָבען געוואוסט, וואָס זיי טוען, ווען זיי האָבען נאָך ראָזאַ לוקסעמבורג'ס מאָרד אויך דער'הרג'ט לעאָ יאָגיכעס — פאַר אַ כלומרשט געמאַכטען פאַרזוך צו אַנטלויפען פון דער זעלביגער טורמע, פון וועלכער ראָזאַ לוקסעמבורג'ס מערדער איז, אין אַ פּאָר וואָכען אַרום, ארויסגעפאָרען אין אַן אויטאָמאָביל אין מיטען העלען טאָג.

דער „יוניוס"־פּאַמפלעט איז געווען אַן אינדיווידועלע רעוואָלוציאָנערע טאַט. ער וועט זיכער אַרויסרופען רעוואָלוציאָנערע מאַסען־טאַט. דאָס איז אַ מין גייסטיגער דינאַמיט, וואָס וועט אויפרייסען און צושמעטערען די בורזשואַזע אָרדנונג.

מאַי, 1919.

[ווייטער קומט אַ גענויע איבערזעצונג פון צוויי וויכטיגסטע קאַפּיטלען פון דעם „יוניוס"־פּאַמפלעט: 1. פאַרטיידיגונג פון פאַטערלאַנד און דער פּראָלעטאַריאַט; 2. פרידען און דער אינטערנאַציאָנאַל.]

## 1. פאַרטיידיגונג פון פאָטערלאַנד און דער פּראָ־לעטאַריאַט

מען פרעגט:

„אָבער, ווען אונז האָט דאָך ניט געלונגען צו פאַר־מיידען די מלחמה און ניט קוקענדיג אויף אונזער געגנערשאַפט האָט די מלחמה פּאָרט אויסגעבראָכען און אונזער לאַנד שטעהט פּנים אל פּנים מיט דער געפאַר באַפאַלען צו ווערען פון פיינד־ליכע אַרמעען, זאָלען מיר איבערלאָזען אונזער פאַטערלאַנד אומ־באַשיצט? זאָלען מיר עס איבערגעבען אין די הענט פון שונא? פאָדערט ניט דער סאָציאַליזם, אַז יעדע נאַציאָן זאָל האָבען אַליין דאָס רעכט צו באַשטימען איהר שיקזאַל? מיינט דאָס ניט, אַז יעדעס פאָלק האָט אַ רעכט, ניין, ריכטיגער געזאָגט, עס איז זיין פליכט צו פאַרטיידיגען זיין פרייהייט און אומאָפּהענגיגקייט? „ווען אונזער הויז ברענט, זאָלען מיר ניט טאָרען פריהער פאַרלעשען די פלאַמען, איידער מיר געפינען אויס דעם אונטערצינדער?“

די דאָזיגע אַרגומענטען וועגען דעם „הויז וואָס ברענט“ זיינען אָהן אַן אויפהער איבערגעחזר׳ט געוואָרען און ווערען איבערגע־חזר׳ט אום צו פאַרטיידיגען די שטעלונג וואָס די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך האָט גענומען צו דער מלחמה. אַפּילו אין די נייטראַלע לענדער האָבען אַזעלכע אַרגומענ־טען פאַרנומען אַ באַדייטענדען אָרט, ווען די דאָזיגע שטעלונג איז דיסקוטירט געוואָרען. אין האָלאַנד זאָגט מען: אַ לעכערדיגען שיף ראַרף מען קודם כל פאַרריכטען.

איין זאַך אָבער האָבען די פייער־לעשער פון דעם „ברענענ־דיגען הויז“ פאַרגעסען. דאָס איז, אַז די פראַזע „פאַרטיידיגען דאָס פאַטערלאַנד“ קאָן ביי אַ סאָציאַליסט קיינמאָל ניט הייסען צו

זיין קאַנאָנען־שפּייז אונטער דער קאָנאַנדע פון דער אימפּעריאַ־ליסטישער בורזשואַזיע.

איז באמת די אריינדרינגונג פון פרעמדע אַרמעען אין אַ לאַנד דער גרעסטער שרעק, דער שרעקליכסטער אומגליק, פאַר וועלכען עס דאַרפען אַלע קלאַסען־קאָנפליקטען אין לאַנד איינגע־שטילט ווערען ווי דורך אַן איבערנאַטירליכען צויבער? האָט ניט די געשיכטע פון דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם באַוויזען אונז, אַז אין די אויגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז די אריינדרינגונג פון פרעמדע אַרמעען אין אַ לאַנד בשום אופן ניט אַזאַ שרעקליכער אומגליק, ווי מען דערצעהלט אונז געוועהנליך? ווייזט אונז דען ניט די געשיכטע, אַז דאָס איז געווען איינער פון די ווירקזאַמע וואַפען, מיט וועלכע עס האָט זיך אַזוי אָפט און פריי באַנוצט די בורזשואַזיע אַנטקעגען איהר אינווענינגסטען שונא? האָבען ניט די פראַנצויזישע בורבאָנען און אַריסטאָקראַ־טען איינגעלאַדען פרעמדע אַרמעען צו באַקעמפען די יאַקאָבינער? האָט ניט די עסטרייכער קאָנטער־רעוואָלוציע פון 1849 איינגעלאַ־דען די פראַנצויזען געגען רוים און די רוסען געגען בודאַפּעסט? האָט ניט אין פראַנקרייך „די פּאַרטיי פון געזעץ און אָרדנונג" אין יאָהר 1850 אָפען געסטראַשעט, אַז זי וועט איינלאַדען די קאָזאַקען אַריינצודרינגען אין פראַנקרייך, אויב די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג וועט ניט נאָכגעבען איהרע פאָדערונגען? און האָט מען דען ניט, נאָכ'ן באַרימטען אָפּמאַך, וואָס זשול פאַוור, טיער און קאָמפּאַני האָבען געשלאָסען מיט ביסמאַרק'ן, צולאָזען די איי־גענע אַרמעע און זיך פאַרזיכערט מיט דער הילף פון דער פרעמ־דער, פּרייסישער אַרמיי צו באַקעמפען די פּאַריזער קאָמונע? די דאָ־זיגע געשעהענים האָט באַוויזען קאַרל מאַרקס'ן מיט 45 יאָהר צוריק, אַז די „נאַציאָנאַלע מלחמות" אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעל־שאַפט זיינען ניט מעהר ווי אַ שווינדעל. אין זיין באַרימטער ווענדונג צום גענעראַל־ראַט פון אינטערנאַציאָנאַל וועגען דעם אונ־טערגאַנג פון דער פּאַריזער קאָמונע, האָט ער געזאָגט:

„דאָס, וואָס נאָך דער גרעסטער מלחמה פון דער לעצטער צייט, האָבען די קריגספיהרענדע אַרמעען, די זיעגער און די באַ־זיעגטע, זיך פאַראייניגט אום געמיינשאַפטליך אויסצושלאַכטען

דעם פּראָלעטאַריאַט — דער דאָזיגער אומגלויבליכער פאַל באַווייזט, ניט ווי ביסמאַרק האָט אונז געוואָלט מאַכען גלויבען, די ענדגילטיגע אומשטירצונג פון דער נייער סאָציאַלער מאַכט, — נאָר די פאָלשטענדיגע צופאַלונג פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. די גרעסטע העראָאישע טהאַט, וואָס די אַלטע אָרדנונג האָט געקאָנט אונטערנעמען, איז געווען די נאַציאָנאַלע מלחמה. איצט האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי אַ שווינדעל צוגעגרייט פון דער רעגיערונג פאַר דעם איינציגען צוועק צו באַזייטיגען דערמיט דעם קלאַסען־קאַמף. עס איז אַ שווינדעל, וואָס ווייזט זיך אַרויס אין דער מינוט, ווען דער קלאַסען־קאַמף פלאַקערט זיך פאַנאַנדער אין אַ בירגער־קריעג. קלאַסען־הערשאַפט קאָן זיך מעהר ניט באַהאַלטען אונטער אַ נאַציאָנאַלען מאַנטעל. די נאַציאָנאַלע רעגירונגען זיינען פאַראייניגט געגען דעם פּראָלעטאַריאַט".

אין דער קאַפּיטאַליסטישער געשיכטע איז די אַריינדרינגונג פון פרעמדע אַרמעען און דער קלאַסען־קאַמף ניט קיין נעגענגעזעצטע ערשיינונגען, ווי מען וויל אונז איינריידען, נאָר איינס איז דער מיטעל און דער אויסדרוק פון דעם צווייטען. אַזוי ווי די אַריינדרינגונג פון פרעמדע אַרמעען איז די טרייע און אויסגעפּרובירטע וואַפע אין די הענט פון קאַפּיטאַל געגען קלאַסען־קאַמף, אַזוי האָט פון דער צווייטער זייט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די מוטיגע ציעלען פון קלאַסען־קאַמף זיינען שטענדיג געווען די ערפאָלגרייכסטע שטערונגען פאַר דער אַריינדרינגונג פון פרעמדע אַרמעען. פאַר אַ ביישפּיעל קענען דיענען די איטאַליענישע שטעדט פלאָרענץ און מילאַן מיט זייער ביטערען לאַנגען קאַמף געגען דער אונטערדריקענדיגער מאַכט פון דער קעניגליכער דינאַסטיע — די האָהענשטאַופענס. די שטורמישע געשיכטע פון די שטעדט באַווייזט, אַז דער קלאַסענקאַמף שוואַכט ניט אָפּ די פאַרטיידיגונגס־קראַפט פון פאָלק, נאָר פאַרקערט, עס ווייזט, אַז דער קלאַסען־קאַמף מאַכט מעגליך ווידערצושטעהן געגען יעדען דרוק פון אַן אויסערליכען שונא.

אַ קלאַסישער ביישפּיעל, וואָס גילט פאַר אַלע צייטען, איז די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע. אין 1793 איז דאָס הארץ

פון פראַנקרייך — פּאַריז — געווען אַרומגערינגעלט פון פרעמדע אַרמעען. דאָך האָט זיך ניט פּאַריז און ניט פראַנקרייך אונטער־געגעבן צו דער שטורמישער אַריינדרינגונג פון דער אייראָפּעאי־שער קאָאַליציע; אין געגענטייל, זי האָט פאַראייניגט איהרע קרעפטען געגען דער וואַקסענדער געפאַר און מיט גיגאַנטישען מוט זיך געגענגעשטעלט געגען די אויסערליכע שונאים. אויב פראַנק־רייך האָט אין יענער קריטישער צייט געקאָנט זיך שטעלען געגען יעדער נייער פאַרייניגונג פון איהרע שונאים מיט אַן אומגלויב־ליכען און אַלץ־וואַקסענדען קאַמפּס־גייסט, איז דאָס נאָר געווען דערפאַר, וואָס דער אויסערליכער קאַמף האָט זיך צופלאָקטן צווישען די פאַרשיידענע קלאַסען פון פראַנקרייך און אויפגעהויבען דערמיט זייער קאַמף־גייסט. היינט, נאָך אַ גאַנצען יאָהרהונדערט זעהט מען קלאָר, אַז בלויז די פאַרשטאַרקערונג פונ׳ם קלאַסען־קאַמף, אַז בלויז אונטער דער דיקטאַטור פון פראַנצויזישען פאָלק און זיין אומערשראָקענעם ראַדיקאַליזם האָבען געקענט געשאַפען יוע־רען מיטלען און קרעפטען אין פראַנקרייך אַליין, גענוג צו פאַרטיי־דיגען און אויפצוהאַלטען אַ ניי־געבאָרענע געזעלשאַפט געגען אַ וועלט פון שונאים, געגען די אינטריגעס פון דינאַסטיעס, געגען די פאַררעטערישע האַלטונג פון דער אַריסטאָקראַטיע, געגען די פאַרזוכען פון די קלעריקאַלען, געגען דעם פאַרראַט פון מיליטאַ־ריסטען, געגען דער אָפּאָזיציע פון די אייגענע פּראָווינציעלע רע־גירונגען און געגען די פאַראייניגטע אַרמעען און פלאָטען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אייראָפּאַ. די געשיכטע האָט אונז באַוויזען, אַז ניט אונטער אַ בעלאַגערונגס־צושטאַנד, נאָר אין אַ צייט פון אומ־פאַרמיידליכען קלאַסען־קאַמף וואַכט אויף דער גייסט פון זעלבסט־אויפאָפּפערונג אין דער מאָראַלער קראַפט פון די מאַסען. די געשיכטע האָט אונז באַוויזען, אַז דער קלאַסען־קאַמף איז די בעסטע באַוואָרענונג און פאַרטיידיגונג געגען אַן אויסערליכען שונא.

עס איז אמת, אַז דער סאָציאַליזם גיט יעדען פאָלק דאָס רעכט אויף זיין פרייהייט אין זעלבסט־באַשטימונג פון זיין שיק־זאַל. עס וואָלט אָבער געווען ניט רעכט פאַר סאָציאַליסטען צו האַלטען די היינטיגע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט אַלס דעם

אויסדרוק פון זעלבסט־באַשטימונג פון פעלקער. וואו איז דען דאָ אַ פאָלק וואָס האָט אַליין דאָס רעכט צו באַשטימען די פאָרמען פון זיין נאַציאָנאַלער, פּאָליטישער און געזעלשאַפטליכער עקזיסטענץ? אין דייטשלאַנד האָבען די פאָדערונגען פון פאָלק געפונען אַ קאָנקרעטען אויסדרוק אין דער דייטשער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע פון 1808; די ערשטע קעמפּער פון דייטשען פּראָלעטאַריאַט, מאַרקס, ענגלעס, לאַסאַל, בעבעל און ליעבקנעכט האָבען פּראָקלאַמירט און געקעמפט פאַר אַ פאַראייניגטער דייטשער רעפּובליק. פאַר די דאָזיגע אידעען האָבען די רעוואָלוציאָנערע כחות פון בערלין און וויען פאַרגאָסען זייער בלוט אויף די באַריקאַדען. אום דורכצופיהרען דאָס פּראָגראַם האָבען מאַרקס און ענגעלס געפאָדערט אַז פּרייסען זאָל ערקלערען קריעג דעם צאַריזם. די הויפּטפאָדערונג זייערע אין דעם נאַציאָנאַלען פּראָגראַם איז געווען די אָפּשאַפונג פון דער האַפּסבורגער מאָנאַרכיע ווי אויך די אָבשאַפונג פון אַ צוויי טוץ קאַרליק־מאָנאַרכיעס אין דייטשלאַנד גופא. די אונטערדריקונג פון דער דייטשער רעוואָלוציע, דער פאַרראַט פון דער דייטשער בורזשואַזיע נעגען איהרע אייגענע דעמאָקראַטישע אידעאַלען, האָט געפיהרט צו ביסמאַרק׳ס רעזשים און צו זיין שאַפונג פון דאָס איצטיגע גרויסע פּרייסען, פינף און צוואַנציג לענדער אונטער איין הערשאַפט — די דייטשע אימפּעריע. דאָס היינטיגע דייטשלאַנד איז געבויט אויף דעם קבר פון דער מערץ־רעוואָלוציע, אויף די חורבות פון דעם רעכט פון די דייטשע פעלקער אויף זעלבסט־באַשטימונג. די היינטיגע מלחמה, וואָס איהר ציעל איז צו שטיצען טערקיי און די האַפּסבורגער מאָנאַרכיע, צו שטאַרקען די דייטשע מיליטערישע אויטאָקראַטיע, איז אַ פּאַרזוף צו באַגראָבען צום צווייטען מאָל די מערץ־רעוואָלוציאָנערען און דאָס נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון דעם דייטשען פאָלק. עס איז אַ טייוולישער שפּאַס פון דער געשיכטע, אַז סאָציאַל־דעמאָקראַטען, די יורשים פון די דייטשע פּאַטריאָטען פון 1848, זאָלען געהן אין דער מלחמה מיט דער פאָהן פון „זעלבסט־באַשטימונג פון נאַציאָנען“ אין זייערע הענט. אָבער, אפשר איז די דריטע פראַנצויזישע רעפּובליק מיט איהרע שוידערליכע אונטערדריקונגען אין איהרע קאָלאָניעס אין צוויי קאָנטינענטען דער אויסדרוק פון זעלבסט־באַ־

שטימונג פון פראַנצויזישען פאָלק? איז דאָס אפשר ענגלאַנד מיט איהר אינדיען? מיט איהר זיד־אפריקאַנישער הערשאַפט פון א מיליאָן ווייסע איבער א באַפעלקערונג פון פינף מיליאָן שוואַרצע? אפשר איז דאָס גאָר טערקיי, אָדער די צאַרישע רוסלאַנד?

קאַפּיטאַליסטישע פּאָליטיקער, וואָס פאַרשטעהען אונטער דעם באַגריף „נאַציאָן" בלויז די הערשאַפט פון פאָלק און די הערשענדע קלאַסען, קענען ריידען וועגען „דאָס רעכט פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־באַשטימונג" אין פאַרבינדונג מיט אַזוינע קאָלאָניאַלע מלוכות. פאַר א סאָציאַליסט איז קיין נאַציאָן ניט פריי, וועמענס נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ איז געבויט אויף דער פאַרשקלאַפונג פון אַנדערע פעלקער; פאַר א סאָציאַליסט זיינען קאָלאָניאַלע פעלקער אויך פעלקער, און, אַלס אַזעלכע — טיילען פון דעם נאַציאָנאַלען שטאַאַט. דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסט אַנערקענט דאָס רעכט פון פרייע, אומאָפּהענגיגע פעלקער. בלויז דער סאָציאַליזם אַליין קאָן פאַרזיכערען זעלבסט־באַשטימונג פאַר פעלקער. דיזער שלאַג־וואָרט פון סאָציאַליזם איז, פּונקט ווי די איבעריגע שלאַגווערטער פון סאָציאַליזם, ניט קיין ענטשולדיגונג פאַר די עקזיסטירענדע באַדינגונגען, נאָר אָן עמוד־האש, א טרייבקראַפט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער, שאַפענדער, אַקטיווער פּאָליטיק פון פּראָלעטאַריאַט. אַזוי לאַנג ווי קאַפּיטאַליסטישע שטאַטען עקזיסטירען, ד. ה. אַזוי לאַנג ווי די אימפּעריאַליסטישע וועלט־פּאָליטיק באַשטימט און רעגולירט דאָס אינערליכע און אויסערליכע לעבען פון א נאַציאָן, אַזוי לאַנג קאָן ניט זיין קיין „נאַציאָנאַלע זעלבסט־באַשטימונג" ניט אין צייט פון קריעג און ניט אין צייט פון פרידען.

אין דער היינטיגער אימפּעריאַליסטישער וועלט קאָן ניט זיין קיין מלחמה פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסט־פאַרטיידיגונג. יעדער סאָציאַליסט, וואָס בויט אויף דער דאָזיגער היסטאָרישער סביבה, וואָס וויל אָנפיהרען זיין ארבייט אין דעם איצטיגען וועלט־שטראָם פון היסטאָרישע געשעהענישען פון אן ענג־נאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט, בויט זיין בנין אויף זאַמד.

ווען מען דיסקוטירט וועגען די אַלגעמיינע אורזאַכען פון דער פראַנקרייך, האָט די בורזשואַזע רעוואָלוציע אָפּגעשטעלט זיך אין

דייטשלאַנד האָט זיכער ניט קיין רעכט צו באַהויפּטען, אַז זי פיהרט א פּאַרטיידיגונגס־קריעג, אָבער פראַנקרייך און ענגלאַנד האָבען ניט פיעל מעהר רעכט פאַר אַזאַ באַהויפּטונג. אויך זיי פּאַרטייר דיגען ניט זייער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ. זיי פאַרטיידיגען געגען דעם דייטשען אָנפאַל זייער וועלט־מאַכט און זייערע אימפּעריאַליס־טישע באַזיצונגען. אָהן צווייפעל זיינען די אָנפאַלען פון דעם דייטשען און עסטרייכישען אימפּעריאַליזם אין דעם אָריענט געווען די אורזאַכע פון דער מלחמה; אָבער דער פראַנצויזישער אימ־פּעריאַליזם, וואָס האָט איינגעשלונגען מאַראָקאָ און דער ענגלישער פאַרזוך צו פאַרכאַפּען מעסאָפּאָטאָמיען און די אַלע אַנדערע מיט־לען, וואָס זיינען אויסגערעכענט געווען צו פאַרזיכערען זיך די הער־שאַפט איבער אינדיען, די פּאָליטיק וואָס רוסלאַנד האָט געפיהרט אויף די באַלקאַנען, וועמעס ציעל עס איז געווען די פאַרכאַפּונג פון קאָנסטאַנטינאָפּעל, — דאָס זיינען אַלץ געווען צינדהעלצער, וואָס האָבען אָנגעצונדען די גרויסע שרפה, וואָס האָט ארומגעכאַפּט אייראָפּאַ. אויב די קאַפּיטאַליסטישע באַוואַפנונג האָט געשפּיעלט א ראָלע אין דער קאַטאַסטראָפע — פאַלט די שולד אויף אַלע נאַ־ציאָנען גלייך. אויב דייטשלאַנד, דורך ביסמאַרק׳ס טאַקטיק פון 1870, האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פאַר דער אייראָפּעאישער קאָנקורענץ אין באַוואַפנונגען, איז די טאַקטיק פאָרטגעזעצט גע־וואָרען פון דער פראַנצויזישער צווייטער אימפּעריע און פון דער מיליטערישער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק פון דער דריטער רעפּובליק מיט איהרע ערָאָבערונגען אין מזרח־אַזיען און אין אפריקאַ.

די פראַנצויזישע סאָציאַליסטען האָבען געהאַט א געוויסען גרונט צוריידען וועגען „נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונג“, ווייל ניט די פראַנצויזישע רעגירונג און ניט דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָבען אין 1914 געזוכט קריעג. „היינט זיינען אַלע אין פראַנקרייך עהרליך און געוויסענהאַפט פאַר פרידען“, האָט געזאָגט זשאָרעס אין דער לעצטער רעדע פון זיין לעבען, אויף א פאַרזאַמלונג אין בריסעל. דאָס איז געווען דורכאויס אמת און איז די פּסיכאָלאָגישע ערקלע־רונג פאַר דעם כעס פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטען, ווען דער פאַרברעכערישער קריעג איז ארויפגעצוואונגען געוואָרען אויף זיי־ער פאָלק. אָבער דער פאַקט איז נאָך ניט גענוג צו באַשטימען

די שטעלונג פון די סאָציאַליסטען צו דער וועלט־מלחמה אלס א היסטאָרישע פּאסירונג.

* *
*

אימפּעריאַליזם איז ניט באַשאַפען געוואָרען פון אן איינציגען שטאַאט, אָדער פון א גרופּע פון שטאַאטען. עס איז א פּראָדוקט פון א באַשטימטער שטופע פון רייפקייט אין דער ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, פון אן אינערליכען אינטערנאַציאָנאַלען צושטאַנד, פון וועלכען קיין שום פאָלק קאָן זיך פריייוויליג ניט באַפרייען. בלויז פון דעם שטאַנדפּונקט איז מעגליך ריכטיג צו פארשטעהן די פראַגע פון „נאַציאָנאַלער פארטיידיגונג" אין דער איצטיגער מלחמה.

די נאַציאָנאַלע מלוכה, די נאַציאָנאַלע איינהייט און אומאָבהענגיגקייט, דאָס איז דער אידעען־פּאַנצער, אונטער וועלכען עס האָבען זיך אין דעם פאָריגען יאָהרהונדערט קאָנסטיטואירט די בורזשואזע מלוכות פון מיטעל־אייראָפּא. דער קאַפּיטאַליזם פארטראָגט ניט די אָרדנונג פון קליינע מלוכה'לעך און די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע צובּרעקלונג. אן אונבאַדינגטער תנאי פאר זיין ענטוויקלונג איז א וואָס ברייטערע, געשלאָסענער שטאַאט און א געוויסע גייסטיגע קולטור. אָהן איהר איז אוממעגליך צו דערהויבען די גויטוועגדיגקייטען פון דער געזעלשאַפט אויף דער הויך, וועלכע ענטשפּרעכט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, און עס קאָן אויך ניט עקזיסטירען דער מעכאַניזם פון דער הייניגער בורזשואזער קלאַסען־הערשאַפט. איידער דער קאַפּיטאַליזם האָט באַוויזען צו ענטוויקלען זיך צו דער גרויס פון א ווירטשאַפט, וועלכע נעהמט ארום די גאַנצע וועלט, האָט ער זיך באַמיהט צו שאַפען פאר זיך א פארמאַכט טעטיגקייט־פעלד אין די נאַציאָנאַלע גרענעצען פון דער מלוכה. דאָס דאָזיגע פּראָגראַם איז פארווירקליכט געוואָרען נאָר אין פראַנקרייך אין דער צייט פון דער גרויסער רעוואָלוציע. נאָר מיט דער הילף פון א רעוואָלוציע איז עס מעגליך געווען דורכצופיהרען אויפ'ן פּאָליטישען און נאַציאָנאַלען מאַסשטאַב אָט דאָס דאָזיגע פּראָגראַם. אין גאַנץ אייראָפּא, אויסער פראַנקרייך, האָט די בורזשואזע רעוואָלוציע אָפּגעשטעלט זיך אין

האַלבען וועג, און דאָס פּראָגראַם פון קאַפּיטאַליזם איז נאָר טייל־ווייז פאַרווירקליכט געוואָרען. אַ לעבעדיגער באַווייז דערפון איז: די דייטשע מלוכה און דאָס איצטיגע איטאַליען, די עקזיסטענץ פון עסטרייך־אונגאַרן און טערקיי ביז׳ן היינטיגען טאָג, די רוסישע מלוכה, די אַלוועלטליכע ענגלישע אימפּעריע. דאָס נאַציאָנאַלע פּראָגראַם האָט נאָר געשפּיעלט די ראָלע פון אַ אידעאָלאָגישען אויסדרוק פון דער בורזשואַזיע, וועלכע האָט זיך ענטוויקעלט און געשטרעבט צו פאַרכאַפּען די מאַכט אין לאַנד, ביז דעם מאָמענט, ווען זי האָט זיך מעהר אָדער ווייניגער באַפעסטיגט אין די גרויסע מלוכות פון מיטעל־אייראָפּאַ און זיך געשאַפען אין די דאָזיגע מלוכות די נויטיגע געצייג און באַדינגונגען פאַר איהר הערשאַפט.

זייט דאַן האָט דער אימפּעריאַליזם אינגאַנצען באַגראָבען דעם אַלטען בורזשואַז־דעמאָקראַטישען פּראָגרעס, מאַכענדיג פון דער אויסשפּרייטונג איבער די נאַציאָנאַלע גרעניצען, אָהן וועלכער ס׳איז אַכט אויף דער נאַציאָנאַלער אייניגקייט, אַ פּראָגראַם פון דער בורזשואַזיע פון אַלע לענדער. די נאַציאָנאַלע פראַזע איז, נאַטירליך, געבליבען. אָבער איהר פאַקטישער רעאַלער אינהאַלט, איהר פונקציע איז פאַרביטען געוואָרען אויף איהר היפוך: זי ווירקט נאָר אַלס שלעכטער צודעק פאַר די אימפּעריאַליסטישע שטרעבונגען, אַלס קאַמפּס־רוף פון דער אימפּעריאַליסטישער קאָנקורענץ, אַלס איינציגער און לעצטער אידעאישער מיטעל, מיט דער הילף פון וועלכען מען קאָן פאַנגען די פאָלקס־מאַסען און באַוועגען זיי צו שפּי־לען די ראָלע פון האַרמאַטען־פלייש אין די אימפּעריאַליסטישע מלחמות.

די דאָזיגע אַלגעמיינע טענדענץ פון דער היינטיגער קאַפּיטאַ־ליסטישער פּאָליטיק באַווירקט, אַזוי ווי אַ בלינדער אַלוועלטיגער גע־זעץ, די פּאָליטיק פון באַזונדערע מלוכות, פונקט ווי די אינטערע־סען פוןווירטשאַפטליכער קאָנקורענץ דיקטירען צו יעדען באַזונדע־רען אונטערנעהמער די באַדינגונגען פון זיין פּראָדוקציאָן־טעטיגקייט.

לאָמיר אויף אַ ווייַלע אָננעמען, אום קלאָרער צו פאַרשטעהן דעם געשעפענסט פון „נאַציאָנאַלע מלחמות“, וואָס קאָנטראָלירט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאָליטיק צו דער איצטיגער צייט, אַז

אין איינער פון די קעמפענדע מלוכות איז די מלחמה אין אָנפאַנג געווען בלויז פאַר נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונג. מיליטערישער ער־פאָלג וואָלט גלייך געפאָדערט די פאַרנעמונג פון פרעמדער טעריטאָריע. אָבער די עקזיסטענץ פון איינפלוסרייכע קאַפּיטאַליסטישע גרופּען, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין אימפּעריאַליסטישע אַנעקסיעס, מוזען אין לויף פון דער מלחמה אויפוועקן אַפּעטיטען צו פאַרכאַפּען אַלץ נייע לענדער. די אימפּעריאַליסטישע טענדענ־צען, וואָס זיינען אין אָנפאַנג פון קריעג געווען, אָדער געקאָנט זיין, בלויז אין זייער עמבריאָ, ווען אָנגענעמען א באַשטימטען כאַ־ראַקטער און פעסטשטעלען זייערע ציעלען און אויפגאַבען. נאָך מעהר, דאָס סיסטעם פון פאַרבינדונגען צווישען די מיליטערישע מלוכות,, וואָס האָט געהאַט צו זאָגען איבער די פּאָליטישע באַ־ציהונגען פון די דאָזיגע נאַציאָנען אין לויף פון די פאַרגאַנגענע דורות, מאַכט אומפאַרמיידליך, אַז יעדע פון די קריעגס־פיהרענדע לענדער זאָל, צוליעב ריין פאַרטיידיגונגס ציעלען, זעהן, אַז די לענדער, וואָס זיינען מיט איהר פאַרבונדען זאָלען אריינגעצויגען ווערען אין דער מלחמה, אום איהר צו העלפען. ווען איין לאַנד נאָכ׳ן צווייטען ווערען אריינגעצויגען אין דער מלחמה, ווערען אומ־פאַרמיידליך נייע אימפּעריאַליסטישע קאָמבינאַציעס באַשאַפען און אַלטע צופאַלען. אויף אזא׳ן אופן האָט ענגלאַנד אריינגעצויגען יאַפּאַן און כינא אין דער מלחמה און האָט נאָך מעהר פאַרשאַרפט די אָנגעצויגענע באַציהונגען צווישען יאַפּאַן און די פאַראייניגטע שטאַאַטען, צווישען יאַפּאַן און מעקסיקא, און דערמיט געשאַפען א מעגליכקייט פאַר נייע קאָנפליקטען אין דער צוקונפט. אריינ־ברייגענדיג טערקיי אין דער מלחמה, האָט דייטשלאַנד מיט דעם מיטגעבראַכט, אַז די פראַגע פון קאָנסטאַנטינאָפּעל, פון די באַל־קאַנען און מערב אַזיען זאָלען פאַרנעמען דעם אויבען־אָן אין דעם וועלט־קאָנפליקט. אפילו פאַר דעם, וואָס האָט אין אָנפאַנג פון קריג ניט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז א קריעג פאַר אימפּעריאַליס־טישע עראָבערונגען, מוז איצט קלאָר ווערען, אַז וואָס מעהר די מלחמה פלאַקערט זיך פאַרנאַנדער, אַלץ מעהר פאַרוואַנדעלט זי זיך, פון זיך אליין, אויטאָמאַטיש אין א מלחמה פאַר וועלט־צוטיי־לונג. דאָס איז געווען קלאָר פון אָנפאַנג אָן. דער וואַקעלדיגער

גלייכגעוויכט פון קרעפטען צווישען די צוויי קעמפענדע צדדים, צווינגט יעדען צד, שוין פון ריין מיליטערישע מאָטיוועז, כדי צו פארשטארקען זיין אייגענע פאָזיציע, אָדער צו פארהיטען זיך פון נייע אומגעריכטע אטאקעס, צו האלטען די נייטראלע לענדער אין צאַם דורך פארשפרעכונגען און אָפּמאכונגען, ווי דאָס האָבען באַוויזען די דייטש-עסטרייכישע פארהאנדלונגען מיט איטאליען, רומעניען, בולגאריען, גריכענלאנד פון איין זייט און דער ענגליש-רוסישער אָפּמאַך פון דער צווייטער זייט. און ענדליך, דער קריעג מוז זיך ענטוויקלען אין א ריין אימפעריאליסטישען קריעג שוין צוליעב דעם אליין, וואָס יעדע פון די קריעגס-פיהרענדע מלוכות באזיצט קאָלאָניעס, און ווען אפילו די מלחמה האָט אין אָנפאנג גענומען האָבען א פארטיידיגונגס-כאראקטער, מוז זיך דער קאמף פאר דעם שונא'ס קאָלאָניעס פארנאנדערברענען און פארוואנדלען דעם קריעג אין דעם, וואָס ער איז אין דער אמת: א קריעג פון אימפעריאליסטישע רעגירונגען פאר נייע עראבערונגען.

* *
*

אזוי אַרום איז דער באגריף פון דער באשיידענער, אָרענטליכער, פאטריאָטישער פארטיידיגונגס-מלחמה, וועלכע בלאָנקעט זיך היינט אין דער פאָרשטעלונג פון אונזערע פארלאמענטאריסטען און רעדאקטאָרען, א ריינע איינבילדונג, וועלכע האָט ניט קיין שום היסטאָרישע ארומנעהמונג פון גאנצען און איהר אָפּהענגיגקייט פון די וועלט-געשעהענישען. וועגען כאראקטער פון דער מלחמה באַשליסען ניט די פייערליכע ערקלערונגען און אפילו ניט די אָרענטליכע פלענער פון די אזוי גערופענע פיהרענדע פאָליטיקער, נאָר די היסטאָרישע צוזאַמענשטעלונג פון דער געזעלשאפט און איהר מיליטערישע אָרגאניזאציע. די סכעמע פון א ריינער „נאציאָנאלער פארטיידיגונגס-מלחמה“ וואָלט אפשר אויפ'ן ערשטען בליק געקאָנט אָנגעווענדעט ווערען בנוגע א מלוכה ווי די שווייץ. אָבער די שווייץ איז גראד ניט קיין נאציאָנאלע מלוכה און דערצו איז זי ניט קיין טיפ פון א היינטיגע מלוכה. איהר נייטראלער וועזען, איהר לוקסוס אין הינזיכט פון דער מיליץ איז נאָר א נעגאטיווע פּרוכט פון דעם בעהאלטענעם מלחמה שטאנד פון די מיליטערישע מלוכות.

וועלכע רינגלען זי ארום. דערביי וועט זי זיך באווייזען צו דערהאלטען נאר אזוי לאנג, ווי לאנג זי וועט זיך קאנען צומאכען צו דעם דאזיגען שטאנד. ווי אזוי אזא נייטראליטעט אין דער אלוועלטליכער מלחמה ווערט אין איין אויגענבליק צוטראטען דורך דעם שטיוועל פון אימפעריאליזם, באווייזט דער גורל פון בעלגיען. דא געהען מיר איבער ספעציעל צו באטראכטען די לאגע פון די קליינע מלוכה'לעך.

א פשוט קלאסישעןביישפיעל פון דער „נאציאנאלער מלחמה" שטעלט איצט פאר סערביען. אויב וועלכע ס'איז מלוכה האט אויפ'ן גרונד פון אלע אויסערליכע און פארמעלע טעמים דאס רעכט אויף נאציאנאלער פארטיידיגונג, איז עס סערביען. אנגעווארען די נאציאנאלע אייניגקייט דורך די אנעקסיעס פון עסטרייך, בעדראהט דורך עסטרייך אין נאציאנאלען לעבען, ענדליך געצוואונגען דורך איהר צו דער מלחמה, פיהרט סערביען לויט אלע מענשליכע השערות אן אמת'דיגע פארטיידיגונגס־מלחמה פאר איהר עקזיסטענץ, פרייהייט, נאציאנאלע קולטור. ווען ס'זאל זיין גערעכט די שטעלונג פון דער דייטשער סאציאל־דעמאקראטישער פראקציע וואלטען די סערבישע סאציאל־דעמאקראטען, וועלכע האבען אין בעלגראדער פארלאמענט פראטעסטירט געגען דעם קריעג און אפגעווארפען דעם קריעגס־קרעדיט, געווען פשוט פאררעטער פון די לעבעדיגסטע אינטערעסען פון דעם אייגענעם פאטערלאנד. אין אמת'ן האבען זיך אבער די סערבען לאבטשעוויטש און קאצנעראוויטש פארשריבען מיט גאלדענע בוכשטאבען אין דער געשיכטע פון אינטערנאציאנאלען סאציאליזם און האבען גלייכצייטיג ארויסגעוויזען א שארפען היסטארישען פארשטאנד פאר די אמת'ע פארווירקלונגען פון דער מלחמה, און דערמיט האבען זיי געגעבען אן אונגעהויערען פארדינסט זייער לאנד, דער זאך פון אויפקלערען זייער פאלק. פארמעל גענומענדיג, פיהרט סערביען א פארטיידיגונגס־מלחמה. אבער די טענדענצען פון איהר מאנארכיע און פון די הערשענדע קלאסען, פונקט אזוי ווי די שטרעבונגען פון די הערשענדע קלאסען אין אלע היינטיגע מלוכות, בויגען זיך צו עקספאנסיע, צו פארשפרייטען זיך, נישט זארגענדיג וועגען די נאציאנאלע גרענעצען, צוליעב וואס זיי נעהמען אן אן אגרעסיווען כאראקטער. אזוי בויגען זיך די טענ־

דענצען פון סערביען צום אדריאטישען ברעג, וואו זי האָט אויף די אַלבארישע בערג צו פיהרען אן אמת'ן אימפעריאַליסטישען קאמף, דער רעזולטאַט פון וועלכען ס'וועט ענטשידען ווערען דורך די גרויסע מלוכות איבער סערביען. די הויפט זאך איז אָבער, וואָס פאר'ן סערבישען נאַציאָנאַליזם שטעהט דער רוסישער אימפעריאַליזם. סערביען איז נאָר אַ פעהנדעל אויף דעם גרויסען שאך־ברעט פון דער אַלוועלטליכער פּאָליטיק און דאָס באטראַכטען די מלחמה אין סערביען אַליין ניט נעהמענדיג אין אַכט די פּאַרוויקעלטע באַדינגונגען, דעם אַלגעמיינעם גרונד פון דער אַלוועלטליכער פּאָליטיק ווערט אָן יעדען יסוד.

דאָס זעלבע איז נוגע אויך די לעצטע באַלקאַנער מלחמות. נעהמענדיג די זאכען פאַרמעל און אַליין פאַר זיך, זיינען די באַלקאַנישע מלוכות היסטאָריש געווען גערעכט, דורכפיהרענדיג דעם אַלטען דעמאָקראַטישען פּראָקוראַט פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. אָבער נעהמענדיג די באַלקאַנישע מלחמות אין זייער רעאַלער היסטאָרישער פאַרבינדונג, אַ דאַנק וועלכער דער באַלקאַן איז געוואָרען אַ נעסט פון דער אַלוועלטליכער אימפעריאַליסטישער פּאָליטיק, זיינען אויך זיי אָביעקטיוו געווען ניט מעהר ווי אַ פראַגמענט פון די אַלגעמיינע צוזאַמענשטויסען, אַ פייער־פּונקט אין דער דאָזיגער פאַטאַלער קייט פון געשעהענישען, וועלכע האָבען מיט דער אונ'רחמנות'דיגער נויטווענדיגקייט דערפיהרט צום איצטיגען קריעג. די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט טאַקי איינגעאָרדענט אין באַזעל אַן ענטוזיאַסטישע אָוואַציע די באַלקאַנישע סאָציאַליסטען פאַר זייער ענטשידענעם ווידערשטאַנד געגען מאָראַלישער און פּאָליטישער מיטווירקונג אין די באַלקאַנער מלוכות, ווי אויך פאַר'ן אָראָפּרייסען די מאַסקע פון זייער אמת'דיגער פיזאָנאָמיע. דערמיט האָט זיך אויך שוין לכתחילה פאַראורטיילט די שטעלונג פון די דייטשע און פראַנצויזישע סאָציאַליסטען אין דער איצטיגער מלחמה.

אָבער אין דער זעלבער לאַגע, ווי די באַלקאַנישע מלוכות, געפינען זיך איצט אַלע קליינע מלוכה'לעך, ווי למשל, אויך האָלאַנד. אויב אַ שיף האָט אַ לאָך, דאַרף מען קודם־כל קלערען וועגען פאַרשטאָפּען דעם לאָך. און וועגען וואָס וואָלט דען באמת זיך געקאָנט

האַנדלען אין דעם קליינעם האָלאַנד, ווען נישט אין דער ריין־נאַ־ציאָנאַלער פּאַרטיידיגונג, אין דער פּאַרטיידיגונג פון דער עקזיס־טענץ און אומאָבהענגיגקייט פון לאַנד. אויב מען זאָל נעהמען אין אַכט נישט מעהר ווי דעם מיין פון דעם האָלענדישען פאָלק, און אפילו פון זיינע הערשענדע קלאַסען, האָט מען פאַר זיך אַ פראַגע פון נאַציאָנאַלער פּאַרטיידיגונג. אָבער די פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק, וועלכע שטיצט זיך אויף היסטאָרישער באַטראַכטונג, קאָן זיך נישט ריכטען לויט דעם סוביעקטיווען מיין פון אַ געוויסען באַ־זונדערען לאַנד, זי מוז האָבען אַ אינטערנאַציאָנאַלע אָריענטאַציע אויפ׳ן סמך פון אַלגעמיינעם קאָמפּלעקס פון די פאַרהעלטנישען אין דער וועלט־פּאָליטיק. אַזאַ קליינע מלוכה׳לע ווי האָלאַנד, צ. ב., צי זי וויל עס צי ניט, איז נאָר אַ קליין רעדעלע אין דעם מעכאַניזם פון דער היינטיגער וועלט־פּאָליטיק און דיפּלאָמאַטיע. דאָס וואָלט גלייך קלאָר געוואָרען, ווען האָלאַנד זאָל פאַקטיש אריינ־געצויגען ווערען אין דעם שטורם פון דער וועלט־מלחמה. קודם כל, וואָלטען איהרע געגנער געפּרובט צו אַטאַקירען איהרע קאָלאָ־ניעס. די מלחמה־פיהרונג דורך האָלאַנד וואָלט פון זיך אַליין זי געבראַכט צו אַ קאַמף פאַר דער דערהאַלטונג פון איהרע היינטיגע באַזיצונגען. די פאַרטיידיגונג פון דער נאַציאָנאַלער אומאָבהענגיג־קייט פון די האָלאַנדער ביים ברעג פון צפון ים וואָלט דירעקט געפיהרט דערצו, אַז זיי זאָלען באַשיצען זייער רעכט צו באַהערשען די מאַלאַיער אויפ׳ן ארכיפּעלאַג אין מזרח־אינדיען. אָבער דער־מיט ענדיגט זיך נאָך ניט דער מיליטאַריזם פון האָלאַנד. איבער־געלאָזט צו זיך אַליין, וואָלט זי ווי אַ נוס־שאָל צודריקט גע־וואָרען אין שטורם פון וועלט־קריעג. האָלאַנד וואָלט דעריבער, באַלד, אומאָבהענגיג פון איהר ווילען, געוואָרען אַ מיטגליד פון איינעם פון די פאַרבאַנדען פון די קעמפּפענדע מלוכות, און אַזוי אַרום וואָלט זי אויך געוואָרען אַ טרעגער און אַ געוועהר פון די ריין אימפּעריאַליסטישע טענדענצען.

דעם זעלביגען געדאַנק האָט אַרויסגעבראַכט קאַרל קאַאוטסקי ערשט מיט עטליכע יאָהר צוריק אין זיין פּאַמפלעט „פּאַטריאָטיזם און די סאָציאַלדעמאָקראַטיע“, וואָס איז ערשינען אין 1907. דאָר־טען לייענען מיר:

„הגם דער פּאַטריאָטיזם פון דער בורזשואַזיע און פון דעם פּראָלעטאַריאַט זיינען צוויי גאַנץ פאַרשיידענע, פּאַקטיש־געגנזעצליכע ערשיינונגען, קאָן דאָך ענטשטעהן אַזאַ לאַגע, ווען ביידע מינים פון פּאַטריאָטיזם זאָלען פאַראייניגען זייערע כחות פאַר אַ געמיינשאַפטליכער אַקציע. דאָס קאָן אפילו אויך פּאַסירען אין צייט פון קריעג. די בורזשואַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט פון אַ פאָלק זיינען גלייך פאַראינטערעסירט אין זייער נאַציאָנאַלער אונאָפּהענגיגקייט, אין זעלבסט־באַשטימונג און אין דער באַזייטיגונג פון אַלערליי מינים אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע אונטער אַ פרעמדער אויסלענדישער מאַכט. אין די נאַציאָנאַלע צוזאַמענשטויסען וואָס זיינען אַרויסגעשפּרונגען פון אַזעלכע אויסלענדישע פאַרזוכען צו אונטערדריקען אַ באַטרעפענדע נאַציע, האָט דער פּאַטריאָטיזם פון פּראָלעטאַריאַט זיך אַלעמאָל פאַראייניגט מיט דעם פּאַטריאָטיזם פון דער בורזשואַזיע. אָבער דער פּראָלעטאַריאַט ווערט אַ כח, וואָס קאָן זיין געפעהרליך פאַר דעם הערשענדען קלאַס בעת אַ גרויסער נאַציאָנאַלער אויפרודערונג־רעוואָלוציע קוקט אַרויס פון הינטער יעדער גרויסער מלחמה, ווי דאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פּאַריזער קאָמונע פון 1871 און אין דעם רוסישען טעראָריזם נאָך דעם רוסיש־יאַפּאַנישען קריעג.

„צוליעב דער אורזאַכע איז די בורזשואַזיע פון די מעהרסטע פעלקער אָפּט מקריב איהרע נאַציאָנאַלע אינטערעסען ווען די באַשיצונג פון די דאָזיגע אינטערעסען שטעלט אין סכנה די מאַכט פון דער בורזשואַזיע: וואָרים די בורזשואַזיע האַסט און האָט מורא פאַר רעוואָלוציע פיעל מעהר ווי זי ליעבט נאַציאָנאַלע אונאָפּהענגיגקייט און גרויסמאַכט. צוליעב דעם טעם איז די בורזשואַזיע מקריב די פּוילישע אונאָפּהענגינקייט און דערלאָזט, אַז עס זאָלען פאַרבלייבען לעבען אַזעלכע אָפּגעלעבטע און קינסטליך צונויפגעשטשאָבעטע פּאָליטישע פאַראייניגונגען, ווי עסטרייך און טערקיי, הגם שוין אַ דור לאַנג ווי זיי זיינען פאַרמשפּט פאַרניכטעט צו ווערען. אין דער ציוויליזירטער אייראָפּאַ גיבען מעהר ניט קיין נאַציאָנאַלע קאַמפּען וואָס זאָלען פיהרען צו רעוואָלוציעס. די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, וואָס קאָנען היינט ענטשיידען ווערען דורך אַ רעוואָלוציע אָדער דורך אַ קריעג, וועלען אין דער צוקונפט געלייזט ווערען

דורכ'ן זיעג פון פּראָלעטאַריאַט, אָבער דעמאָלט, אַ דאַנק דער אינטערנאַציאָנאַלער אחדות, וועלען זיי אָננעמען אַ גאַנץ אַנדער גאַנג ווי היינט, ווען די געזעלשאַפט געפינט זיך אין צושטאַנד פון עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג. די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען דאַרפען מעהר ניט פאַרנעמען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם אַרבייטער קלאַס פון זיינע פּראַקטישע קאַמפען. אַנדערע פּראָבלעמען מוזען האָבען די גאַנצע כחות פון פּראָלעטאַריאַט.

„... און אינצווישען ווערט אַלץ זעלטענער די וואַהרשיינליכקייט, אַז דער פּאַטריאָטיזם פון פּראָלעטאַריאַט און פון דער בורזשואַזיע זאָלען זיך פאַראייניגען צו באַשיצען די פרייהייט פון פאָלק".

און קאַאוטסקי באַהויפּטעט, אַז די פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט זיך פאַראייניגט מיט'ן צאַריזם און אַז רוסלאַנד איז ניט מעהר קיין סכנה פאַר מעריב אייראָפּאַ, ווייל די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט אָפּגעשוואַכט איהר מיליטערישע קראַפט:

„אונטער אַזעלכע אומשטענדען קאָן מען ניט ערוואַרטען אַז אין אַ קריעג צו פאַרטיידיגען נאַציאָנאַלע פרייהייט זאָלען זיך פאַראייניגען די בורזשואַזיע און די פּראָלעטאַריער.

„... מיר האָבען געזעהן אַז איצטער קומט עס ניט צו דעם מין סכסוכים וואָס זיינען געווען אומפאַמיידליך צווישען שכנישע פעלקער אין דעם 19טען יאָהרהונדערט. פעלקער וואָס האַלטען שטאַרק פון פרייהייט נעמען זיך ניט מעהר צום געוועהר, ווען די פרייהייט ווערט באַדראָהט. מיר האָבען געזעהן, אַז דער מאָדערנער מיליטאַריזם פאַרטיידיגט ניט אין ערגיץ קיין פאָלקס־רעכט, נאָר ער שטעלט זיך איין אומעטום צו באַשיצען פּראָפיטען. די טעטיגקייט פון מיליטאַריזם איז ניט געציעלט צו באַשיצען די אונאָפּהענגיגקייט און די ניט־באַריהמבאַרקייט פון זיין אייגענער נאַציאָנאַליטעט, וואָס קיינער באַדראָהט ניט, נאָר די באַפעסטיגונג און אויסשפּרייטונג פון קאָלאָני־באַזיצען, וואָס דיענען נאָר גרעסער צו מאַכען די פּראָפיטען פון קאַפּיטאַל. אין דער איצטיגער צייט קאָן קיין צוזאַמענשטויס צווישען מלוכות ניט פיהרען צו אַזאַ מלחמה, וואו דער פּראָלעטאַריאַט זאָל פאַראינטערעסירט זיין צו שטיצען די בורזשואַזיע: אין געגענטייל ווי די אינטערעסען אַזוי די פליכט

וועלען דיקטירען דעם פּראָלעטאַריאַט ער זאָל ענערגיש באַקעמפען די מלחמה".

האָבענדיג דאָס אַלץ אין זינען, וואָס דאַרף זיין די פּראַקטישע שטעלונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין באַצוג צו דעם איצ־טיגען קריעג? זאָל זי ערקלערען, אַז, אַזוי ווי עס איז אַ פאַקט, אַז די מלחמה איז אַן אימפּעריאַליסטישע און קיין סאָציאַליסטישע זעלבסט־באַשטימונג האָבען מיר סיי־ווי־סיי ניט, אַנערקענען מיר ניט דעם קריעג און מיר וועלען זיך אונטערגעבען צום שונא? פּאַסיווער פאַטאַליזם קען ניט זיין די ראָלע פון אַ רעוואָלוציאָנע־רער פּאַרטיי, ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע איז. זי טאָר זיך ניט איבערגעבען אין רשות פון דעם עקזיסטירענדען קלאַסען־שטאַאַט אונטער דער קאָמאַנדע פון די הערשענדע קלאַסען, און זי קען אויך ניט שטעהן, ווי אַ פּאַסיווער צוזעהער און וואַרטען ביז דער שטורעם וועט פאָראיבער.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מוז אָננעמען אַ פּראָגראַם פון אַק־טיווער קלאַסען־פּאָליטיק, זי מוז אָננעמען אַ טאַקטיק, וואָס זאָל טרייבען די הערשענדע קלאַסען אין אַ סאָציאַלען קריזיס און שטור־פען דעם קריזיס אַלץ ווייטער און טיפער. דאָס איז די ראָל, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאַרף שפּילען אַלס די פאָרשטעהערין פון קעמפּענדען פּראָלעטאַריאַט. אַנשטאַט צו פאַרדעקען די אימ־פּעריאַליסטישע מלחמה מיט אַ פאַלשען מאַנטעל פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־פאַרטיידיגונג, דאַרף די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאָדערען דאָס רעכט פון אמת'ער נאַציאָנאַלער זעלבסט־באַשטימונג און באַ־נוצען די פאָדערונג אַלס אַ וואָפע אין קאַמף געגען דער אימפּעריאַ־ליסטישער מלחמה.

דער ערשטער און איינפאַכסטער זין פון נאַציאָנאַלער פאַרטיי־דיגונג פאָדערט, אַז די נאַציע אַליין זאָל נעמען איהר זעלבסטשוץ אין די אייגענע הענט אַריין. ניט קיין מיליטערישע קאַסטע אי־בער'ן קאָפּ פון פאָלק, נאָר אַ פאָלקס־מיליץ, קאָנטראָלירט פון פאָלק. ניט נאָר דאַרף די גאַנצע ערוואַקסענע מענליכע באַפעלקערונג זיין באַוואָפענט, נאָר אַלע ענטשיידונגען וועגען פריעדען און קריעג זאָ־לען באַשלאָסען ווערען פון פאָלק גופא. דער צווייטער תנאי פון נאַציאָנאַלען זעלבסטשוץ באַשטעהט אין דער אָפּשאַפונג פון יעדער

מין פון פּאָליטישע אונטערדריקונג, ווארים די גרעסטע מאָס פון פּאָליטישער פרייהייט איז אויף דער בעסטער פונדאַמענט פאַר נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונג. די ערשטע פליכט פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָט זיך געזאָלט אויסדריקען און פעסטשטעלען אָט די פונדאַמענטאַלע מיטלען פון נאַציאָנאַלען זעלבסטשוץ.

פערציג יאָהר נאָכאַנאַנד האָבען מיר געבטאַרעט זיך צו איבערצייגען סיי די הערשענדע קלאַסען און סיי די מאַסען פון פּאָלק, אז נאָר אַ פּאָלקס־מיליץ וואָלט פעהיג געווען ווירקליך צו פאַרטיידיגען דאָס פאטערלאַנד און מאַכען עס אונבאַזיעגבאַר. און דאָך, ווי נאָר עס איז געקומען די ערשטע פּראָבע, האָבען מיר איבערגעגעבען די פאַרטיידיגונג פון אונזער לאַנד אין די הענט פון דער שטענדיגער אַרמיי. מיר האָבען געלאָזען אונזער פּאָלק ווערען קאַנאָנען פלייש — אונטער דער בייטש פון הערשענדען קלאַס. אונזערע פּראָלעטאַריער האָבען הפנים גאָר ניט באַמערקט, אַז די ברכות, וואָס זיי האָבען מיטגעגעבען די פאַטערלאַנדס פאַרטיידיגער צום פראָנט האָבען אָפען אויסגעדריקט זייער צושטימונג, אַז די פרייסישע קייזערליכע אַרמיי איז די אמת׳ע פאַרטיידיגערין פון פאַטערלאַנד. זיי האָבען הפנים ניט באַגריפען אַז דורך דער צושטימונג האָבען זיי געאָפּפערט מיט דעם שטיץ־פונקט פון אונזער פּראָגראַם. זיי האָבען אויף אַזאַ אויפ׳ן איינגאַנצען אויפגעגעבען די פּאָלקס־מיליץ. זיי האָבען פאַרניכטעט יעדע ווערט פון פערציג יאָהר אַגיטאַציע געגען דער שטענדיגער אַרמיי.

די גרויסע לעהרערס פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פּראָלעטאַריאַט האָבען געזעהן די פאַטערלאַנד־פאַרטיידיגונג גאָר אין אַן אַנדער ליכט. ווען דער פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט, אַרומגערינגעלט מיט פרייסישע סאָלדאַטען, האָט אין 1871 גענומען די לייצעס פון דער רעגירונג אין זיינע הענט, האָט מאַרקס ענטוזיאַסטיש געשריבען:

„פּאַריז, וואָס איז דאָס וואוין־אָרט פון דער אַלטער רעגירונג, און אין דער זעלבער צייט דער סאָציאַלער צוציהונגס פונקט פאַר דעם פראַנצויזישען אַרבייטער קלאַס, פּאַריז האָט זיך אויפגעהויבען אין אַ באַוואַפענטען אויפשטאַנד געגען דעם פּאַרזוך פון מאַנסיער טיערס און זיינע יונקערס צוריק צושטעלען און צו פאַראייביגען די

מאכט פון דער אלטער אימפעריאליסטישער הערשאפט. פאריז האָט געקענט מאכען דעם ווידערשטאנד נאָר דערפאר, וואָס עס האָט ניט געהאט מעהר קיין שטענדיגע ארמיי, און אנשטאט איהר האָט זיך דאָרט געפונען א פאָלקס־וואף, וואָס איז הויפטזעכליך באשטאנען פון ארבייטער. עס איז געווען נויטיג צו מאכען פון דער פאָלקס־וואף א באשטענדיגע איינריכטונג. און דער ערשטער אויפטו פון דער קאָמונע איז געווען די אונטערדריקונג פון דער ארמיי און איהר אָרט האָט פארנומען דאָס באוואפענטע פאָלק... די קאָמונע איז געווען די אמת'ע פאָרשטעהערין פון אלע געזונטע עלעמענטען פון דער פראנצויזישער געזעלשאפט, ד. ה. אן אמת'ע נאציאָנאלע רעגירונג, און פונקט אזוי איז זי, אלס פראָלעטארישע רעגירונג, אלס בראווע קעמפערין פאר דער באפרייאונג פון ארבייט, געווען אינטערנאציאָנאל אין פולען זין פון וואָרט. פנים לפנים מיט דער פרייסישער ארמיי, וועלכע האָט אנעקסירט צוויי פראנצויזישע פראָווינצען פאר דייטשלאנד, האָט די קאָמונע אנעקסירט די ארבייטער פון דער גאנצער וועלט פאר פראנקרייך". (א רעדע, געהאלטען ביי דער אלגעמיינער באראטונג פון אינטערנאציאָנאל) וואָס האָבען אָבער אונזערע לעהרערס געזאָגט וועגען דער ראָל, וואָס די סאָציאל־דעמאָקראטיע האָט געשפילט אין דער יעצטיגער מלחמה? אין יאָהר 1892 האָט פרידריך ענגעלס אויסגעדריקט די פאָלגענדע מיינונג וועגען די הויפט שטריכען פון דער שטעלונג, וואָס די פראָלעטארישע פארטייען דארפען נעמען אין צייט פון א וועלט־מלחמה:

„א מלחמה אין וועלכער די רוסען און פראנצויזען זאָלען אָנפאלען אויף דייטשלאנד וואָלט געמיינט א קאמף אויף לעבען און טויט פאר דער לעצטער. דייטשלאנד וואָלט דאן נאָר געקענט פארזיכערען איהר נאציאָנאלע עקזיסטענץ דורך די שטארקסטע רעוואָלוציאָנערע מעטאָדען. די יעצטיגע רעגירונג וועט זיכער ניט ברענגען קיין רעוואָלוציע, אויב זי וועט ניט זיין געצוואונגען דערצו. מיר האָבען אָבער א שטארקע פארטיי, וואָס קען זי צווינגען צו נעמען די נויטיגע שריטע, אָדער ווען נויטיג קען זי איינגאנצען פארנעמען דאָס אָרט פון דער רעגירונג. מיר האָבען די סאָציאל־דעמאָקראטישע פארטיי.

„מיר האָבען נאָך ניט פאַרגעסען דעם גלאָררייכען ביישפּיעל פון פראַנקרייך אין יאָהר 1793. עס קומט באַלד דער הונדערט־יעהריגער יאָהרעספעסט פון 1793. אויב רוסלאַנדס באַגעהר נאָך זיעג, אָדער דאָס שאָוויניסטישער אונגעדולד פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזי זאָל באַרהאַלטען דעם זיעגרייכען, הגם רוהיגען מאַרש פון די דייטשע סאָציאַליסטען, מעגט איהר זיין זיכער, אַז די לעצטע וועלען זיין גרייט צו ווייזען דער וועלט, אַז די דייטשע פּראָלעטאַריער פון היינט זיינען ווערט די פראַנצויזישע סאַנקולאָטען, אַז 1893 וועט זיין ווערט 1793. און אויב די סאָלדאַטען פון העררן קאָנסטאַנס זאָלען שטעלען זייערע פיס אויף דער דייטשער ערד, דאַן וועלען מיר זיי באַגעגענען מיט די ווערטער פון דער מאַרסעליעזע:

„וואָס, די פרעמדע באַנדעס
וועלען פאַסען געזעצען
אין אונזער לאַנד, פאַר אונזערע היימען?“

„קורץ, וועלען מיר האָבען פרידען, וועט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי זיין זיכער מיט א זיעג אין צייט פון א יאָהר צעהן. וועט אָבער קומען די מלחמה, וועט זי ענטוועדער ברענגען א זיעג אין צייט פון צוויי־דריי יאָהר, אָדער די פּאַרטיי וועט אינגאַנצען רואינירט ווערען אויף וועניגסטענס, פופצעהן אָדער צוואַנציג יאָהר“.

ווען ענגעלס האָט געשריבען די דאָזיגע ווערטער האָט ער זיך פאָרגעשטעלט א לאַגע, וואָס איז גאַנץ אַנדערש פון דער עקזיסטירענדער. ער האָט אין זינען געהאַט דעם אַלטען, רוסישען צאַריזם מיט אַלע זיינע געפאַהרען. מיר האָבען שוין אָבער ביינעוואוינט די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע. נאָך מעהר, ער האָט געדענקט וועגען א ווירקליכע פאַרטיידיגונגס־קריעג. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַז דייטשלאַנד ווערט באַפאַלען פון ביידע זייטען, פון מזרח און מערב, פון צוויי פיינדליכע מעכטע. ענדליך האָט ער אויך איבערגעשעצט דאָס פאַרטיגקייט פון די דייטשע באַדינגונגען פאַר א סאָציאַלער רעוואָלוציע. ווירקליכע קעמפער איבערשעצען זעהר אָפט דעם שנעלען גאַנג פון דער ענטוויקלונג. ניט

קוקענדיג דארויף, ווייזען ענגעלס'עס ווערטער מיט א מערקוויר־דיגער קלאָרקייט, אז ער האָט געמיינט נאציאָנאַלע פארטיידיגונג אין סאָציאַלדעמאָקראַטישען זין. ער האָט בשום אופן ניט געמיינט די אונטערשטיצונג פון דער פרייסישער יונקערשער, מיליטאַריס־טישער רעגיערונג און איהר גענעראַל־שטאַב. ער האָט גערעדט וועגען רעוואָלוציאָנערע טאַטען לויט דעם ביישפּיעל פון די יאַקאָבי־נער פון פראנקרייך. געוויס, סאָציאַליסטען דארפען פארטיידיגען זייער פאטערלאנד אין צייט פון א גרויסען קריזיס. און דאָ ליגט די שולד פון דער דייטשער סאָציאַל דעמאָקראַטישער רייכס־טאג־גרופּע. ווען די גרופּע האָט ערקלערט דעם 4טען אויגוסט, אז: „אין דער שעה פון געפאהר וועלען מיר ניט פארלאָזען אונזער פאטערלאנד", האָט זי אין דעם זעלבען אָטעם אָפּגעלייקענט איהרע אייגענע ווערטער. אין דער ווירקליכקייט האָבען די סאָציאַליסטען יא פארלאָזען זייער פאטערלאנד אין דער שעה פון דער העכסטער געפאהר. דער הייליגסטער חוב פון די סאָציאַליסטען צו זייער לאנד איז געווען אויפצודעקען דעם אמת'ן כאראַקטער פון קריעג און פאנאנדערצורייסען דעם נעץ פון אימפּעריאַ־ליסטישע און דיפּלאָמאַטישע ליגענס, וואָס האָבען פארבלענדט די אויגען פון פאָלק. עס איז געווען זייער פליכט צו ריידען קלאָר און הויך צום דייטשען פאָלק, אז ווי די מלחמה זאָל זיך ניט ענ־דיגען, מיט א זיעג אָדער מיט א מפּלה, — איןביידע פאלען וועט עס זיין פאטאַל פאר איהם. די סאָציאַליסטען האָבען געדארפט אויפהויבען זייער שטימע געגען דעם וואָס דאָס לאנד איז גע־שטעלט געוואָרען אין א קריעגס־צושטאנד. זיי האָבען געדארפט פאָדערען, אז דער פארלאמענט זאָל זיין אָפען אין צייט פון קריעג, זיי האָבען געדארפט פאָדערען אז דער פארלאמענט זאָל האָבען א קאָנטראָל איבער דער רעגירונג און דאָס פאָלק איבער'ן פארלא־מענט; זיי האָבען געדארפט פאָדערען א באַלדיגע אָפּשאַפונג פון אַלע פּאָליטישע אומגלייכהייטען, ווייל נאָר א פריי פאָלק קאָן זיך רעגירען; מיט דאָס פּראָגראַם פון מארקס, ענגעלס און לאַסאַל האָבען זיי געדארפט ארויסטרעטען געגען דעם קריעג, וואָס האַלט זיך אויף די רעאַקציאָנערסטע כחות פון אייראָפּאַ.



די גרויסע היסטאָרישע שעה האָט, זעלבסטפאַרשטענדליך, געפאָדערט אַן איינשטימיגע פּאָליטישע האַנדלונג, אַ ברייטע, פעסטע פּראָגראַם, וואָס נאָר די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קאָן געבען. אַנשטאַט דעם האָבען איהרע פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרשטעהער באַוויזען זייער פּאָלשטענדיגען באַנקראָט. די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט ניט אָנגענומען אַ פאַלשע שטעלונג, — זי האָט איבערהויפּט ניט געהאַט קיין באַשטימטע שטעלונג. זי האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירען אַלס אַ קלאַסען־פּאַרטיי, וואָס האָט איהר אייגענע וועלט־אַנשויאונג; זי האָט איבערגעלאָזען דאָס לאַנד, אָהן דעם מינדסטען פּראָטעסט, צו דעם שיקזאַל פון אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה אויסער'ן לאַנד און צו דער דיקטאַטור פון שווערד ביי זיך אין דער היים. ניין, נאָך מעהר, די פּאַרטיי האָט גענומען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פון קריעג אויף איהרע אייגענע פּלייצעס. אין איהר דעקלאַראַציע האָט די רייכסטאַג גרופּע געזאָגט: „מיר האָבען בלויז געשטימט פאַר דער פּאַרטיידיגונג פון אונזער לאַנד, מיר נעמען אָבער ניט אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר'ן קריעג". אין דער ווירקליכקייט איז עס געווען פאַרקערט. פאַר די מיטלען פון „נאַציאָנאַלער פּאַרטיידיגונג", ד. ה. פאַר דער אימפּעריאַליסטישער מאַסען אויסשלאַכטונג דורך די באַוואַפענטע כוחות פון דער מיליטערישער מאָנאַרכיע, האָבען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען ניט געשטימט. די פראַגע פון בודזשעט איז אויף אַ האָר ניט געווען אָבהענגיג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווייל זי האָט געהאַט גענען זיך אַ פעסט־געשלאָסענע מעהרהייט פון דריי פערטעל פון דעם קאַפּיטאַליסטישען רייכסטאַג, וואָס איז באַשטאַנען פון די בורזשואַזע פּאַרטייען. די סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען בלויז איין זאַך אויפגעטהאָן מיט זייער שטימען פאַר די קריגס־אויסגאַבען און דאָס איז, וואָס זיי האָבען דער קאַפּיטאַליסטישער מלחמה געגעבען אַ כלומר'שט דעמאָקראַטישען כאַראַקטער. שטיצענדיג די רעגירונג האָבען זיי דערמיט געהאָלפען איהר צו פאַרשפּרייטען ליגענס וועגען דער ווירקליכער לאַגע און די פּראָבלעמען פון קריעג.

„אָבער וואָס האָט די פּאַרטיי געדאַרפט טהאָן אַז איהר געגנערשאַפט צום קריעג זאָל האָבען אַ ווירקונג? האָט זי געדאַרפט רופען אַ גענעראַל סטרייק? האָט זי געדאַרפט אויפפאָדערען די סאָלדאַטען, אַז זיי זאָלען זיך ענטזאַגען פון מיליטער דיענסט?“ אַזעלכע פראַגען זיינען פיעל מאָל געשטעלט געוואָרען. צו ענטפערען אויף זיי פּשוט יאָ אָדער ניין וואָלט געווען פּונקט אַזוי לעכערליך ווי צו באַשליסען, אַז „ווען די מלחמה זאָל אויסברעכען, וועלען מיר מאַכען אַ רעוואָלוציע“. רעוואָלוציעס ווערען ניט געמאַכט און גרויסע פאָלקס־באַוועגונגען ווערען ניט געשאַפען לויט רעצעפּטען פון פּאַרטיי־פיהרער. אַ קליינע גרופּע פון קאָנספּיראַטאָרס קאָן אָרגאַניזירען אַ בונט אויף אַ באַשטימטען טאָג, אויף אַ באַשטימטע שעה, און קאָן אין דער באַשטימטער צייט געבען איהרע נאָכפאָלגער אַ צייכען אָנצוהויבען די אומרוהען. אָבער דורך אַזוינע פרימיטיווע מיטלען קאָנען אין אַ צייט פון אַ קריזיס ניט באַשאַפען ווערען גרויסע פאָלקס־באַוועגונגען. דער אַם בעסטען צוגעגרייטער מאַסען־סטרייק קאָן צוזאַמענברעכען אין דער זעלבער מינוט, וואָס די פיהרער געבען אַ סיגנאַל איהם אָנצופאַנגען, ער קאָן דורכפאַלען נאָך פאַר דער ערשטער אַטאַקע. דער ערפאָלג פון גרויסע באַוועגונגען איז אָפּהענגיג פון פיעלע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרען. די רייבונגען צווישען די קלאַסען, די אינטעליגענץ פון די מאַסען, די שטאַרקייט פון דעם ווידערשטאַנדס־גייסט — די אַלע פאַקטאָרען וועלכע מען קאָן ניט אויסרעכענען, אָט די אַלע באַדינגונגען קאָן ניט אַ פּאַרטיי קינסטליך באַשאַפען. דאָס איז דער אונטערשייד צווישען גרויסע היסטאָרישע אויפטרייסלונגען און קליינע דעמאָנסטראַציעס אין צייט פון שלום, וואָס אַ גוט דיסציפּלינירטע פּאַרטיי קאָן שטענדיג דורכפיהרען און וועלכע טראָגען הויפּטזעכליך דעם כאַראַקטער פון פאָרשטעלונגען. דער גרויסער היסטאָרישער מאָמענט באַשאַפט אַליין די פאָרמען, וועלכע וועלען ברענגען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צו אַן ערפאָלגרייכער ענדע. ער באַשאַפט אַליין די וואַפען און באַרייכערט דעם אַרסענאַל פון פאָלק מיט אַזוינע וואַפען, פון וועלכע מען האָט פריהער ניט געוואוסט.

נאַמס־געזעצען. אין יענער צייט האָבען מיליאָנען מענשען גע־גלויבט, אַז יעדער סאָציאַליסט האָט אין יאָהר 1870 געהאַנדעלט

וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז יאָ געווען אימשטאַנד צו געבען איז ניט לעבערליכע רעצעפּטען און פאָרשריפטען, נאָר אַ פּאָליטישען לאָזונג און אַ קלאָרקייט צו די פּאָליטישע פּראָבלעמען און אינטערעסען פון פּראָלעטאַריאַט אין צייט פון קריעג.

„וואָלטען די מאַסען פון פאָלק געשטיצט די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע אין איהר געגנערשאַפט צום קריג?" אויף דער פראַגע קאָן קיינער ניט ענטפערען. דאָס איז אפילו ניט קיין וויכטיגע פראַגע. האָבען דען אונזערע פּאַרלאַמענטאַריער געפאָדערט פון די גענעראַלען פון דער פּרייסישער אַרמיי אַ פאַרזיכערונג פון זיעג, איידער זיי האָבען געשטימט פאַר דעם מלחמה בודזשעט? וואָס עס איז ריכטיג אין באַצוג צו מיליטערישע אַרמעען, איז אויך אמת אין באַצוג צו רעוואָלוציאָנערע אַרמעען. ווען די נויטווענ־דיגקייט פאָדערט עס, געהען זיי אין שלאַכט, ניט פאָדערענדיג קיין פאַרזיכערונג אויף ערפאָלג. אין ערגסטען פאַל וואָלט די סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטיי געווען פאַר׳משפּט אויף פּאָליטישער אומ־טעטיגקייט אין די ערשטע מאָנאַטען פון קריעג.

זעהר מעגליך, אַז אונזער פּאַרטיי וואָלט געווען געליטען די שרעקליכסטע פאַרפאָלגונגען, ווען זי וואָלט געווען גענומען אַ וואַ־גענדע, פּרינציפּיעלע שטעלונג. זי וואָלט געווען געליטען פּונקט ווי עס האָבען געליטען ליעבקנעכט און בעבעל אין יאָהר 1870. אָבער, ווי זאָגט איגנאַטץ אוער אין זיין רעדע ביי דעם יאָהרעס־פעסט פון זיעג פון סעדאַן אין יאָהר 1895: „וואָס מאַכט עס אויס. אַ פּאַרטיי וואָס דאַרף באַזיעגען די גאַנצע וועלט מוז הויך האַלטען איהרע פּרינציפּען, ניט רעכענענדיג זיך מיט אַלע סכנות וואָס דאָס קען ברענגען. האַנדלען אַנדערש הייסט — געהן פאַרלאָרען!"

„עס איז קיין מאָל ניט גרינג צו שווימען געגען שטראָם", זאָגט דער אַלטער ליעבקנעכט, „און ווען דער שטראָם איז דערצו נאָך אַזוי שטאַרק און שנעל ווי דער שטראָם פון ניאַגאַרע, איז דאָס שווימען געוויס ניט לייכטער! אונזערע עלטערע גענאָסען גע־דענקען נאָך דעם האַס צו אונז אין יאָהר 1878, דאָס יאָהר פון אונזער גרעסטער נאַציאָנאַלער שאַנדע — די סאָציאַליסטישע אויס־

ווי א מערדער אָדער א נידערטרעכטיגער פארברעכער; ביי דער מאַכע איז דער סאָציאַליסט געווען פאררעכענט פאר א שונא פון פאָלק און א פאררעטער. אזעלכע אויסברוכען פון דעם „פאָלקס זעעלע" ערשטוינען און באַטויבען אונז, זיי צודריקען אונז ממש מיט זייער ווילדען כעס. מען פיהלט זיך הילפלאָז ווי פאר א העכערער קראַפט.

איהר האָט פאר זיך ניט קיין ממשות'דיגען געגנער. עס איז ווי אַן עפּידעמיע, אין פאָלק, אין דער לופט, איבעראַל.

„דער אויסברוך פון 1878 קאָן אָבער ניט ווערען פארגליכען מיט דעם אויסברוך פון 1870. דאָס איז געווען א ציקלאָן פון מענשליכע ליידענשאַפטען וואָס ברעכט, בויגט און פארניכטעט אַלעס וואָס שטעהט איהם אין וועג; צו דעם קומט נאָך די שרעקליכע מיליטערישע מאַשין אין איהר פולען שווידערהאַפטען גאַנג; און מיר שטעהען צווישען די צודריקענדע אייזערנע רעדער, וועמעס באַריהרונג עס מיינט אויגענבליקליכער טויט; מיר געפינען זיך צווישען אייזערנע אָרעמס, וואָס דראָהען יעדע סעקונדע אונז אָנצוכאַפּען. און ביי דער זייט פון דער ווילדער קראַפט פון דעם פרייגעוואָרענעם גייסט שטעהט אזא פאָלקאָמענער מעכאַניזם פון דער מאָרד־קונסט, וואָס די וועלט האָט נאָך עד היום ניט געזעהן; און דער מעכאַניזם איז אין פולען גאַנג, יעדער קעסעל דערהיצט ביז צום פּלאַצען. אין אזא צייט, וואָס קען באַדייטען דער ווילען און די קראַפט פון דעם איינצעלנעם? בפרט נאָך ווען מען פיהלט, אז מען שטעלט נור פאָר א קליינע מינאָריטעט, אז מען קען זיך ניט פארלאָזען אויף קיין שטיצע אין פאָלק.

„אין יענער צייט איז אונזער פארטיי נאָך געווען אין איהר ענטוויקלונגס־עפּאָכע. מיר זיינען געשטאַנען פאר אזא ערנסטער פּראָבע, בשעת מיר האָבען נאָך ניט פארמאָגט קיין אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אונז העלפען די פּראָבע צו באַגעגנען. ווען די אנטיסאָציאַליסטישע באַוועגונג איז געקומען אין דעם יאָהר פון שאַנדע פאר דעם שונא און עהרע פאר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דאַן האָבען מיר שוין געהאַט א שטאַרקע, וויט־פארשפּרייטע אָרגאַניזאַציע. יעדער איינער פון אונז איז געווען געשטאַרקט פון דעם באַוואוסטזיין אז ער וועט געפינען א מעכטיגע שטיצע אין דער

אָרגאַניזירטער באַוועגונג, וואָס איז געשטאַנען הינטער אונז. קיין מענש, אויב ער איז נאָר געווען ביים פולען זינען, האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען אַז די פּאַרטיי וועט פּאַלען.

„עס איז, אַלזאָ, ניט געווען קיין קליינינגקייט אין יענער צייט צו שווימען געגען שטראָם. אָבער וואָס עס דאַרף געטאָן ווערען, מוז געטאָן ווערען. און מיר האָבען געסקריזשעט מיט די צייהן, שטעהענדיג פאַר דער אונפאַרמיידליכקייט. עס איז קיין צייט ניט געווען צו שרעקען זיך... בעבעל און איך... מיר האָבען אָהן שום ספק אויף קיין מאָמענט ניט פאַרטראַכט זיך וועגען דער וואַרנונג. מיר האָבען ניט אָפּגעטראָטען. מיר האָבען געמוזט בלייבען אויף אונזער פּאָסט, וואָס עס זאָל ניט געווען טרעפען!"

זיי זיינען געבליבען אויף זייער פּאָסט, און פערציג יאָהר האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געלעבט מיט דער מאָראַלער קראַפט, מיט וועלכער זי האָט זיך דאַן געשטעלט דאַגעגען איהרע שונאים

דאָס זעלבע וואָלט ווידער געשעהן. זי וואָלט גאָר־נישט אויפגעטאָן, אָבער זי וואָלט געראַטעוועט די עהרע פון דעם פּראָלעטאַריאַט. און טויזענדער און טויזענדער פּראָלעטאַריער, וואָס פּאַלען איצט אין די טראַנשעען, ניט וויסענדיג פאַר וואָס, וואָלטען ניט געשטאָרבען אין גייסטיגער עלענדקייט, נאָר מיט דעם פולען באַוואוסטזיין, אַז דאָס, וואָס עס איז געווען זיי אַם טייערסטען, די אינטערנאַציאָנאַלע וועלט־באַפרייענדע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איז ניט געווען קיין פּוסטער חלום.

די שטימע פון אונזער פּאַרטיי וואָלט געווען אַן ערפרישענ־דער ווינד אין דער אַלגעמיינער שאָוויניסטישער שכרות פון די מאַסען. זי וואָלט פּאַרהיט דעם באַוואוסטזיניגען פּראָלעטאַריאַט פון דער מלחמה־משוגעת און זי וואָלט געמאַכט אונמעגליך פאַר'ן אימפּעריאַליזם צו פאַר'סם'ען און פאַרטונקלען די מוחות פון פּאָלק.

און וואָס ווייטער די מלחמה וואָלט אָנגעגאַנגען, און וואָס שרעקליכער עס וואָלטען געוואַקסען די גרויזאַמקייטען פון קריעג אין די בלוט־בעדער פון אַלע לענדער פון אייראָפּאַ; וואָס שאַרפער און קלערער עס וואָלט זיך אַרויסגעצייגט די אמת'ע געשטאַלט פון דעם וועלט־אימפּעריאַליזם און וואָס געמיינער און אומפאַרשעמטער עס וואָלטען געוואַקסען די אַפּעטיטען פון די בלוט־דורשטיגע

מלחמה־שפעקולאַנטען, — אַלס מעהר עהרליכע, פּראָגרעסיווע און מענשליכע טיילען פון פאָלק וואָלטען געקומען אונטער דער פאָהן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וואָלט אין דעם ווילדען טאַנץ פון טויט און פאַרניכטונג געשטאַנען ווי אַ פעלז אין שטורמישען ים, זי וואָלט געווען דער עומד האש פון דעם גאַנצען אינטערנאַציאָנאַל, וואָס וואָלט געהיט און געפיהרט די אַרבייטער־באַוועגונגען אין אַלע לענדער פון דער וועלט. דער גרויסער מאָראַלער פּרעסטיזש פון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען וואָלט אין גאָר אַ קורצער צייט אויסגעאיבט זיין ווירקונג אויף די סאָציאַליסטען פון אַלע פעלקער. די באַוועגונג פאַר פרידען וואָלט זיך פאַרשפּרייט אומעטום און דער אַלגעמיינער פאַרלאַנג פאַר שלום וואָלט געבראַכט אַ סוף צו דער פעלקער־אויסשלאַכטונג.

זיכער איז דאָס געווען אַ ווירדיגע אויפגאַבע פאַר תלמידים פון מאַרקס, ענגעלס און לאַסאַל.

## 2. פרידען און דער אינטערנאַציאָנאַל.

ניט קוקענדיג אויף דער מיליטערישער דיקטאַטור און דער צענזור פון דער פּרעסע, ניט קוקענדיג אויף דעם ברודער־מאָרד פון דער מלחמה, ניט קוקענדיג אויף דער ניעדערלאַגע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ענטשטעהט דאָך דער קלאַסענקאַמף אין זיין גאַנצער שטאַרקייט און ברעכט דורך דעם בורג־פרידען; פון דעם בלוט און רויך פון שלאַכטפעלד ערהויבט זיך די סאָלידאַריטעט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פּראָלעטאַריאַט. מיר מיינען ניט די שוואַכע פּראָבען מעכאַניש צו באַלעבען דעם אַלטען אינטערנאַציאָנאַל, אויך ניט די פאַרשפּרעכענס, וואָס לאָזען זיך הערען פון פאַרשיי־דענע זייטען צו שטעהן צוזאַמען נאָך דער מלחמה. ניין, טאַקע איצט אין דער מלחמה און פון דער מלחמה ענטשטעהט מיט נייער קראַפט דאָס באַוואוסטזיין, אַז די אַרבייטער פון אַלע לענדער האָ־בען איינעם און דעם זעלבען אינטערעס. די וועלט־מלחמה גופא ווידערלעגט אין גאַנצען די פאַלשע באַגריפען, וואָס זי האָט גע־שאַפען.

זיעג אָדער נידערלאַגע? דאָס איז דאָס שלאַג־וואָרט פון דעם אַלמעכטיגען מיליטאַריזם אין יעדען קעמפענדען פאָלק באַזונדער,

און פונקט ווי א ווידער־קול ווידערהאָלען עס די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פיהרער. זיעג אָדער נידערלאַגע איז געוואָרען די גרעסטע טרייב־קראַפט פאַר די ארבייטער פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער, פונקט ווי דאָס איז ביי די הערשענדע קלאַסען פון יענע מדינות. אונטער דעם קראַך פון די קאַנאָנען זינקען אַלע פּראָלעטאַרישע אינטערעסען. זייער אָרט פאַרנעמט דער באַגעהר נאָך זיעג פאַר דעם אייגענעם לאַנד און נידערלאַגע פאַר די אַנדערע. און דאָך וואָס קען דער זיעג ברענגען פאַר דעם ארבייטער?

לויט די אָפיציעלע ערקלערונגען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פיהרער, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען אָהן שום קריטיק, קומט אויס, אַז א דייטשער זיעג וואָלט מיינען פאַר דער באַפעלקערונג פון דייטשלאַנד אַן אונגעשטערטע, אונבאַגרענעצטע אינדוסטריעלע ענטוויקלונג. א נידערלאַגע אָבער וואָלט באַדייטען אינדוסטריעלען אונטערגאַנג.

אפילו אַן אויבערפלעכליכער בעאָבאַכטער קען לייכט ארויסזעהן, אַז דאָס זיעגרייכסטע פאָלק קען נים ערוואַרטען קיין שאַדענערזאַץ וואָס וועט זיך קענען פאַרגלייכען מיט די פאַרלוסטען וואָס די מלחמה וועט ברענגען. נאָך א זיעגרייכען אויסגאַנג פון דער מלחמה וועט דאָס דייטשע פאָלק דאַרפען צאָהלען די מלחמה־שולדען, פאַר וועלכע דער פּאַטריאָטישער פאַרלאַמענט האָט „געשטימט". ד. ה., דאָס פאָלק וועט דאַרפען נעמען אויף זיך אַן אונגעהויערען יאָך פון באַשטייערונג און א פאַרשטאַרקטע מיליטערישע דיקטאַטור. דאָס וועלען זיין די איינציגע ממשות'דיגע רעזולטאַטען פון דעם זיעג.

זאָלען מיר זיך יעצט פאָרשטעלען די ערגסטע מעגליכע רעזולטאַטען פון א נידערלאַגע, וועלען מיר געפינען אַז מיט דער אויסנאַמע פון אימפּעריאַליסטישע אַנעקסיעס וועט דאָס בילד זיין פונקט דאָס זעלבע. די ווירקזאַמקייט פון דער מלחמה געהט אַזוי ווייט און זי לאָזט אַזוינע טיעפע וואָרצלען, אַז דער מיליטערישער אויסגאַנג קען גאַנץ ווייניג ענדערען די ענדגילטיגע רעזולטאַטען.

און לאָמיר אפילו אָננעמען, אַז דאָס זיעגרייכע פאָלק וועט קענען אויסמיידען די גרויסע קאַטאַסטראָפע ביי זיך אין לאַנד און

וועט קענען ארויפוואַרפען דעם גאַנצען יאָך אויף די באַזיגטע. קען דאַן די דייטשע ארבייטער באוועגונג האָפען אויף אַן ער־פאָלגרייכער ענטוויקלונג אַזוי לאַנג ווי די טעטיגקייט פון די פראַנ־צויזישע, ענגלישע, בעלגישע און איטאַליענישע ארבייטער ווערט געשטערט דורך אינדוסטריעלען צוריקגאַנג? די היינטיגע ארביי־טער באוועגונג מיט איהר שווערען אַלטעגליכען קאַמף אין די גרוי־סע וועלט־אינדוסטריעס און מיט איהר מאַסען־אָרגאַניזאַציע שטיצט זיך דורכאויס אויף דער קאָאָפּעראַטיווער טעטיגקייט פון די אַרבייטער פון אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אויב די אַר־בייטער־באוועגונג זאָל בלייבען שטעהן שטיל אין די אַנדערע איי־ראָפּעאישע מדינות, אויב די דאָרטיגע פּראָפעסיאָנעלע ארבייטער פאַראיינען זאָלען ווערען אָפּגעשוואַכט און אויף אַזאַ אופן זאָל ווערען אָפּגעשוואַכט די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון ארבייט, וועט אויך די דייטשע ארבייטער באוועגונג ניט קענען בליהען. פון דעם דאָזיגען שטאַנדפונקט איז דער פאַרלוסט וואָס דער אַרבייטער־קלאַס ליידט אין זיין אינדוסטריעלען קאַמף פונקט דער זעלבער, צי דער דייטשער קאַפּיטאַל פאַרשטאַרקט זיך אויף דעם חשבון פון דעם פראַנצויזישען, צי דער ענגלישער קאַפּיטאַל זאָל ווערען פאַר־שטאַרקט אויף דעם חשבון פון דעם דייטשען.

אצינד וועלען מיר זיך צוקוקען צו דער פּאָליטישער ווירקונג פון דער מלחמה.

א זיעג פאַר דייטשלאַנד וואָלט מיינען ערשטענס, אַז זי וואָלט צונעמען בעלגיע, אייניגע פראַנצויזישע קאָלאָניעס און אייניגע אַנ־דערע טעריטאָריעס אין מזרח און מערב; זי וואָלט פאַרשפּרייט די האַפּסבורגער מאָנאַרכיע איבער אַ צאָהל נייע טעריטאָריעס; זי וואָלט אויפגעשטעלט אַ פיקטיווע „גאַנצקייט“ פון טערקיי אונטער דייטשען שוץ ד. ה. זי וואָלט פאַרוואַנדעלט אַזיע און מאַסעפּאָטאַמיע אין דייטשע פּראָווינצען. דאָס וואָלט מיינען אַ מיליטערישע און עקאָנאָמישע העגעמאָניע פון דייטשלאַנד און אייראָפּאַ. אַזאַ צו־שטאַנד וואָלט בשום אופן ניט קענען פיהרען צו קיין שטענדיגען גלייכגעוויכט אין דער וועלט פּאָליטיק. הגם די מלחמה וועט רואי־נירען אַלע איהרע אנטיילנעמער און נאָך ערגער וועט עס זיין פאַר די באַזיגטע, וואָלטען זיך דאָך די פאָרבערייטונגען פאַר אַ נייער

וועלט מלחמה אָנגעהויבען אויף מאָרגען נאָך דער פרידענס ערקלע־רונג. די פאָרבערייטונגען וואָלטען פאָרגעקומען אונטער ענגלאַנדס פיהרערשאַפט ארונטערצואווארפען דעם יאָך פון דייטשען מיליטאַ־ריזם פון אייראָפּאַ און אזיע.

וואָלטען ווידער ענגלאַנד און פראַנקרייך ארויס די זיעגער וואָלט עס ווארשיינליך הייסען אז דייטשלאַנד וואָלט פארלוירען א טייל פון איהרע קאָלאָניעס אזוי גוט ווי עלזאַס לאָטארינגען. דאָס וואָלט אויך ברענגען דעם באַנקראָט פון דעם דייטשען אלוועלט־ליך־פּאָליטישען מיליטאַריזם. דאָס ווידער וואָלט מיינען די צופאַ־לונג פון עסטרייך אונגארן און די ליקווידירונג פון טערקיי. הגם די צוויי שטאַאטען זיינען רעאַקציאָנער און זייער צופאַלונג איז גויטיג אין נאָמען פון פּראָגרעס, איז דאָך אין דעם איצטיגען אַל־וועלטליכען פּאָליטישען צושטאַנד די צופאַלונג פון דער האַפּסבורגער מאָנארכיע און די ליקווידאַציע פון טערקיי זעהר ניט ווינשענס־ווערט.אזא צושטאַנד וואָלט ברענגען דערצו אז די פעלקער פון יענע מדינות זאָלען פארהאַנדעלט ווערען צו דעם, וואָס צאָהלט דעם גרעסטען פּרייז — רוסלאַנד, ענגלאַנד, פראַנקרייך אָדער איטאַליע. א זיעג אויף דער זייט וואָלט דאריבער געפיהרט צו א לעבהאַפטער באוואַפנונג ביי אלע באזיעגטע פעלקער — מיט דייטשלאַנד אן דער שפּיצע. עס וואָלט געבראַכט די אבסאָלוטע הערשאַפט פון מילי־טאַריזם און רעאַקציע איבער גאַנץ אייראָפּאַ מיט א נייער מלחמה אלס דעם ענדציעל.

אונטער אזעלכע באַדינגונגען ווערט פאַר דעם אייראָפּעאישען ארבייטער קלאַס די פראַגע פון זיעג אָדער נידערלאַגע אַן אויסוואַל צווישען צוויי קלעפּ, אין פּאָליטישען זין פונקט ווי אין עקאָנאָמי־שען.

דער מוסר השכל וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט צו לערנען פון דער מלחמה איז דער פּאזיטיווער פּאַקט, אז עס לוינט פאַר איהם קיין מאָל ניט אָנצונעמען ווי א ווידער־קול דאָס שלאָגוואָרט „זיעג אָדער נידערלאַגע", ניט אין דייטשלאַנד און ניט אין פראַנקרייך, ניט אין ענגלאַנד און ניט אין עסטרייך. דאָס איז א שלאָגוואָרט וואָס קאָן האָבען א ממשותדיגע באַדייטונג נאָר פון דעם אימפּע־ריאַליסטישען שטאַנדפּונקט. פאַר יעדער גרויסער מאַכט האָט דאָס

צו באַדייטען דאָס געווינס אָדער דעם פאַרלוסט פון דער פּאָליטישער וועלט מאַכט, עס האָט צו באַדייטען אַנעקסיעס, קאָלאָניעס, מיליטערישע איבערמאַכט.

פאַר דעם אייראָפּעאישען פּראָלעטאַריאַט אַלס קלאַס וועט דער זיעג אָדער די נידערלאַגע פון אירגענד וועלכער גרופּע, וואָס באַטייליגט זיך אין דער איצטיגער מלחמה זיין אַן אומגליק. די מלחמה אַן און פיר זיך, וואָס דער מיליטערישער אויסגאַנג זאָל ניט זיין, איז די גרעסטע נידערלאַגע פאַר דעם ארבייטער קלאַס פון אייראָפּאַ. דער איינציגער מעגליכער זיעג וואָלט זיין ווען דער פּראָלעטאַריאַט זאָל דורך אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט צווינגען די מעכטע אָפּצושטעלען די מלחמה און צו שליסען אַ שנעלען פרידען. נאָר אַזאַ זיעג וואָלט געקענט ווירקליך ראַטעווען בעלגיען און אויפשטעלען אַ דעמאָקראַטיע אין אייראָפּאַ.



אַזוי אַרום ווערט דער כאַראַקטער פון דער מלחמה אין די באַזונדערע לענדער תמיד באַצייכענט נאָר דורך דער היסטאָרישער סביבה פון געגענוואַרטיגען אימפּעריאַליזם, און די דאָזיגע סביבה מאַכט, אַז איצט זיינען נאַציאָנאַלע פאַרטיידיגונגס־מלחמות בכלל אונמעגליך...

אין דער איצטיגער מלחמה קאָן נישט דער קלאַסען־באַוואוסטזיניגער פּראָלעטאַריאַט אידענטיפיצירען זיין זאַך מיט וועלכען ס'איז פון די מיליטערישע לאַגערן. אָבער צי בעדייט דאָס, אַז די פּאָליטיק פון פּראָלעטאַריאַט פאַרלאַנגט פון איהם צו האַלטען זיך ביים סטאַטוס קוואָ? אַז אונזער איינציגער טעטיגקייטס־פּראָגראַם איז דער פאַרלאַנג, אַז אַלץ זאָל בלייבען אַזוי, ווי ס'איז געווען פאַר דער מלחמה? פאַרקעהרט, די עקזיסטירענדע לאַגע איז דאָך קיינמאָל נישט געווען אונזער אידעאַל, זי האָט ניט אָפּגעשפּיגעלט אויך די זעלבסט־באַשטימונג פון די פעלקער. נאָך מעהר: די פריהערדיגע לאַגע קאָן מען שוין ניט אָפּראַטעווען, ווייל זי עקזיסטירט שוין ניט, אפילו ווען עס זאָלען בלייבען אומפאַרענדערט די פריהערדיגע נאַציאָנאַלע גרענעצען פון די מלוכות. די מלחמה

האָט ארויסגערופען נאָך דער פאָרמאַלער ליקווידאַציע פון איהרע פאָלגען געוואַלדיגע ענדערונגען אין דעם צוזאמענשטעל און דער געגענזייטיגער אָפּשאַצונג פון די כחות. זי האָט אויך אומגעענדערט די פאַרבאַנדען און די סתירות, די מלחמה האָט אונטערגעגעבען א שאַרפער רעוויזיע די באַציהונגען פון די מלוכות צו אנדערע און פון די קלאַסען אין דער געזעלשאַפט, זי האָט אויך א סוף געמאַכט צו אזוי פיעל אַמאָליגע אילוזיעס און מאַכטען, האָט געשאַפען אזעלכע שטאַרקע נייע שטראָמען און אזעלכע נייע אויפגאַבען, אז דער צוריקקעהר צום איירָאָפּא פון פאַר'ן 4טען אויגוסט 1914 איז אזוי ניט מעגליך, ווי ס'איז ניט מעגליך דער צוריקקער צו די פאַר־רעוואָלוציאָנערע באַדינגונגען נאָך א רעוואָלוציע, ווען זי ווערט אפילו אונטערדריקט. די פּאָליטיק פון פּראָלעטאַריאַט ווייסט ניט פון קיין אָפּטרעטען אויף צוריק, זי קאָן נאָר געהן פאָרווערטס, ארויסלויפען פאַר דעם וואָס עקזיסטירט, ווי אויך פאַר דער נייער לאַגע. נאָר אין דעם זין קאָן די אייגענע פּאָליטיק פון פּראָלעטאַריאַט זיך אָקעגענשטעלען ביידע אימפּעריאַליסטישע לאַגערען פון דער וועלט־מלחמה.

אָבער די דאָזיגע פּאָליטיק קאָן נישט באַשטעהן דערין, אז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען (יעדע באַזונדער אָדער אַלע צוזאמען) זאָלען צוזאמענשטעלען אויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצען פּראָיעקטען און זאָלען זיך קלוגען איבער רעצעפּטען פאַר דער בורזשואַזער דיפּלאָמאַטיע, אויף וועלכען אופן זי דאַרף שליסען דעם שלום, וועלכער זאָל מעגליך מאַכען א ווייטעריגע פריעדליכע און דעמאָקראַטישע ענטוויקלונג. אַלע פאָדערונגען פון פולשטענדיגער אָדער טיילווייזער „ענטוואָפענונג“, מבטל מאַכען די געהיימע דיפּלאָמאַטיע, צוקלאַפּען די גרויסע מלוכות אויף קליינע נאַציאָנאַלע מלוכה־לעך — האָבען א פּשוט־אוטאָפּישען כאַראַקטער, כל־זמן די וועלט געפינט זיך אונטער דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל. צוליעב זיין הערשאַפט — באַזונדער ביים איצטיגען אימפּעריאַליסטישען קורס — קאָן דער קאַפּיטאַל זיך נישט אָפּזאָגען פון מיליטאַריזם, פון דער געהיימער דיפּלאָמאַטיע און צענטראַליסטישע פיעל־נאַציאָנאַלער מלוכה; דעריבער פיהרען אויך די באַטרעפענדע פּאָסטולאַטען, ווען זיי ווערען נאָר קאָנסעקווענט דורכגעפיהרט, אייגענט־

ליך צו איין פשוט'ער „פאָדערונג": באזייטיגען די קאַפּיטאַליס־טישע קלאַסען־מלוכה. די פּאָליטיק פון פּראָלעטאַריאַט קאָן בא־קומען פאַר זיך אויפסניי דאָס געהעריגע אָרט ניט מיט דער הילף פון אוטאָפּיסטישע עצות און פּלענער, אויף וועלכען אופן עס וואָלט זיך געלאָזט דורך טיילווייזע רעפאָרמען מילדערען, פערגלעטען און צופלאַטשען דעם אימפּעריאַליזם אין די ראַמען פון אַ בורזשואזער מלוכה.

דאָס אייגענטליכע פּראָבלעם, וועלכען די וועלט־מלחמה האָט אַנגעוואָרפען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, באַשטעהט אין דער פעהיגקייט פון די פּראָלעטאַרישע מאַסען צום קאַמף מיט'ן אימפּע־ריאַליזם; פון דער לעזונג פון דעם פּראָבלעם איז אָפּהענגיג דער וויטערדיגער גורל פון דער ארבייטער־באַוועגונג. דעם אינטערנאַ־ציאָנאַלען פּראָלעטאַריאַט פעהלען נישט קיין פּאָסטולאַטען, פּראָגראַ־מען און לאָזונגען, עס פעהלען איהם אָבער מעשים, ענטשידענער ווידערשטאַנד, פעהיגקייט צו אַטאַקירען דעם אימפּעריאַליזם אין ריכטיגען מאָמענט, גראַד בשעת דער מלחמה, און רעאַליזירען דעם אַלטען לאָזונג: „אַ מלחמה דער מלחמה!" אָט דאָס איז דער ראָדוס, אָט וואו מען דאַרף שפּרינגען, אָט דאָס איז דער ווענ־דונגס־פּונקט אין דער פּאָליטיק פון פּראָלעטאַריאַט און פון איהר וויטערדיגער צוקונפט.

דער אימפּעריאַליזם, צוזאַמען מיט זיין ברוטאַלער פּאָליטיק פון גוואַלד־טהאַט און מיט דער קייט פון כסדר'דיגע געזעלשאַפט־ליכע קאַטאַסטראָפען, וועלכע ער רופט אַרויס, בילדעט זיכער פאַר די הערשענדע קלאַסען פון דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער וועלט אַ היסטאָרישע נויטווענדיגקייט. דעריבער וואָלט אויך געווען פאַ־טאַל, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וואָלט פון איצטיגען קריעג אַרויס־געטראָגען די שוואַכסטע האָפנונג און מיינונג, אַז ס'איז מעגליך די וויטערדיגע אידילישע און פרידליכע ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַ־ליזם. אָבער פון דער היסטאָרישער נויטווענדיגקייט פון אימפּע־ריאַליזם קומט פאַר דער פּאָליטיק פון פּראָלעטאַריאַט נישט אַרויס די פאָלגע, אַז זי דאַרף קאַפּיטולירען פאַר'ן אימפּעריאַליזם, און פון איצט אָן וועגעטירען (לעבען אָהן מעשים) אין זיין שאָטען,

שפּייזענדיג זיך מיט די גוטוויליגע ברעקלעך פון זיינע נצחונות.

דער פּראָצעס פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג קומט פאַר אויפ'ן וועג פון סתירות, און יעדע נויטווענדיגקייט ברענגט מיט זיך אַ צווייטע, וועלכע בילדעט איהר קאָנטראַסט. די קלאַסען־הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע איז אָהן ספק אַ נויטווענדיגקייט, אָבער אַזאַ נויטווענדיגקייט איז אויך דער אויפשטאַנד פון די אַר־בייטער געגען איהם; דער קאַפּיטאַל בילדעט אַ געשיכטליכע נויטווענדיגקייט, אָבער אַזאַ נויטווענדיגקייט בילדעט אויך זיין באַ־גראָבער, דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריער; אַ היסטאָרישע נויטווענדיגקייט איז די אַלוועלטליכע מאַכט פון אימפּעריאַליזם, אָבער אויך אין אַזאַ מאָס אַ נויטווענדיגקייט איז דאָס אָראָפּוואַר־פען די דאָזיגע מאַכט דורך דעם פּראָלעטאַרישען אינטערנאַציאָ־נאַל. אויף יעדען שריט טרעטען אַרויס צוויי היסטאָרישע נויט־ווענדיגקייטען, וועלכע באַקעמפען זיך געגענזייטיג; און אונזער נויטווענדיגקייט טרעט אריין אין איהר רעכט מיט דעם מאָמענט, ווען איהר געגנערין, די קלאַסען־הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, הערט אויף צו זיין אַ טרעגערין פון היסטאָרישען פּראָגרעס און ווערט אַ געפעהרליכער טאָרמאָז פון דער וויטערדיגער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. אין דער באַציהונג צו דער קאַפּיטאַליסטי־שער הערשאַפט האָט דאָס טאַקע באַוויזען די איצטיגע וועלט־מלחמה.

דאָס שטרעבען פון דעם קאַפּיטאַליזם נאָך אימפּעריאַליסטישע אויסשפּרייטונג, אַלס דער אויסדרוק פון זיין פאָלקאָמענסטער רייפ־קייט פאַר זיין אונטערגאַנג, האָט די עקאָנאָמישע טענדענץ צו פאַר־וואַנדלען די גאַנצע וועלט אין קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דער קאַפּיטאַליזם זוכט אַרונטערצוּוואַרפען אַלע אַלטע פאָרקאַפּיטאַ־ליסטישע פּראָדוקציאָנס־מעטאָדען; ער זוכט צו אונטעריאָכען אַלע נאַטירליכע רייכטימער און אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען צום קאַפּי־טאַל, און צו פאַרוואַנדלען די אַרבייטער מאַסען פון אַלע פעלקער און די לייב־אייגענע פון'ם אינטערנאַציאָנאַלען קאַפּיטאַל. פון מערב ביז מזרח, פון וויטסטען דרום ביז'ן וויטסטען צפון האַלט דער קאַ־פּיטאַליזם אין איין אויסראָטען די איבערבלייבענישען פון די אַל־טע קאָמוניסטישע סאָציאַלע גרופּען, פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט,

פון דער פאטריארכאלישער אָרדנונג און פון דער אַלטער האנטארבייט פראָדוקציע. גאנצע פעלקער ווערען פארניכטעט, אלטע ציוויליזאציעס ווערען נידערגעשלאָגען און זייער פלאץ פארנעמט דאָס היינטיגע סיסטעם פון פראָפיט מאכעריי. אָט דער גרויזאמער זיעגמארש פון דעם קאפיטאליזם, באגלייט פון אלע מיטלען פון אויבערמאכט, רויבעריי און נידערטרעכטיגקייט האָט איין ליכטיגען פונקט. ער האָט געשאפען דעם גרונד פאר זיין אייגענער נידערלאגע, ער האָט געשאפען דאָס קאפיטאליסטישע סיסטעם, דאָס איינציגע נאָך וועלכען עס מוז פאָלגען די אלוועלטליכע סאָציאליסטישע רעוואָלוציע. דאָס איז דער איינציגער קולטורעלער און פראָגרעסיווער ווערט פון די אזוי גערופענע גרויסע קולטור־ווערק וואָס זייען ארייגעבראכט געוואָרען אין די פרימיטיווע לענדער.

פאר די קאפיטאליסטישע עקאָנאָמיסטען און פאָליטיקאנען זיינען אזוינע זאכען ווי אייזענבאהנען, שוועבעלאָך, קאנאליזאציע און דאָס גלייכען אמת׳ע קולטור און פראָגרעס. ווען מען נעמט אָבער די אלע צווייגען פון מאָדערנער ענטוויקלונג און מען פלאנצט זיי אריבער אויף דעם באָדען פון פרימיטיווע באדינגונגען באדייטען זיי ניט קיין קולטור און ניט קיין פראָגרעס. די פעלקער וואָס דארפען אין איינער און דערזעלבער צייט טרינקען פון דעם ביטערען בעכער פון ליידען און שרעק פאר צוויי פארשיידענע געזעלשאפטליכע אָרדנונגען, איינע וואָס ווערט אויפגעהאלטען פון די טראדיציאָנעלע לאנד־אייגענטימערס, און די אנדערע פון די העכסט מאָדערנע ראפינירטע קאפיטאליסטישע עקספלואטאטאָרס, דארפען צו טייער באצאָהלען פאר אזא קולטור און פראָגרעס. זיי ווערען שנעל רואינירט סיי עקאָנאָמיש, סיי קולטורעל. אין היסטאָרישען זין קאָן דער קאפיטאליסטישער זיעגעס־מארש איבער דער וועלט ווערען באצייכענט אלס פראָגרעס נאָר אויף אזוי ווייט, אויף וויפיעל ער גרייט צו די מאטעריעלע באדינגונגען פאר דער פארניכטונג פון דעם קאפיטאליזם און דער אָפשאפונג פון דער קלאסענגעזעלשאפט. אין דעם זין ווירקט אויך דער אימפעריאליזם צו אונזער גונסטען.

דאָס בלוט וואָס איז פארגאָסען געוואָרען אין דער יוני שלאכט האָט נידערגעשלאָגען די פראנצויזישע ארבייטער באוועגונג אויף

אַנדערטהאַלבען צעהנדליג יאָהר. די בלוט פאַרגיסונג פון דעם קאָמונע־פּאָגראָם האָט זי ווידער אַ שטויס געטאָן צוריק אויף מעהר ווי צעהן יאָהר. אַצינד האָבען מיר פאַר זיך אַ פּאָגראָם וואָס די וועלט האָט נאָך קיין מאָל אַזאַ ניט געזעהן. דער דאָזיגער פּאָגראָם פאַרקלענערט די אַרבייטער באַפעלקערונג אין אַלע לענדער. עס בלייבען נאָר די פרויען, די אַלטע לייט און די פאַרקריפּעלטע... דאָס איז אַ בלוט פאַרגיסונג וואָס דראָהעט צו מאַכען בלוטלאָז די אייראָפּעאישע אַרבייטער באַוועגונג.

נאָך אַזאַ מלחמה און די האָפנונג פון דעם סאָציאַליזם וועט באַגראָבען ווערען אונטער די חורבות פון דער אימפּעריאַליסטישער גרויזאַמקייט. דאָס מיינט מעהר ווי די אכזריות'דיגע פאַרניכטונג פון ליעזש און די קאַטהעדראַלע פון ריימס. דאָס איז אַ קלאַפּ ניט דער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציע פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר דער סאָציאַליסטישער ציוויליזאַציע פון דער צוקונפט; אַ טויט־קלאַפּ פאַר דער קראַפט וואָס טראָגט אין זיך די צוקונפט פון דער מענשהייט, די איינציגע קראַפט וואָס איז בכוח צו ראַטעווען די קאָסטבאַרע אוצרות פון דער פאַרגאַנגענהייט און זיי אַריבער־טראָגען אין אַ בעסערער געזעלשאַפטס אָרדנונג. דאָ ווייזט דער קאַפּיטאַליזם אַרויס סמנים פון טויט, עס צייגט זיך אַרויס אַז ער האָט מקריב געוועזען זיין היסטאָרישע עקזיסטענץ באַרעכטיגונג, אַז זיין הערשאַפט איז מעהר ניט פאַראייגבאַר מיט דעם צושטאַנד פון דער וועלט.

אָבער דאָ איז אויך דער באַווייז אַז די מלחמה איז ניט נאָר מאָרד נאָר אויך זעלבסטמאָרד פאַר דעם אייראָפּעאישען אַרבייטער קלאַס. די סאָלדאַטען פון דעם סאָציאַליזם, די אַרבייטער פון ענג־לאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, איטאַליע און בעלגיע מאָרדען איי־נער דעם צווייטען, פאָלגענדיג דעם באַפעהל פון דעם קאַפּיטאַליזם. זיי שטעכען איינער דעם צווייטען אַריין דאָס קאַלטע פאַרניכטענדע אייזען אין דער ברוסט; זיי וואַקלען זיך איבער זייערע אייגענע קברים, שטיקענדיג איינער דעם צווייטען צום טויט.

„דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס", „עס לעבע די דעמאָ־קראַטיע", „עס לעבע דער צאַר און די שקלאַפעריי", „צעהן טויזענד

לייוועגנטענע פּאַלאַטסעס, גאַראַנטירט לויט די קאָנטראַקטען", „הונ־דערט טויזענד פונט חזיר פּעט", „אַ סובסטיטוט פאַר קאַפע, קען באַלד צוגעשטעלט ווערען"... דיווידענדען וואַקסען — אַרבייטער פאַלען; און מיט יעדען איינעם געהט אַראַפּ אין קבר אַ קעמפער פאַר דער צוקונפט, אַ סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע, אַ באַפרייער פון דער מענשהייט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען יאָך.

דער שנעון וועט זיך ניט אָפּשטעלען, דער בלוטיגער גיהנם־קאַשמאַר וועט ניט אויפהערען ביז די אַרבייטער פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך, רוסלאַנד און ענגלאַנד וועלען ניט ערוואַכען פון זייער שכור'ן שלאַף; ביז זיי וועלען איינער דעם צווייטען ניט גרייכען אַ ברודער האַנט און וועלען דערטרונקען דעם בעסטיאַלישען כאָר פון מלחמה אגיטאַטאָרען און דאָס הייזעריגע קול פון די קאַפּיטליסטי־שע ווילדע חיות אין דעם מעכטיגען רוף פון אַרבייט, „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניגט אייך!"

## דריטער טייל

# די דייטשע רעוואָלוציע

(די פּראָגראַם־רעדע אויף דעם גרינדונגס־צוזאַמענפאָהר פון דער „ספּאַרטאַקוס“־פּאַרטיי און אויסגעוועהלטע פּאָליטישע אַרטיקלען)

עמיצער האָט געזאָגט: ליעבקנעכט — דאָס האַרץ פון דער רעוואָלוציע, לוקסעמבורג — דער קאָפּ פון דער רעוואָלוציע. דאָס איז ניט קיין גוזמא אָדער רעדנערישע פראַזע. ראָזאַ לוקסעמבורג איז אָהן ספק געווען דער קאָפּ פון דער רעוואָלוציע אויף וויפיעל די רעוואָלוציע איז געווען און געשטרעבט צו זיין אַ ס אָ צ י אַ ל ע רעוואָלוציע. די פּאָר לייט־אַרטיקלען פון ראָזאַ לוקסעמבורג׳ס פען און די פּאָר חדשים רעוואָלוציע, און ניט מעהר, וואָס איז איהר באַשערט געווען דורכצומאַכען, באַווייזען דעם ריזיגען פלאַמענדען גייסט, וואָס די דער׳הרג׳עטע פיהרערין פון די דויטשע אַרבייטער האָט געהאַלטען אין באַזיץ פון איהר געניאַלען קאָפּ. און די רעדע פאַר דעם גרינדונגס־צוזאַמענפאָהר פון דעם „ספּאַרטאַקוס“־בונד איז דער גאַנצער באַוויז, ווי גוט די רעאַקציע האָט געוואוסט, וואָס זי טוט, ווען זי האָט ראָזאַ לוקסעמבורג אָפּגעראַמט פון וועג. זאָל דאַ פאַרצייכענט ווערען אַ קליינע אייגנצעלהייט, אַ קליינע אָבער אַ באַדייטונגספולע.

אויף דעם דאָזיגען צוזאַמענפאָהר, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען ערב די וואַהלען צו דער דייטשער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, האָט ראָזאַ לוקסעמבורג פאַרטיידיגט דעם פאָרשלאַג, אַז די אַרבייטער זאָלען אַנטייל נעמען אין די וואַהלען. קאַרל ליעבקנעכט האָט פאַרטיידיגט די זעלביגע שטעלונג. אָבער דער צוזאַמענפאָהר האָט כמעט איינשטימיג פאַרוואָרפען דעם פאָרשלאַג. דאָס איז דעמאָלט געווען אין דעם סאַמע שפּיץ פון דעם אויפשוואונג פון דער דייטשער רעוואָלוציע. די האַנדלונג אין פּרט פון צוטרייבען די אַל־רוסישע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג (אוטשרעדיטעלנאַיע סאָבראַניע) איז נאָך פריש געווען אין זכרון, עס איז דאָך אַזוי לייכט נאָכצופאָלגען ביישפּיעלען. די אַרבייטער האָבען ניט גענומען ראָזאַ לוקסעמבורג׳ס (און קאַרל ליעבקנעכט׳ס) עצה. ערשט מיט צוויי יאָהר שפּעטער האָט די דייטשע קאָמוניסטישע פּאַרטיי (ספּאַרטאַקאַנער) באַשלאָסען צו פאַררופען דעם אַלטען פעהלער און אַנטייל צו נעמען אין די וואַהלען צום דייטשען פאַרלאַמענט (רייכסטאַג).

די עטליכע פאָלגענדיגע אַרטיקלען ווייזען העל און קלאָהר די פּאָליטישע פּערזענליכקייט פון ראָזאַ לוקסעמבורג.

י. ב. ס.

# אויפרוף צום אַלוועלטליכען פּראָלעטאַריאַט

פּראָלעטאַריער! מענער און פרויען ארבייטער! גענאָסען!

די רעוואָלוציע איז אויף דעם דייטשען באָדען, די סאָלדאַטען־מאַסען, וואָס מ׳האָט פיער יאָהר געטריבען אויף די שלאַכטפעלדער זיינען פיער יאָהר אויסגעשלאַכטעט געוואָרען צוליב די קאַפּיטאַליסטישע פּראָפיטען, און די ארבייטער־מאַסען, וואָס זיינען פיער יאָהר עקספּלואַטירט, געדריקט און פאַרהונגערט, האָבען רעוואָלטירט. דער שרעקליכער אינסטרומענט פון אונטערדריקונג — דער פּרייסישער מיליטאַריזם, די בייטש פון דער מענשהייט — ליעגט אַ צובראָכענער. די שולדיגע פון דער ראָזיגער מלחמה, דער קאַיזער און דער קרוינפּרינץ זיינען אַנטלאָפען פון לאַנד. סאָוויעטען פון ארבייטער און סאָלדאַטען זיינען איבעראַל געגרינדעט געוואָרען.

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, מיר באַהויפּטען ניט, אַז אין דייטשלאַנד האָט שוין דער ארבייטער קלאַס די גאַנצע מאַכט, אַז די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט שוין פאָלשטענדיג געזיעגט. אין דער רעגיערונג זיצען נאָך די אַלע סאָציאַליסטען, וואָס האָבען אין אויגוסט 1914 פאַרלאָזען אונזער טייערסטען באַזיץ, דעם אינטערנאַציאָנאַל; וואָס האָבען פיער יאָהר פאַרראַטען דעם דייטשען ארבייטער קלאַס און גלייכצייטיג דעם אינטערנאַציאָנאַל.

אָבער, פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, איצט רעדט צו אייך דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט אַליין. מיר גלויבען, מיר האָבען דאָס רעכט צו אַפּעלירען צו אייך אין זיין נאָמען. פון דעם ערשטען טאָג אָן זינט די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען האָבען מיר זיך אָנגעשטרענגט צו טאָן אונזער אינטערנאַציאָנאַלע פליכט און מיר האָבען באַקעמפט די פאַרברעכערישע רעגיערונג מיט אַלע אונזערע

קרעפטען און געשטעמפעלט זי אַלס די איינציגע וואָס איז געווען ווירקליך שולדיג אין דער דאָזיגער מלחמה.

איצט, אין דעם מאָמענט, זיינען מיר גערעכטפערטיגט פאַר דער געשיכטע, פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל, פאַר דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט. די מאַסען זיינען ענטוזיאַסטיש מסכים מיט אונז, אַלע ברייטערע שיכטען פון פּראָלעטאַריאַט באַגרייפען, אַז עס האָט שוין געשלאָגען די שעה פון דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט.

אָבער דיזע גרויסע פראַגע קאָן ניט דורכגעפיהרט ווערען בלויז מיט די קרעפטען פון דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט אליין. דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט קאָן קעמפפען און זיעגען, אפּעלירענ־דיג צו דער סאָלידאַריטעט פון דעם אַלוועלטליכען פּראָלעטאַריאַט.

חברים פון אַלע קריעגספיהרענדע לענדער, מיר ווייסען גאַנץ גוט אייער לאַגע. מיר ווייסען גאַנץ גוט, אַז אייערע רעגירונגען זיינען די זיעגער אין דער מלחמה, זוכען צו פאַרבלענדען די אויגען פון פאָלק מיט דעם אויסערליכען גלאַנץ פון נצחון. מיר ווייסען, אַז אַ דאַנק דעם ערפאָלג פון מערדעריי געלינגט זיי צו מאַכען פאַרגעסען די ציעלען פון דער מערדעריי.

מיר ווייסען אָבער אויך עפּעס וואָס אַנדערש. מיר ווייסען, אַז אויך אין אייערע לענדער האָט דער פּראָלעטאַריאַט געבראַכט די גרעסטע קרבנות, אַז די פּראָלעטאַריער אין אַלע לענדער זיינען מיעד פון דעם מורא'דיגען מענשען־מאָרד, אַז די פּראָלעטאַריער וואָס קערען זיך אום צוריק פון דער מלחמה געפינען אין זייערע אָרימע היימען נויט און דחקות, בעת עטליכע קאַפּיטאַליסטען האָ־בען פונ'ם בלוט פון די מאַסען אויפגעבויט ריזיגע פאַרמעגענס.

דער אימפּעריאַליזם פון אַלע לענדער ווייס ניט פון קיין „פאַר־שטענדיגונג", ער ווייס נאָר פון איין רעכט — קאַפּיטאַליסטישע פּראָפּיטען; ער ווייס נאָר פון איין שפּראַך — די שפּראַך פון געווער; ער ווייס נאָר איין מעטאָדע — גוואַלט־טאַט. איצט רעדט ער אין אַלע לענדער, אין אייערע אַזוי גוט ווי ביי אונז, וועגען „אַ ליעג פון נאַציאָנען", וועגען „רעכט פון קליינע נאַציאָנען", וועגען „זעלבסטבאַשטימונג". ער געברויכט בלויז די געוועהנליכע ליגנערישע פראַזען פון די הערשער, אום איינצושלעפערען די וואַכ־זאַמקייט פון די פּראָלעטאַריער.

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער! די איצטיגע מלחמה מוז זיין די לעצטע! דאָס מוזן מיר אויספיהרען אַלס פליכט צו די 12 מיליאָן אויסגעשאָכטענע קרבנות, צו אונזערע קינדער, צו דער מענשהייט.

איירָאָפּע איז רואינירט געוואָרען דורך דיזער מערדערליכער מלחמה. 12 מיליאָן הרוגים באַדעקען די אימה'דיגע סצענעס פון די אימפּעריאַליסטישע מערדערייען. די בליהענדע פון דער יוגענד, די בעסטע מאַנשאַפט איז פאַרצעהרט. די פּראָדוקטיווע כחות פון דער מענשהייט זיינען פאַרשוועגדט. די מענשהייט איז פאַרבלוטיגט במעט צום טויט פון אַזאַ אומגעהערטען בלוט־פאַרלוסט. זיעגער און באַזיעגטע שטעהען אויפ'ן ראַנד פון אָפּגרונט. די מענשהייט איז אין געפאַהר פון דעם שרעקליכסטען הונגער, פון אַ שטילשטאַנד פון דעם גאַנצען פּראָדוקציאָנס מעכאַניזם, פון מגפות, פון דעגענעראַציע.

די גרויסע פאַרברעכער זיינען די הערשענדע קלאַסען, זיי אַליין זיינען ניט אימשטאַנד צו קאָנטראָלירען דאָס, וואָס זיי האָבען אַליין באַשאַפען. די בעסטיע פון קאַפּיטאַל, וואָס האָט אָנגעצונדען דעם העלישען וועלט־בראַנד, איז ניט בכח איהם איינצולעשען,, איינצושטעלען אָרדנונג, צו פאַרזיכערען ברויט און אַרבייט, פרידען און ציוויליזאַציע, גערעכטיגקייט און פרייהייט פאַר דער געפּייניגטער מענשהייט.

דאָס וואָס די הערשנדע קלאַסען טוען איצט וועגען שלום און גערעכטיגקייט איז דאָס נאָר אַ פאָרבערייטונג פאַר ברוטאַלער מאַכט פון וועלכער עס שטעקט שוין ארויס איהר קאָפּ די טויזענטקעפּיגע שלאַנג פון אונטערדריקונג, פון האַס און פון נייע בלוטיגע מלחמות.

נאָר סאָציאַליזם קאָן אויפטאָן די גרויסע אַרבייט פאַר אייביגען פרידען, היילען די טויזענטער וואונדען פון וועלכע די מענשהייט בלוטיגט, צו איבערבויען אַלעס, וואָס איז רואינירט און צוטראַמפּעלט געוואָרען — פעלדער, וועלדער, גערטנער, בנינים — און אָרגאַניזירען אַלע פּראָדוקטיווע קרעפטען, ארויסרופען די מאָראַלע ענערגיע ביי דער מענשהייט, איינשטעלען סאָלידאַריטעט אַנשטאַט האַס, האַרמאָניע און רעספּעקט צו יעדען מענשען.

דערפאַר וועגדען מיר זיך צו אייך, דערפאַר רופען מיר צו אייך: ערוואַכט צום קאַמף! ערוואַכט צו טעטיגקייט! די צייט פון פוסטע מאַניפעסטאַציעס, פּלאַטאָנישע רעזאָלוציעס און שעהן־קלינגענדע פראַזען — איז אריבער! די צייט פאַר טעטיגקייט איז געקומען. זאָל דער אינטערנאַציאָנאַל ווערען טעטיג! מיר בעטען אייך אויסצוזוועהלען סאָוויעטען פון ארבייטער און סאָלדאַטען איבעראַל. זיי זאָלען פאַרכאַפּען די פּאָליטישע מאַכט און צוזאַמען וועלען מיר באַפעסטיגען דעם פריעדען.

נים לאָיד־דזשאָרדזש און פּואַנקאַרע, ניט סאָנינאָ, ווילסאָן און ערצבערגער אָדער שיידעמאַן קאָנען אויפריכטיג מאַכען שלום. שלום דאַרף געמאַכט ווערען אונטער דער פלאַטערענדער פאָהן פון דער סאָציאַליסטישער וועלט־רעוואָלוציע.

ראָזא לוקסעמבורג,
קלאַרא צעטקין,
קאַרל ליעבקנעכט,
פראַנץ מעהרינג.

# ווי איך פאַרשטעה דעם סאָציאַליזם

די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, וואָס קומט איצט פאָר, קאָן נים האָבען קיין אַנדער ציעל און קיין אַנדער רעזולטאַט, ווי נאָר ברענגען דעם סאָציאַליזם. פאַר אָט דעם צוועק מוז דער ארבייטער קלאַס קאָנצענטרירען יעדע פּאָליטישע מאַכט אין זיינע הענט. פאַר אונז, סאָציאַליסטען, איז פּאָליטישע מאַכט נאָר אַ מיטעל צום ציעל. דער ציעל, פאַר וועלכען מיר ווילען זיך באַנוצען מיט אָט דער מאַכט, איז ראַדיקאַל צו ענדערען דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע סיסטעם.

היינט געהערט דאָס גאַנצע רייכטום פון לאַנד, די גרעסטע און בעסטע טיילען פון לאַנד, די מינען און ווערקשטאַטען און פאַבריקען, צו אַ קליינער צאָהל יונקערס און פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטען. די גרויסע מאַסע ארבייטער באַקומט פון די יונקערס און

קאַפּיטאַליסטען אַ הונגער לוין פאַר זייער שווערע ארביים. דער ציעל פון דער איצטיגער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע איז צו בע־רייכערן אַ קליינע צאָהל לעדיג־געהער.

אָט דער צושטאַנד מוז אָפּגעשאַפט ווערען. דאָס גאַנצע רייכ־טום פון דער געזעלשאַפט, דאָס לאַנד און די ערד, מיט אַלע אוצרות, וואָס ליגען באַהאַלטען אין איהר אָדער אויף איהר אויבערפלאַך, אַלע פאַבריקען און ווערקשטאַטען, מוזען ארויסגענומען ווערען פון די הענט פון די עקספּלואַטאַטאָרען און גע־מאַכט ווערען פאַר דאָס געמיינשאַפטליכע אייגענטום פון פאָלק. די ערשטע פליכט פון אַן אמת'ער ארבייטער רעגיערונג איז צו נאַציאָנאַליזירען די וויכטיגסטע פּראָדוקציאָנס מיטלען דורך אַ רייהע דעקרעטען און צו שטעלען זיי דירעקט אונטער אַן עפענט־ליכע קאָנטראָל. דאָס איז דער ערשטער אמת'ער שריט און דער שווערסטער אין דער איבערבויאונג פון אונזער פּראָדוקציאָנס סיס־טעם אויף אַ נייעם באַזיס.

איצט ווערט די פּראָדוקציאָן אין יעדער באַזונדער פאַבריק קאָנטראָלירט פון די פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטען נאָך זייער פאַר־שטאַנד. די אייגענטימער באַשטימען, וואָס זאָל פּראָדוצירט ווע־רען, ווי אַזוי, וואו, ווען, און ווי אַזוי די פאַבריקאַטען זאָלען פאַר־קויפט ווערען. די ארבייטער קאָנען אין די אַלע זאַכען גאָרניט זאָגען. זיי זיינען נאָר לעבעדיגע מאַשינען אויסצופיהרען ספּע־ציעלע פּראָצעסען.

אונטער אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציע וועט דאָס אַלץ מוזען געענדערט ווערען. דער פּריוואַט אייגענ־טימער פאַרשווינדט. דער ציעל פון פּראָדוקציאָן איז ניט מעהר צו בערייכערן איינצעלנע, נאָר צופרידענצושטעלען די בעדערפ־נישען פון דער געמיינדע, פאַר אָט דעם ציעל מוזען רעאָרגאַני־זירט ווערען די פאַבריקען, ווערקשטאַטען און פאַרמס אין איינ־קלאַנג מיט דעם נייעם שטאַנדפּונקט.

ערשטענס, אויב דער ציעל פון פּראָדוקציאָן איז צו פאַרזי־כערען אַן אַנשטענדיגע לעבען פאַר יעדען, באַזאָרגען יעדען מיט גענוג שפּייז, קליידונג און באַפרידיגען די העכערע שטרעבונגען אויף, דאַן מוז די פּראָדוקטיוויטעט פון ארבייט בעדייטענד פאַר־

גרעסערט ווערען. די פעלדער מוזען ברענגען א סך תבואות, די פאבריקען מוזען אָננעמען די בעסטע פראָצעסען און מאַשינען. אונזערע מינען פון קויהלען און מעטאַלען מוזען ענטוויקעלט ווערען צו ברענגען די גרעסטע רעזולטאטען. דעריבער מוז די סאָציאַליזירונג ארומכאפּען צוערשט אונזערע גרעסטע אינדוסטריעלע און אגריקולטורעלע אונטערנעמונגען. מיר דארפען ניט און ווילען ניט אָפּנעמען דאָס אייגענטום פון קליינעם פארמער און קליינעם בעל מלאכה, וואָס ווענדען אָן זייער פרייע ארבייטס קראפט אויף א שטיקעל ערד אָדער אין א ווערקשטאט. מיט דער צייט וועלען זיי פרייוויליג צושטעהן צו אונז, ווען זיי וועלען איינזעהען דעם פאָרצוג פון סאָציאַליזם איבער פריוואט אייגענטום.

צווייטענס, אויב אַלע מיטגליעדער פון דער געזעלשאפט דארפען לעבען אָן אַנשטענדיג לעבען, מוז יעדער ארבייטען. נאָר די וואָס טוען א נוצליכע ארבייט פאר דער גאַנצער געזעלשאפט, צי איינפאכע, צי קוואַליפיצירטע, צי אינטעלעקטועלע ארבייט, האָבען א רעכט צו פאָדערען, אז די געזעלשאפט זאָל באפרידיגען אַלע זייערע פערזענליכע בעדערפענישען. א לעדיג לעבען, ווי די רייכע עקספּלואַטאטאָרען פיהרען איצט, וועט מעהר ניט ערלויבט ווערען. ארבייט וועט זיין געצוואונגענע פאר אַלע וואָס קאָנען ארבייטען, נאטירליך מיט דער אויסנאַם פון יונגע קינדער, אַלטע מענשען און אינוואַלידען. די געזעלשאפט מוז זאָרגען וועגען די, וואָס קאָנען ניט ארבייטען, אָבער דאָס טאָר ניט זיין די מיזעראבעלע צדקה, ווי איצט, נאָר א גענינגענדע פאַרזאָרגונג. די קינדער זאָלען ערצויגען ווערען אויף קהל׳שע קאָסטען, די אַלטע זאָלען האָבען א באקוועמע היים, און פאר די קראַנקע זאָלען זיין די בעסטע שפּיטאלען און מעדיצינישע הילף.

דריטענס, דער זעלבער ציעל, דאָס וואוילזיין פון דער גאַנצער געזעלשאפט, פאָדערט די מעגליכסט ווירקזאַמע באַנוצונג פון די פּראָדוקציאָנס מיטלען און ארבייט און די גרעסטע עקאָנאָמיע אין זייער געברויך. די איצטיגע פערשווענדערישע בענוצונג פון ביידע זאַכען מוז אויפהערען. נאטירליך, וועט יעדע קריעגס־פּראָדוקציאָן אויפהערען; ווייל א סאָציאַליסטישע געזעלשאפט דארף ניט האָבען קיין געצייג צו הרג׳ענען מענשען. אַנשטאט דעם וועלען די

קאָסטבארע מאַטעריאַלען און ארבייט, וואָס ווערען איצט פאַרברויכט אין מאכען געוועהר און אמוניציאָן און קריעגס שיפען און באַזאָרגען זיי מיט שפייז און מעדיקאַמענטען, פערברויכט ווערען אויף ניצליכע זאכען. אויך וועלען די לוקסעס אינדוסטריען פאַרשווינדען, פונקט ווי די אינדוסטריען וואָס האָבען צו טאָן מיט מאָדע און עקסטראַוואַגאַנטע געשמאַקען פון די רייכע. פערזענליכע דיענסט וועט ווערען א זאַך פון דער פערגאַנגענהייט; יעדע ארבייט וואָס ווערט דאָ פאַרברויכט, וועט געפינען א ניצליכערע און בעסערע אָנווענדונג.

ווען מיר וועלען באַשאַפען א פאָלק פון דעם ארבייטער, וואו יעדער וועט ארבייטען נאָר פאַר דעם וואוילזיין פון אַלעמען, וועט די ארבייט אַליין ענדערען איהר גייסט און נאַטור. היינט איז פאַר דעם פּראָלעטאַריער די ארבייט אויפ׳ן פעלד און אין פאַבריק, אין ווערקשטאַט און אין קאַנטאָר מעהרסטענטיילס א לאַסט און ניט אינטערעסאַנט. מענשען געהען ארבייטען וויל זיי מוזען, וויל אַנדערש וועלען זיי ניט האָבען וואָס צו עסען. אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וואו אַלע ארבייטען פאַר דעם געמיינשאַפטליכען וואוילזיין, איז נאַטירליך אַז די ארבייטס באַדינגונגען זאָלען באַשיצען דאָס געזונט און זאָלען צוגעבען חשק צו ארבייטען אין דעם העכסטען גראַד. די ארבייטס שטונדען וועלען זיין גענוג קורץ, אַז דער ארבייטער זאָל ניט דאַרפען ארבייטען איבער זיינע כחות. דער אָרט, וואו די ארבייט וועט געטאָן ווערען, וועט זיין אָנציהענד און געזונט. יעדער מעגליכער שריט וועט גענומען ווערען צו בייטען די ארבייטען און געבען די ארבייטער א מעגליכקייט צו רוהען. און אויף אַזאַ אופן וועט יעדער טאָן זיין טייל ארבייט מיט צופרידענהייט און פערגניגען.

אָבער אַזעלכע גרויסע רעפאָרמען פאָדערען ערשט־קלאַסיגע פיהרער. היינט שטעהט דער קאַפּיטאַליסט מיט זיין קנוט הינטער דעם ארבייטער, אַליין אָדער דורך זיינע פאַרטרעטער, די פאָרלייט אָדער פאַרוואַלטער. הונגער טרייבט דעם פּראָלעטאַריער אין פאַבריק אָדער צום גרויסען פעלד, אין ווערקשטאַט אָדער אין קאַנטאָר. דער אייגענטימער זעהט, אַז זיינע ארבייטער זאָלען ניט פאַר־

שוועגדען זייער צייט; אַז מאַטעריאַלען זאָלען ניט ווערען מיס־ברויכט; אַז גוטע און עהרליכע ארבייט זאָל געטאָן ווערען.

אין דער געזעלשאַפט, וואָס איז אָרגאַניזירט אויף אַ סאָציאַליסטישען יסוד, וועט דער אייגענטימער מיט זיין קנוט פארשווינדען. די ארבייטער זיינען פרייע און גלייכע מענשען, וואָס אַרבייטען פאַר זייערע אייגענע נוצען, פאַר זייער אייגענע טובה. דאָס מיינט, אַז זיי מוזען פרייוויליג, פלייסיג ארבייטען, ניט פאַרשווענדען קיין מאַטעריאַלען, וואָס איז קהל'שע אייגענטום, און אויספיהרען זייערע אויפגאַבען אויף דעם בעסטען אופן. יעדע סאָציאַליסטישע אונטערנעמונג מוז נאַטירליך האָבען איהרע טעכנישע פיהרער, וואָס פארשטעהן די ארבייט, וואָס דאַרף געטאָן ווערען, און וואָס גיבען די נויטיגע עצות און אָנווייזונגען, אַז די מאַשין זאָל ארבייטען גלאַט, די ארבייט זאָל זיין גוט פארטיילט, און די פּראָדוקציאָן זאָל זיין וואָס גרעסער. דאָס מיינט, אַז די ארבייטער מוזען פרייוויליג און געהאָרכזאַם און עהרליך אויספיהרען די אָנווייזונגען, וואָס ווערען זיי געמאַכט. זיי מוזען אָנהאַלטען די דיסציפּלין און די גוטע אָרדנונג. זיי טאָרען ניט דערלאָזען קיין רייבונגען און צומישונג.

מיט איין וואָרט, דער ארבייטער אין אַ סאָציאַליסטישען שטאַאַט מוז באווייזען, אַז ער קאָן ארבייטען פלייסיג און רעגעלמעסיג, ניט ווערענדיג אָנגעטריבען פון הונגער און ניט האָבענדיג איבער זיך דעם קאַפּיטאַליסט אָדער זיין אויפזעהער. ער מוז אַליין אָנהאַלטען די דיסציפּלין און טאָן זיין בעסטעס. דאָס אַלץ פאָדערט זעלבסט־קאָנטראָל, אינטעלעקטועלע רייפקייט, מאָראַל ערנסטקייט. דאָס פאָדערט אַ געפיהל פון זעלבסט אכטונג און פעראַנטוואָרטליכקייט. דאָס באַדייט אַ אינערליכע ווידערבאַלעבונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

סאָציאַליזם וועט קיינמאָל ניט זיין ערפאָלגרייך אין אַ פאָלק פון פוילע, לייכטזיניגע, עגאָאיסטישע, ניט דענקענדע און גלייכגילטיגע מענשען. אַ סאָציאַליסטישע געמיינדע מוז האָבען מיטגלידער, וואָס וועלען ערפילען זייער פליכט מיט ענטוזיאַזם און איבערגעבענהייט פאַר דעם געמיינשאַפטליכען וואוילזיין, מיטגלידער, וואָס זיינען אָנגעפילט מיט דיענסטווילינגקייט און ליעבע צו

זייערע מיטמענשען, וואָס האָבען מוט און אויסדויער און זיינען גרייט פאַר די שווערסטע אויפגאַבען.

מיר דאַרפען אָבער ניט פאַרלירען עטליכע יאָהר־הונדערטער אָדער צעהנדליגער יאָהרען ביז אַ נייע מענשליכע ראַסע וועט גע־באָרען ווערען. דער פּראָלעטאַריאַט באַקומט דעם נויטיגען אידע־אַליזם און אינטעלעקטועלע רייפקייט אין דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף. מוט און אויסדויער, אַ קלאָרער פאַרשטאַנד און זעלבסט אָפּפערונג זיינען די אייגענשאַפטען, וואָס די רעוואָלוציע אליין קול־טיווירט. ווען מיר מאַכען גוטע רעוואָלוציאָנערען, מאַכען מיר סאָציאַליסטישע אַרבייטער פון דער צוקונפט, אויף וועלכע עס וועט אויפגעשטעלט ווערען דער פונדאַמענט פון אַ נייער אָרדנונג.

אונזערע יונגע אַרבייטער ווערען פריהער פון אַלץ אויפגעפאָ־דערט אויפצונעמען די גרויסע אויפגאַבע. זייער דור וועט זיכער לייגען דעם אמת'ן פונדאַמענט פון אַ סאָציאַליסטישען שטאַאַט, עס איז זייער פליכט צו ווייזען, אַז זיי זיינען פּאַסיג צו נעמען אויף זיך די גרויסע פעראַנטוואָרטליכקייט פון די פּיאָנערען פון דער מענשליכער צוקונפט. די גאַנצע אַלטע וועלט מוז אומגע־וואָרפען ווערען, און אַ גאַנץ נייע וועלט מוז אויפגעשטעלט ווערען, אָבער מיר טוען דאָס, ווי עס שטעהט אין דעם ליעד:

„די איינציגע זאַך וואָס מיר דאַרפען האָבען, מיין פרוי, מיין קינד, צו זיין אזוי פריי ווי די פויגלען, איז צ י י ט ”.

# אָה! ווי דייטשיש די רעוואָלוציע איז

(ערשינען אין דער בערלינער „רויטע פאָן”, דאָס אָרגאַן פון די ספּאַרטאַקער, דעם 18טען נאָוו. 1918).

מיר בעטען ניט קיין „אַמנעסטיע” און ניט קיין באַגנאַדי־גונג פאַר די פּאָליטישע קרבנות פון דעם אַלטען רעזשים. מיר פ אָ ד ע ר ע ן דאָס רעכט אויף פרייהייט, קאַמף און רעוואָלוציע פאַר די הונדערטער אויפריכטיגע און איבערגעבענע מענער און פרויען, וואָס פּלאָגען זיך אין די געפענגעניסען, ווייל זיי האָבען געוואַגט צו קעמפען פאַר פרייהייט, פרידען און סאָציאַליזם. זיי

האָבען דאָס געוואגט צו טאָן אונטער דער הערשאַפט פון דער אימ־פעריאַליסטישער שווערד, און הגם די הערשאַפט פון די פאַרברע־כערישע אימפעריאַליסטען קומט שוין צו ענדע, זיינען זיי נאָך דערוויל אַלע פריי. מיר שטעהען ווידער שולטער צו שולטער, גרייט צום קאַמף פאַר אונזער זאַך. באַפרייט האָבען אונז ניט די שיידעמאַן סאָציאַליסטען מיט זייערע בורזשואזע שותפים און פּרינץ מאַקס בראש. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט פאַ־נאַנדערגעעפענט די טירען פון אונזערע תפיסות.

אין יענע אומעדיגע געביידעס איז אָבער פאַראַן אַן אַנדער קאַטעגאָריע אומגליקליכע איינוואוינער, וועמען מען האָט אין גאַנצען פאַרגעסען. קיינער קימערט זיך ניט וועגען די טויזענדער בלאַסע, אויסגעמאַטערטע געשטאַלטען פון די, וואָס פלאַגען זיך אין די געפענגניסען און טוען תשובה פאַר קהל׳ישע זינד און פאַרברעכענס.

און דאָך זיינען זיי אויך די אומגליקליכע קרבנות פון דעם זעלבען שענדליכען געזעלשאַפטליכען רעזשים, געגען וועלכען די רעוואָלוציע ווערט אָנגעפירט. אויך זיי, יעדענפאַלס פיעלע פון זיי, זיינען די אָפּפערס פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, וואָס האָט געהאָלפען פאַרשאַרפען זייער נויט און ליידען ביז זיי האָבען עס מעהר ניט געקענט איבערטראָגען. מיט אַ ברוטאַלער בעס־טיאַליטעט האָבען זייערע מאַטערנישען אין זיי ערוועקט אַלע בייזע אינסטיקטען וואָס שלומערען אין די שוואַכע און דעגענירירטע נאַטורען.

אויך אין דעם פאַל האָט זיך די בורזשואזע גערעכטיגקייט אַרויסגעוויזען אַלס אַ נעץ דורך וועלכער די רויבערישע האַיפיש קענען זיך לייכט אַרויסכאַפּען, ווערענד פאַר דער קליינינקער הילפ־לאָזער סאַרדעלקע וואָס וואַגט זיך אַוועקצולאָזען הינטער דעם תחום פון קאַפּיטאַליסטישען געזעץ האָט די נעץ קליינינקע אונ־דערבאַרימדיגע לעכלאַך. די מיליאָנערסקע מלחמה־פּראָפיטירערס זיינען אַרויס אינגאַנצען פריי, אָדער זיי זיינען אָפּגעקומען מיט באַצאָלען לעכערליך קליינע שטראָף געלט. די קליינע גנבים אָבער האָבען באַקומען אחריות׳דיגע שטראָפען.

אָט די אַלע שטיף־קינדער פון דער געזעלשאַפט הונגערען אַצינד און ציטערען פון קעלט אין די ניט באַהייצטע תפיסה קאַ־מערלאַך. זייענדיג אין אַ שרעקליכער גייסטיגער אונטערדרי־קונג נאָך פיער יאָהר מלחמה, קוקען זיי אַרויס אויף רחמנות, אויף הילף.

אומזיסט וואַרטען זיי. אַלס גוטער פאָטער צו זיין לאַנד האָט דער לעצטער פון די האהענצאָלערס אינגאַנצען פאַרגעסען די אַלע אומגליקליכע. ער איז געווען צופיעל פאַרנומען מיט מאַסען־הריגות און מיט צוטיילען דאָס מלחמה־רויב. צייט די לעצטע פיער יאָהר, זינט לואווען איז געפאַלען איז ניט געווען קיין איין באַדייטענדע אַמנעסטיע, אפילו ניט אין דעם גרעסטען יום־טוב פון די דייטשע שקלאַפען, דעם „קייזער'ס געבורטסטאָג“.

עס בלייבט דעריבער פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע גרינגער צו מאַכען דאָס טרויעריגע לעבען הינטער די תפיסה־ווענט כאָטש מיט אַ קליינעם שטראַל פון רחמנות; צו פאַרלייכטערען אביסעל די גרויזאַמקייטען פון די שטראָפען; צו פאַרניכטען דאָס באַרבאַרישע סיסטעם פון דיסציפּלינירען דורך קערפּערליכע שטראָף, — דאָס סיסטעם פון שמידען אין קייטען; צו פאַרבע־סערען אויף וויפיעל מעגליך די בענעמונג פון די וועכטער, די מעדיצינישע אויפפּאַסונג, דאָס עסען און די אַרבייטס באַדינגונגען. דאָס באַרבאַרישע סיסטעם פון קערפּערליכער באַשטראָפונג, וואָס אָטעמט מיט קלאַסען גייסט און קאַפּיטאַליסטישער גרויזאַמ־קייט מוז אויסגעריסען ווערען מיט די וואָרצלען. עס מוז זאָבאַלד איינגעפירט ווערען אַ סיסטעם פון געפענגענים רעפאָרמען. געוויס קען מען ניט איינפירען קיין ווירקליך פרייע סיסטעם פון קרימי־נאַלע באַהאַנדלונג, אַ סיסטעם וואָס זאָל אין יעדער הינזיכט האַר־מאָניזירען מיט די ציעלען און דעם גייסט פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפטס אָרדנונג. אַזאַ סיסטעם קאָן נאָר אויפגעבויט ווע־רען אויף דעם פונדאַמענט פון אַ נייער אינדוסטריעלער און סאָ־ציאַלער אָרדנונג. ווייל, נאָך אַלעמען איז סיי דאָס פאַרברעכען, סיי די שטראָף אַ פאָלגע פון די עקזיסטירענדע געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען. אָבער איין באַשטימטען מיטעל קאָן מען שוין גלייך אָננעמען; די טויט־שטראָף, דער ערגסטער פלעק אין די

רעאַקציאָנערע שטראָף געזעצען פון דער אימפּעריאַליסטישער דייטשלאַנד מוז גלייך אָפּגעשאַפט ווערען. פאַרוואָס אייַלען זיי זיך ניט צו מיט דער דאָזיגער אַרבייט אין דער אַרבייטער און סאָלדאַטען רעגירונג? זאָגט איהר, הערען לעדעבור, דאַעומיג, בארטה, האָט ניט פון אייערט וועגען געלעבט דער נאָבעלער באַקאַריע, וואָס האָט שוין אַריבער צוויי הונדערט יאָהר צוריק אויף אַלע ציוויליזירטע שפּראַכען פאַרדאַמט די שענדליכע טויט־שטראָף? איהר האָט קיין צייט ניט. איהר האָט טויזענדער זאָרג, שוועריגקייטען, אויפגאַבען, צו וועלכע איהר מוזט שענקען אייער אויפמערקזאַמקייט. אָהן צווייפעל! אָבער נעמט נאָר אייערע זייגערס אין די הענט. זעהט, ווי לאַנג עס וועט ביי אייך געדויערען צו עפענען די ליפּען און אַרויסזאָגען: „דערמיט ווערט די טויט־שטראָף אָפּגע־שאַפט". אָדער איז עס מעגליך אַז אַזאַ פראַגע קאָן צווישען אייך אַרויסרופען לאַנגע דעבאַטען? איז עס מעגליך אַז אין אַזעלכע פונדאַמענטאַל וויכטיגע פראַגען זוכט איהר צו פאַרוויקלען דעם הויפּט פונקט אין אַ לאַנגען מאַנטעל פון פאָרמאַליטעטען, חשבנות וועגען קאָמפּעטענץ און אויטאָריטעט און די אַלע אַנדערע טומלען און נאַרישקייטען פון די פאַרגאַנגענע צייטען?

אַ! ווי דייטשיש אָט די לעצטע רעוואָלוציע איז! ווי ניכטער, ווי פּעדאַנטיש, אָהן לעבען, אָהן גלאַנץ, אָהן גרויסקייט! די פאַרגעסענע פראַגע פון טויט־שטראָף איז נאָר אַ קליינער, איינצעלנער פאַל. אָבער די קליינינקע פּאַסירונגען ווייזען דעם אינערליכען גייסט פון דער גאַנצער זאַך!

נעמט די געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציע. נעמט צום ביישפּיעל דעם טרוקענעם מינעי! קאָנט איהר עס לעזען און ביי אייך זאָל ניט שטאַרקער קלאַפּען דער פּולס און ברענען דער קאָפּ? און ווען איהר האָט זיך גענומען לעזען, קענט איהר אָוועקלעגען דעם בוך ביז איהר האָט ניט געהערט, ווי דער לעצטער מעכטיגער קלאַנג פון די וואונדערליכע פּאַסירונגען שטאַרבט אָפּ? עס קלינגט ווי אַ גיגאַנטישע סימפאָניע פון בעט־באָווען; אַ ווילדער שטורם אויף דעם ים פון דור דורות, גרויס, וואונדערבאַר אין איהרע נצחנות און אין איהרע נידערלאַגען, אין איהר ערשטען נאַיוועז אויפזידען אַזוי גוט ווי אין לעצטען

קרעכץ פון איהר אפשטארבען. און איצט, ביי אונז דא אין דייטשלאנד? מיר בלוטיגען עס אויף יעדען שריט, סיי אין גרויסע זאכען, סיי אין קליינע: זיי זיינען נאך אלץ די אלטע, איבער־געבליבענע געשפּענסטער פון דער אלטער, טויטער און באגראבענער סאציאל־דעמאקראטיע, ביי וועמען דאס קליינע פּאַרטיי־קאפּיטאל איז אלעס און דער מענש, דער גייסט איז גארנישט. מען דארף ניט פארגעסען אז וועלט־געשיכטע קען ניט געמאכט ווערען אהן גייסטיגע גרויסקייט, אהן טיעפער מאראלישער שטימונג, אהן ברייטען שוואונג. ווען ליבקנעכט און איך האבען פארלאזען די גאסטפריינדליכע ווענט, וואו מיר זיינען געווען געפאנגענע לעצ־טענס צו פארברענגען אונזער צייט, און אונזערע ליב־געוואונענע — זיינע אפּגעלאזענע תפיסה־חברים און מיינע ארעמע טייערע פּראָסטיטוטקעס, און גנבה'טעס צווישען וועמען איך האב פאר־בראכט דריי און האלב יאהר, האבען אונז נאכגעקוקט מיט טרויע־ריגע, בייקענדיגע אויגען — האבען מיר זיי פארשפּראכען אין נאמען פון אלעס וואס אונז איז הייליג, און טייער: —

מיר וועלען אייך ניט פארגעסען!

מיר פאדערען פון דעם פארוואלטונגס קאמיטעט פון דעם ארבייטער־ און סאלדאטען־ראט פון דייטשלאנד א זאפארטיגע פארלייכטערונג פון די באדינגונגען פאר אלע ארעסטירטע פון די פארשידענע שטראף־איינריכטונגען פון דייטשלאנד!

מיר פאדערען אז טויט־שטראף זאל גלייך אויסגעשטריכען ווערען פון די דייטשע שטראף־געזעצען.

אין די פיער יאהר פון אימפּעריאליסטישען מאסען־מארד האבען זיך געגאסען טייכען בלוט. איצט מוזען מיר זעהן יעדען טראפּען פון דער שאצבארער פליסיגקייט עהרליך און היטען אין קרישטאלענע כלים. ניט געבונדענע, רעוואלוציאנערע ענערגיע און ברייטהאַרציגע מענשליכקייט — דאס זיינען דער אָטעם און דאס לעבען פון דעם סאציאליזם. די וועלט מוז ווערען איבער־געקערט, אבער יעדע טרער וואס ווערט אומזיסט פארגאסען איז א שאנדע און שמאך. ווען איינער צוטרעט א ווערעמל וואָרם דורך אונפארזיכטיגקייט, מעג ער זיך דאן אפילו איילען צו ערפילען די וויכטיגסטע פליכטען, באגעהט ער א גרויסען פארברעכען.

# ספּאַרטאַקוס איז באַזיעגט!

ספּאַרטאַקוס איז באַזיעגט יאָ, ספּאַרטאַקוס איז באַזיעגט געוואָרען! דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט האָט געהאַט אַ נידערלאַגע. הונדערטער פון אונזערע בעסטע זיינען אויסגע־הרג'עט געוואָרען; הונדערטער פון אונזערע פּאַרטרויענסוועסטע האָט מען אריינגעוואָרפען אין געפענגנים.

יאָ, זיי האָבען געהאַט אַ נידערלאַגע, ווייל די מאַטראָזען און סאָלדאַטען פון דער פאָלקס־מיליץ, אויף וועמען זיי האָבען זיך אַממעהרסטען פאַרלאָזען, זיינען אַוועק פון זיי. און זייער קראַפט, די קראַפט פון דער פאָלקס־מיליץ איז פאַראַליזירט געוואָרען צו־ליב דער שוואַכקייט און אונענטשלאָסענהייט פון זייערע פיהרער.

יאָ, זיי זיינען באַזיעגט געוואָרען, ס'איז געווען אַ היסטאָרישע נויטווענדיגקייט צו זעהן זיי באַזיעגט.

די צייט איז נאָך ניט רייף געווען.

אָבער דער קאַמף איז געווען אומפאַרמיידליך; עס וואָלט געווען אַן אומעהרענהאַפטע נידערלאַגע אונטערצוגעבען אָהן אַ קאַמף צו די רעגירונגס־קרעפטען די פאָהן פון דער רעוואָלוציע, איהר עהרע און איהר האָפנונג.

יאָ, מיר זיינען באַזיעגט געוואָרען! אָבער מאַנכע נידער־לאַגעס זיינען נצחונות, מחמת מאַנכע נצחונות קאָסטען מעהר בלוט פון דער גרעסטער נידערלאַגע.

יעדער טראָפּען בלוט פון אַ מאַרטירער־טויט וועט זיין אַ זריעה פאַר אַ צוקינפטיגען קעמפער אין צוקינפטיגע נצחונות.

די לעבעדיגע קרעפטען פון דער רעוואָלוציע רופען אַרויס אין יעדער נידערלאַגע דעם מוט און ווילען צו נייער אַקציאָן. די ני־דערלאַגע פון דער רעוואָלוציע טראָגט אין זיך דעם צוזאָג פון נצחון.

די זיעגער פון היינט האָבען אויסגעפיהרט זייערע שענדליכע

טהאַטען פאַר זייער שענדליכען ציעל, וועמעס אורטייל זיי האָבען שוין פאַרזיגעלט. זיי זיינען שוין געפאַנגענע פון די זעלביגע עלע־מענטען, וועלכע זיי האָבען אויסגענוצט אין קאַמף געגען אונז.

די פראַנצויזישע בורזשואַזיע פון 1848 און 1871 האָט אויס־גענומען מיט אָפענע אָרעמס די מערדער פון פאָלק. די דייטשע בורזשואַזיע דאַרף דאָס ניט, זיי האָבען אלס זייערע באַשיצער די סאָציאַליסטען פון דער מעהרהייטס־גרופּע.

די פּראָלעטאַריער פון לענדער טרייסלען זיך שוין אָב מיט שרעק און מיט פאַראַכטונג פון יענע, וואָס האָבען געוואַגט אויסצושטרעקען זייערע הענט צו דעם „אינטערנאַציאָנאַל“, — זייערע בלוטיגע הענט.

די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע וועט זיך אויפהויבען ווי א ריעז. די ספּאַרטאַקאַנער האָבען פיעל געלערנט פון דער איצטי־גער נידערלאַגע. זיי וועלען מעהר ניט בויען אויף סאָציאַליסטען אונטער א שוואַכער, ניט־ענטשלאָסענער פיהרערשאַפט. זיי זיינען שוין אויסקורירט פון צוטרוי צו דער אומאָפּהענגיגער פּאַרטיי, וועלכע האָט זיי פאַרלאָזען אין דער מינוט פון סכנה. אליין, אָהן הילף האָבען זיי געקעמפט פאַר צוקינפטיגע נצחונות.

דאָס שלאָגוואָרט: די באַפרייאונג פון דעם אַרבייטער קלאַס מוז זיין די זאַך פון די אַרבייטער אליין, האָט געקראָגען א נייע באַשטעטיגונג און א פיעל גרעסערע באַדייטונג אין דעם מוסר־השכל פון דיזער וואָך.

מיר האָבען ניט דעזערטירט; מיר זיינען נאָך אויפ׳ן פּלאַץ און מיר וועלען אויפ׳ן פּלאַץ פאַרבלייבען. ווייל דער ענדליכער זיעג וועט זיין אונזערער, ווייל „ספּאַרטאַקוס“ מיינט ליכט און גייסט, האַרץ און נשמה, טעטיגקייט דורך א פּראָלעטאַרישער רע־וואָלוציע. ספּאַרטאַקוס באַצייכענט אלע צרות, אלע בענקעניסען פון פּראָלעטאַריאַט נאָך ציוויליזציע, ער איז פאַר סאָציאַליזם און פאַר אַן אַלגעמיינע רעוואָלוציע.

היינט הערט איהר נאָר דעם גערויש פון וואולקאַן. מאָרגען וועט דער זעלביגער וואולקאַן באַגראָבען אונזערע שונאים אונטער זיין זודיגען שטראָם פון פייער און אַש.

# „אין בערלין איז אלץ רוהיג“

(דער לעצטער ארטיקעל פון ראָזא לוקסעמבורג, ערשיענען אין „די רויטע פאָהן“ 11טען יאַנואר 1920).

„אין ווארשע איז אלעס רוהיג“, האָט ערקלערט מיניסטער סאבאסטיאַני אין דעם פאריזער דעפּוטאטען קאמער אין יאָהר 1831, ווען די חילות פון סואווארָאָווען זיינען אריין אין דער פוילי־שער הויפּט־שטאָט, נאָכדעם ווי זיי האָבען געשטורעמט פּראַג, א פאָר־שטאָדט פון ווארשע, און האָבען אָנגעהויבען דאָרט זייער תליון־ישע ארבייט איבער דעם אויפגעשטאַנענעם פאָלק.

„אין בערלין איז אלעס רוהיג“, לאָזט פייערליך וויסען די בורזשואזע פּרעסע, לאָזען וויסען עבערט און נאָסקע, לאָזען וויסען די אָפיצירען „פון דער זיעגרייכער ארמיי“ וועלכע די בורזשו־אזע מאַסע באגריסט מיט שמחה דורך פארנאנדערגעוויקעלטע פאָהנען און מיט „אורא“־געשרייען. דער רוהם און עהרע פון דער גערמאנישער וואפע איז געררעטעט פאַר דער וועלט־היסטאָריע. צו־שלאָגענע אויף די פעלדער פון פלאַנדריען און אין די ארגאָנען, האָבען זיי צוריקגעשטעלט זייער רעפּוטאציע דורך דעם וואָס זיי האָבען אָבגעהאלטען א זיעג איבער 3000 ספּאַרטאַקען אין דער געביידע פון „פאָרווערטס“. די טעג פון דעם ערשטען בעריהמטען אריינטריט פון די גערמאנישע ארמעען אין בעלגיען, די טעג פון גענעראל פאָן־עמיך, דער בעזיעגער פון ליעזש, זיינען פארבלייכט געוואָרען נעגען די העלדישע אויפטואונגען פון רעינהארטען און קאָ. אויף די גאסען פון בערלין. די דער׳הרג׳עטע פ א ר ל א מ ע נ ־ ט א ר ע ר, וועלכע האָבען געוואָלט פיהרען אונטערהאנדלונגען וועגען איבערגעבען דעם „פאָרווערטס“, זיינען אזוי צוקאַליעטשעט געוואָרען מיט די פּריקלאַדען פון די ביקסען, אז מען קאָן ניט דער־קענען וועמעס קערפּערס זיי זיינען. די געפאנגענע זיינען אזוי צו־

שאַסען געוואָרען, אַז די ווענט זיינען פאַרשפּריצט מיט זייער מאַרך. זעהענדיג אַזעלכע גלאָררייכע טהאַטען, וועט דען אימיצער דער־מאַהנען ווענ[illegible] [illegible] שענדליכע נידערלאַגעס וואָס זיי האָבען געליטען אין קריעג [illegible]ט די פראַנצויזען, ענגלענדער און אַמעריקאַנער? „ספּאַרטאַק" — איז דער דאָזיגער שונא און בערלין — איז יענער אָרט, וואו אונזערע אָפיצירען קאָנען זיגען. דער „ארבייטער" נאַסקע — איז דער גענעראַל, וועלכער קאָן אָבהאַלטען אַ זיעג דאָרט, וואו גענעראַל לודענדאָרף האָט זיך ארויסגעצייגט אונפעהיג.

ווער דערמאָנט זיך אָן די פאַר'שיכור'טע נצחונות פון די וואָס האָבען איינגעשטעלט אָרדנונג אין פּאַריז, ווער דערמאָנט זיך אָן די וואקכאַנאַליעס פון דער בורזשואַזיע איבער די קערפּערס פון די קעמפער פאַר דער קאָמונע, אָט די זעלבע בורזשואַזיע וואָס האָט אַזוי שענדליך קאַפּיטולירט פאַר די פּרייסען און האָט איבערגעגע־בען די הויפּט־שטאָט דעם אויסערן שונא? דערפאַר אָבער וואָס פאַר אַ פייערדיגע מענליכקייט האָט עס ארומגעכאַפּט די בורזשו־אַזע זיהן'דלאַך, די גאָלדענע יוגענד, די הערדען אָפיצערען געגען די שלעכט באוואפענטע, הונגעריגע פּאַריזער פּראָלעטאַריער, געגען זייערע שוצלאָזע פרויען און קינדער. מיט וואָס פאַר אַן אייפער האָבען אָט די זיהן פון מאַרס, וואָס האָבען געקניעט פאַר דעם אויסערען שונא, ארויסגעצייגט זייער העלדישקייט אויספיהרענדיג זייער טהיריש־מערדערליכע גערעכטיגקייט איבער די שוצלאָזע גע־פאַנגענע און באַזיעגטע

„אין ווארשא איז אלץ רוהיג". „אין פּאַריז איז אלץ רוהיג". „אין בערלין איז אלץ רוהיג". אָט דאָס זיינען די באַריכטען פון די „אָרדנונגס היטער", וועלכע געהען אריבער יעדען האַלבען יאָהר־הונדערט פון איין צענטער פון וועלט־קאַמף אין אַ צווייטען. און פייערענדיג זייער „זיעג" באַמערקען זיי גאָר ניט, אַז אַן „אָרדנונג" וואָס ווערט אונטערגעהאַלטען דורך פּעריאָדישע בלוטיגע שחיטות, געהט אונאויפהערליך צו איהר היסטאָרישער באַשטימונג, צו איהר מפּלה.

וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די לעצטע „ספּאַרטאַקישע וואָך" אין בערלין, וואָס האָט זי אונז געגעבען, און וואָס לערנט זי אונז? זייענדיג נאָך אין קאַמף, אין מיטען פון דער זיעגרייכען

וואויען פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע, דאַרף דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט זיך אָפּגעבען אַ חשבון וועגען דאָס וואָס האָט פּאַסירט, ער דאַרף אַלעס וואָס איז פאָרגעקומען און די פאָלגען דערפון אָבמעסטען מיט דעם גרויסען היסטאָרישען מאַסשטאַב. די רעוואָלוציע טאָר ניט פארלירען קיין צייט; איבער די אָפענע קברים, איבער די „נצחונות" און „מפלות" טראָגט זי זיך ווייטער צו איהרע גרויסע ציעלען. נאָכצופאָלגען באַוואוסטזיניג נאָך איהרע וועגען איז די ערשטע אויפגאַבע פון די קעמפער פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם. איז ביי דיזען צוזאַמענשטויס געווען מעגליך אַ פאָלשטענדיגער זיעג פון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט, איז געווען מעגליך די אַרונטערוואַרפונג פון די עבערטס און שיידעמאַנס און דער איינשטעלונג פון אַ סאָציאַליסטישער דיקטאַטור? זיכער ניט, ווען מען זאָל מיט ישוב הדעת אַרומטראַכטען די אַלע מאָמענטען וועלכע האָבען אין דיזער פראַגע אַן ענטשיידענע באַדייטונג. דער קרענקליכער פּלאַץ אין דער רעוואָלוציע, אין דעם אָנגעגעבענעם מאָמענט, איז די ניט גענוגענדע רייפקייט פון די סאָלדאַטסקע מאַסען, וועלכע ערלויבען נאָך אַלץ אַז די אָפיצירען זאָלען זיי אויסנוצען פאַר פיינדליכע צום פאָלק, קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע ציעלען. דאָס אַליין איז שוין אַ גענוגענדער בעווייז דערפון, אַז אין דיזען צוזאַמענשטויס איז אַ פעסטער זיעג פאַר דער רעוואָלוציע געווען אונמעגליך. פון דער אַנדערער זייט איז דיזע אונרייפקייט פון די סאָלדאַטסקע מאַסען דער אַלגעמיינער סימפּטאָם פון דער אַלגעמיינער אונרייפקייט פון דער דייטשער רעוואָלוציע.

דער דאָרף, פון וואַנען עס קומט אַ באַדייטענדער טייל פון די סאָלדאַטסקע מאַסען, איז פּונקט ווי פריהער נאָך זעהר ווייניג באַריהרט פון דער רעוואָלוציע. בערלין איז נאָך ביז איצט כמעט איזאָלירט פון איבעריגען דייטשלאַנד. אמת, די רעוואָלוציאָנערע צענטרען פון דער פּראָווינץ — אין רהיינישען געגענד, אין בראַנשווייג, אין סאַקסאָניען, אין ווירטעמבערג — זיינען מיט'ן גוף און נשמה אויפ'ן זייט פון בערלינער פּראָלעטאַריאַט. נאָר אַלץ פעהלט נאָך יענע איינשטימיגקייט פון די האַנדלונגען, וועלכע זאָלען זיין בכח באַדייטענד פאַרגרעסערען דעם אָנגריף און קלאַפּ

פון די בערלינער ארבייטער מאסען. דערצו איז דער עקאָנאָמישער קאמף, דער הויפט וואולקאנישער קוואל, פון וועלכען עס ציהט זיין חיונה דער רעוואָלוציאָנערער קלאסען־קאמף דערווייל אין דער ערשטער שטופע פון ענטוויקלונג.

פון דעם אַלעמען פאָלגט, אז אין איצטיגען מאָמענט האָט מען ניט געקאָנט ערווארטען קיין פעסטען זיעג. איז פון דעם צו דרינגען, אז דער קאמף פון דער לעצטער וואָך איז געווען א „טעות“? יע, אויב עס זאָל אין אַלגעמיין זיין מעגליך צו רעדען וועגען א פאָרבערייטעטען ארויסטריט, וועגען אַן אזוי גערופענעם אויפשטאנד. וואָס זשע האָט געדיענט פאר דעם אויסגאנגס מאָמענט פון דער לעצטער קאמף־וואָך? ווי אין אַלע פריהערדיגע צופעלע, ווי דעם 6טען דעצעמבער, דעם 24טען דעצעמבר — די גראָבע פראָוואָקאציע פון דער רעגירונג. ווי יענע בלוט־באָד וואָס איז אויסגעפיהרט געוואָרען אויף די אונבאוואפענטע דעמאָנסטראַנטען אויף דער שאָסענער גאס, ווי יענע שחיטה פון די מאטראָסען, אזוי איז איצט דער פארזוך אויף דעם בערלינער פאָליציי־פרעזידיום געווען די אורזאַכע פון אַלע נאָכפאָלגענדע געשעהענישען. א רעוואָלוציע ארבייט ניט נאָך א פאָראויסגעזעהענעם פּלאַן, אויף אַן אָפענעם קאמפּס־פּלאַץ, נאָך א טעכנישען פּלאַן פון „סטראַטעגען“. איהרע שונאים ווייזען אויך ארויס איניציאַטיווע, זיי צווינגען זי געוועהנליך ארויס נאָך מעהר, ווי די רעוואָלוציע זעלבסט.

שטעלענדיג זיך נעגען דעם פאַקט פון דער חוצפה׳דיגער פראָוואָקאציע פון די עבערטס און שיידעמאַנס, זיינען די רעוואָלוציאָנערע ארבייטער געווען ג ע צ וו ו אונ ג ע ן צו נעהמען זיך פאר דעם געוועהר.

יע, די עהרע פון דער רעוואָלוציע האָט געפאָדערט א באַלדיגען, ענערגישען צוריקשטויס נעגען דיזען אָנפאַל. ווען ניט וואָלט די קאָנטר־רעוואָלוציע געוואָרען ערמוטיגט צו ווייטערדיגע אָנגריפען און די רעוואָלוציאָנערע רייהען פון פּראָלעטאריאַט און דער מאָראַלער קרעדיט פון דער דייטשער רעוואָלוציע אין אינטערנאציאָנאַל וואָלטען שטארק געשעדיגט געווען.

דער באַלדיגער ווידערשטאַנד איז אויסגעוואַקסען אין די בער־לינער ארבייטער מאַסען מיט אַזאַ פאַרשטענדליכער ענערגיע, אַז שוין פון די ערשטע מאָמענטען איז דער מאָראַלער זיעג געווען אין גאַנצען אויפ'ן זייט פון דער „גאַס".

נור אַזוי איז שוין דער אינוועניגסטער לעבענס געזעץ פון דער רעוואָלוציע ניט אָפּצושטעלען זיך אונטעטיג און פּאַסיוו ביי דאָס דערגרייכטע. דער בעסטער מיטעל אין קאַמף איז אַ שטאַר־קער, מעכטיגער געגען־קלאַפּ. אָט דיזער רעגעל פון יעדען ראַנ־גלען זיך איז אָנווענדבאַר אויף יעדען טריט פון אַ רעוואָלוציע. דאָס איז זעלבסטפערשטענדליך און ציינט אָן אויף אַ געזונטען אינ־סטינקט, אויף דער לעבעדיגער אינערליכער מאַכט פון בערלינער פּראָלעטאַריאַט, דאריבער האָט ער זיך ניט בארוהיגט בלויז מיט דעם צוריקקעהרען פון אייכהאָרן צו זיין פּאָסטען. ער האָט אינ־סטינקטיוו אָנגעהויבען פאַרנעהמען די אַנדערע אַרויסהעלפער פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע: די בורזשואַזע פּרעסע, די אָפיציעלע וואָלף־ביוראָ, דעם „פאָרווערטס". דיזע אַלע שריטע פון די אַר־בייטער מאַסען זיינען געווען די רעזולטאַטען פון דעם אינסטינקט־טיווען באַוואוסטזיין, אַז די קאָנטער־רעוואָלוציע פון איהר זייט וועט זיך אויך ניט בארוהיגען מיט דער געליטענער ניעדערלאַגע, נור וועט זוכען ביז'ן סוף אויסצופּרובירען די קרעפטען פון ביידע צדדים.

דאָ שטעהען מיר אויך פאַר דעם גרויסען היסטאָרישען געזעץ פון רעוואָלוציע, אָן וועלכען עס ווערען צוקלאַפּט די אַלע קלוגע רייד און בלומרשטע ווייסענשאַפטען פון יענע קליינינקע „רעוואָ־לוציאָנערען" פון דעם טיפּ פון די אונאַבהענגיגע, וועלכע זוכען אין יעדען קאַמף אָן אויסרייד אויף אָפּצוטרעטען. עס איז גענוג בלויז קלאָהר פעסטצושטעלען די גרונד־פּראָבלעמע פון אַ רעוואָלוציע — און אין דיזער רעוואָלוציע איז עס דאָס ארונטערוואַרפען פון דער עבערט־שיידעמאַן רעגיערונג, אַלס די ערשטע שטערונג צו דעם גאַנג פון סאָציאַליזם. און דיזע גרונד־פּראָבלעמע טרעט יעדען מאָל אַרויס מיט איהר גאַנצער לעבענס־קראַפט. יעדער באַזונדערער עפּיזאָד פון קאַמף, ווי אַן אונפערמיידליכער געזעץ פון דער נאַטור, רוקט אַרויס דיזע פּראָבלעם אין איהר גאַנצער פולקייט, ווי פיעל

די רעוואָלוציע זאָל זיין ניט צוגעגרייט צו איהר לעזונג, ווי אונ־גינסטיג עס זאָלען פאַר דעם ניט זיין די אַרומיגע באַדינגונגען. „אַרונטער מיט עבערט־שיידעמאַן“, דיזער לאָזונג טרעט אונפאַר־ענדערליך אַרויס ביי יעדען רעוואָלוציאָנערען קריזיס, אַלס די איינ־ציגע פאָרמולע וואָס איז אין זיך כולל די אַלע איבעריגע קאָנפליק־טען, און אין דעם כח פון אינערליכער אָביעקטיווער לאָגישקייט פאַרשאַרפט דיזער לאָזונג, צי מען וויל עס צי ניט, ביז צום לעצט יעדער באַזונדער עפּיזאָד פון קאַמף.

צוליעב דיזען ווידערשפּרוך, צווישען די האַרבקייט פון דער אויפגאַבע און די ניט געניגענדע באַדינגונגען פאַר איהר לעזונג, קומט דערפאַר פאַר אין די ערשטע פאַזען פון דער רעוואָלוציאָנערער ענטוויקלונג, אַז באַזונדערע עפּיזאָדען פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף פאַרענדיגען זיך מיט אַ נ י ע ד ע ר ל אַ ג ע. אָבער אַ רעוואָלוציע איז די איינציגע פאָרמע פון מלחמה, וואו דער ענדליכער זיעג קאָן צוגעגרייט ווערען בלויז דורך אַ גאַנצער רייהע פון „ניעדערלאַגעס“.

וואָס באַווייזט אונז די גאַנצע היסטאָריע פון רעוואָלוציעס און סאָציאַליזם אין אונזערע צייטען? דער ערשטער פלאַקער פון קלאַסען קאַמף אין אייראָפּאַ: דער אויפשטאַנד פון די ליאָנער וועבער אין 1830 האָט זיך פאַרענדיגט מיט אַ שווערער ניעדער־לאַגע. די טשאַרטיסטישע באַוועגונג אין ענגלאַנד — מיט אַ שווערער ניעדערלאַגע. דער אויפשטאַנד פון דעם פּאַריזער פּראָ־לעטאַריאַט אין די יוני־טעג פון 1848 האָט זיך פאַרענדיגט מיט אַ גרוילינער ניעדערלאַגע. די פּאַריזער קאָמונע האָט זיך געשלאָסען מיט אַ שרעקליכער ניעדערלאַגע. דער גאַנצער וועג פון סאָציאַליזם — אויף וויפיעל מען רעדט וועגען רעוואָלוציאָנערען קאַמף — איז אויסגעשפּרייט אויסשליסליך מיט ניעדערלאַגעס.

און פונדעסטוועגען פיהרט אָט דיזעלבע היסטאָריע, טריט נאָך טריט, צו אַן ענדליכען זיעג. וואו וואָלטען מיר איצט גע־האַלטען אָהן דיזע „ניעדערלאַגעס“, פון וועלכע מיר שעפּען די היסטאָרישע געניטקייט, ערפאַהרונג, כח און אידעאַליזם? איצט, ערב דער לעצטער שלאַכט אין דעם פּראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמף, פאַרלאָזען מיר זיך טאַקי אויף יענע ניעדערלאַגעס, וועלכע אַלע ביז

איינע זיינען פאַר אונז וויכטיג, פון וועלכע יעדע איז אַ טייל פון אונזער איצטיגער מאַכט און באַוואוסטזיניגקייט.

דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף איז אין דער הינזיכט פונקט דער געגענזאַץ פון דעם פּאַרלאַמענטאַרישען קאַמף. מיר אין דייטש־לאַנד האָבען אין צייט פון פיער צעהנדליגע יאָהר געהאַט דורכאויס פּאַרלאַמענטאַרישע „זיעגע", מיר זיינען טאַקי אויף אַן אמת גע־גאַנגען פון איין זיעג צו אַ צווייטען. אָבער אין דעם סך הכל, ביי דער גרויסער היסטאָרישער פּראָבע, דעם 4טען אויגוסט 1914 — אַ פאַרניכטענדע פּאָליטישע און מאָראַלע ניעדערלאַגע, אַן אונגע־הערטער דורכפאַל, אַ אונפאַרמיידליכער באַנקראָט. רעוואָלוציאָנען האָבען ביז איצט אונז געגעבען בלויז ניעדערלאַגעס, אָבער דיזע אונפערמיידליכע ניעדערלאַגעס זיינען די זיכערסטע גאַראַנטיע פאַר דעם צוקונפטיגען לעצטען זיעג.

אמת, בלויז אונטער א י י ן באַדינגונג. די פראַגע איז וועגען דעם, אונטער וועלכע אומשטענדען האָט יעדען מאָל געטראָ־פען אַ ניעדערלאַגע: איז דאָס געקומען פון דעם, וואָס די קאַמפּס־ענערגיע פון די מאַסען, וועלכע האָט זיך אָנגעשטויסען אויף די ניט גענוג רייפע היסטאָרישע פאָרבאַדינגונגען, אָדער זשע פון דעם, וואָס די רעוואָלוציאָנערע טאַטען אין זיך זעלבסט זיינען פּאַראַלי־זירט געוואָרען צוליעב זייער האַלבקייט, ניט־געוואַגטקייט אָדער פון אינערליכער שוואַכקייט.

קלאַסישע ביישפּיעלע פוןביידע פאַלען איז פון איין זייט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע פון פעברואַר, און פון צווייטען זייט די דייטשע מערץ־רעוואָלוציע. די העלדישע טאַטען פון 1848 זיינען געוואָרען אַ לעבעדיגער קוואַל פון קלאַסישער ענערגיע פון דעם גאַנצען אַלוועלטליכען פּראָלעטאַריאַט. די אָרעמקייט פון דער גערמאַנישער רעוואָלוציע פון מאַרטש איז ניט אַוועק ווייט פון דעם גאַנצען גאַנג פון דער דייטשער ענטוויקלונג אין איצטיגע צייטען. זיין ווירקונג האָט זיך אַרויסגעצייגט אין דער גאַנצער היסטאָריע פון דער אָפיציעלער גערמאַנישער סאָציאַל דעמאָקראַטיע ביז האַרט פון די לעצטע געשעהענישען פון דער גערמאַנישער רעוואָלוציע, ביז דעם נאָר־וואָס איבערגעלעבטען טראַגישען קריזיס.

ווי ערשיינט די ניעדערלאַגע פון דער אזוי גערופענער „ספּאַר־טאַקישע וואָך" פון דעם שטאַנדפּונקט פון היסטאָרישען געזעץ? איז עס געוועזן אַ ניעדערלאַגע פון אַ שטורמדיגער רעוואָלוציאָנערער ענערגיע, בעת די אַרומיגע באַדינגונגען זיינען געוועזן ניט רייף גענוג, אָדער ווייל די טאַטען זיינען געוועזן שוואַך און האַלבע.

אי דאָס ערשטע אי דאָס צווייטע. דער צווייענדיגער כאַראַקטער פון דיזען קריזיס, דער ווידערשפּרוך צווישען דעם שטאַרקען, ענטשיעדענעם, קעמפּפענדען אַרויסטריט פון די בערלינער מאַסען און די אונענטשיידענהייט, לאַנגזאַמקייט און האַלבקייט פון די בערלינער פיהרער, איז דער באַזונדער אויס־צייכענדער שטריך פון דעם לעצטען עפּיזאָד.

די פיהרער האָבען זיך אַרויסגעוויזען צו זיין ניט אויף דער נויטיגער הויך. אָבער פיהרער קאָנען און מוזען ווידער געשאַפען ווערען דורך די מאַסען זעלבסט און פון דער מיטע פון די מאַסען. די מאַסען זיינען דער ענטשיעדענער עלעמענט, זיי זיינען יענער פעלז, אויף וועלכען עס וועט זיך אָנשפּאַרען דער ענדליכער זיעג פון דער רעוואָלוציע. די מאַסען זיינען אין גאַנצען געוועזן אויף זייער הויך, זיי האָבען אומגעווענדעט די „ניעדערלאַגע" אין אַ רינגעלע פון יענע היסטאָרישע ניעדערלאַגעס, וועלכע זיינען דער שטאָלץ און די מאַכט פון דעם אַלפעלקערליכען סאָציאַליזם. און דאַריבער בליהט זיך פון דיזער „ניעדערלאַגע" פאַרנאַנדער דער קומענדער נצחון.

„אין בערלין איז אַלץ רוהיג". איהר האַרט־קעפּיגע לאַקעיען! אייער „רוהיגקייט" איז אויפגעבויט אויף זאַמד. די רעוואָלוציע וועט שוין מאָרגען זיך ווידער „דערהויבען אין דער הויך" און מיט טרומייטען־שאַלען וועט זי זיך צו אייער שרעק לאָזען וויסען:

איך בין געוועזן. איך בין דאָ. איך וועל זיין.

# אַ געוואָגטער שפּיעל

## געשריבען אין דעצעמבער, 1918

די גאַנצע דייטשע פּרעסע אָנהויבענדיג מיט דער „קרייצ־ציטונג" און ענדיגענדיג מיט'ן „פאָרווערטס" לאָזט ניט אויס פון מויל די ווערטער „טעראָר", „העצעריי", „אַנאַרכיע", „דיקטאַטור" און דעסגלייכען.

די באַזיצענדע קלאַסען האָבען אין צייט פון טויזענדער יאָהרען זיך קיין מאָל ניט אָפּגעשראָקען פאַר קיין נידערטרעכטיגקייט און קיין גוואַלדטאַט געגען זייערע שקלאַפען, ווען יענע פלעגען אַרויסווייזען וועלכען עס איז ווידערשטאַנד. דאָס איז אַלעס געטאָן געוואָרען אום אָפּצוהיטען די הייליגע „אָרדנונג"; אום צו באַשיצען דאָס פּריוואַט אייגענטום און די קלאַסענהערשאַפט. און אימער שרייען זיי וועגען דער רציחה און דעם טעראָר פון די שקלאַפען. טיער און קאַוואַניאַק האָבען אויסגעקוילעט צענדליגע טויזענדער פּאַריזער אַרבייטער, מענער, פרויען און קינדער אין דער יוני שלאַכט פון 1848, און נאָכדעם האָבען זיי די וועלט פאַרשריען וועגען די „גרויליטאַטען" פון דער פּאַריזער קאָמונע.

רעווענטלאָו, פרידבערג, ערצבערגער און אַנדערע האָבען אפילו קיין פינטעל ניט געטאָן מיט'ן אויג בשעת זיי האָבען אַנדערטהאַלבען מיליאָן דייטשע מענער און בחורים געטריבען צום שלאַכט אום די נייע קאָלאָניען לאָנגווי און בריעי צו עראָבערען. און אַצינד שרייען זיי וועגען „טעראָר", וועגען דער „שרעקענהערשאַפט" מיט וועלכער עס דראָהט די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. און מיט זיי אין איין הייזעריגען כאָר שרייען אויך די שיידעמאַנס און עבערטס, וועלכע האָבען פיער יאָהר כסדר געהאָלפען אין דער און אין דיזער רעוואָלוציע איז דאָס אַרונטערוואַרפונג פון דער שרעקליכסטער בלוט פאַרגיסעניש, וואָס די מענשהייט האָט ווען עס איז בייגעוואוינט.

די הערשאַפטען וואָלטען געמעגט דורכבלעטערען זייער אייגענע געשיכטע.

טעראָר און שרעקענהערשאַפט האָבען אין די בירגערליכע רעוואָלוציעס גראָד געשפּילט אַ גאַנץ באַשטימטע ראָל. אין דער גרויסער ענגלישער, אַזוי גוט ווי אין דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָט די הינריכטונג פון קעניג געמיינט דעם וועלט־געשיכטליכען ברוך מיט דעם פעאָדאַליזם. דאָס איז געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדליכע טאַט פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט, וואָס האָט דאַן געשטרעבט צו מאַכט. טאַפּענדיג איהר וועג האָט זיך די בירגערליכע געזעלשאַפט אין לויף פון דער רעוואָלוציע אַרויפגעאַרבייט אויף דער לאַגע פון דער אַלטער מאַכט אין שאַרפען געגענזאַץ צו דעם, וואָס זי איז געווען בשעת די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבען. ווען דעם הענקערס האַק האָט אַ בליטשטשע געטאָן איבער דעם קאָפּ פון קאַרל סטואַרט, און אויף דער גילאָטינע זיינען געהאַנגען די פאַרשטאָפּטע קעפּ פון די בורבאָנען, האָט די בירגערליכע געזעלשאַפט, וועלכע איז, אַליין ניט וויסענדיג אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער רעוואָלוציע, אָנגעהויבען גלאַנצען אין איהר אייגענער פעאָדאַלער הערשאַפט.

די שרעקענהערשאַפט פון די יאַקאָבינער אין פראַנקרייך איז געווען ניט מעהר ווי אַ פאַרצווייפעלטער פאַרזוך פון דעם ראַדיקאַלען בירגערטום איינצושטעלען זיין דויערענדע הערשאַפט אין פראַנקרייך. געשיכטליך איז אָבער דאַן ערשט די גרויס בורזשואַזיע געווען באַרופען אַריינצוטרעטען אין איהר הערשאַפט איבער גאַנץ אייראָפּאַ. דאָס איז געווען אַ פאַרזוך צו האַלטען די גרויסע רעוואָלוציע ביי איהרע אידעאָלאָגישע ווערטער, פרייהייט, גלייבהייט און ברידערליכקייט — געגען דעם רעאַלען אינהאַלט פון דער פראַזע: די הערשאַפט פון דער אינדוסטריע און פון דעם פינאַנסקאַפּיטאַל. דאָס איז געווען אַ פאַרזוך פון דעם קלייןבירגערטום צו ראַנגלען זיך פאַר דער מאַכט, נאָך דעם ווי זייער שטורמדיגע ראָל אין דעם קאַמף צו געווינען די מינימאַל פאָדערונגען פון דער בירגערליכער רעוואָלוציע איז געווען אויסגעשפּילט. אַ דורכגאַנגספּאַזע פון דער רעוואָלוציע האָבען זיי געזוכט צו מאַכען פאַר זייער ענדציל, די פראַזע — פאַר דעם אינהאַלט און די הילפסמיטלען — פאַר דעם צוועק. דער טעראָר פון די יאַקאָבינער האָט אַלזאָ אויך געדינט דערצו אַז די קלאַסען אין דער בירגערליכער

געזעלשאַפט האָבען זיך אָנגעהויבען פאַנאַנדערצוטיילען און צו פארשטעהן זייערע אייגענע אויפגאַבען.

מיט איין וואָרט: טעראָר און שרעקענהערשאַפט זיינען אין די בירגערליכע רעוואָלוציעס געווען אַ מיטעל צו צושטערען גע־שיכטליכע אילוזיעס אָדער צו פאַרטיידיגען האָפנונגסלאָזע אינ־טערעסען געגען דעם שטראָם פון דער געשיכטע.

אַ דאַנק דער טעאָריע פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, איז דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט אַריינגעטראָטען אין זיין רעוואָלוציע אָהן שום אילוזיעס. ער האָט אַ פארטיגען שטאַנד־פּונקט אויף די לעצטע פאָלגען פון זיין היסטאָרישער מיסיע; ער פארשטעהט די גרענעצען, וועלכע מען קען ניט איבערשפּרייזען און ער קומט מיט אַ טיפער שנאה צו דער גאַנצער בירגערליכער גע־זעלשאַפט. ער טרעט אריין אין דער רעוואָלוציע ניט אום צו יאָגען זיך נאָך אוטאָפּיסטישע לופטשלעסער געגען דעם גאַנג פון דער געשיכטע, נאָר אום אויסצופיהרען דאָס געבאָט פון דער געשיכטלי־כער שטונדע. דערביי שטיצט ער זיך אויף דעם אייזערנעם מע־כאַניזם פון דער מענשליכער ענטוויקלונג. ער קומט פארווירק־ליכען דעם סאָציאַליזם.

עס איז פאַר איהם דאריבער ניט נויטיג ערשט צו צושטערען זיינע אייגענע אילוזיעס דורך בלוטיגע גוואַלדטאַטען. ער דאַרף ערשט ניט גראָבען דעם אבגרונד צווישען זיך און דער בירגערליכער געזעלשאַפט. וואָס ער דאַרף, איז די גאַנצע פּאָליטישע מאַכט פון שטאַאט. איין מאָל וועט ער די מאַכט באַזיצען, וועט ער זי באַ־נוצען אום דורכאויס אָפּצושאַפען דאָס קאַפּיטאַליסטישע פּריוואַט אייגענטום, די לוינשקלאַפעריי און די בירגערליכע קלאַסענהער־שאַפט. ער וועט אויפבויען אַ נייע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטס אָרדנונג.

עס זיינען אָבער היינט פאַראַן אַנדערע וואָס נויטיגען זיך דרינגענד אין טעראָר, שרעקענהערשאַפט און אַנאַרכיע. דאָס זיינען אַלע פאַראַזיטען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, וואָס ציטערען פאַר זייער פאַרמעגען, זייערע פּריווילעגיעם צו מאַכען פּראָפיטען און זייער רעכט צו הערשען. זיי מאַכען עס אַלערליי בלבולים אויף דעם סאָציאַליסטישען פּראָלעטאַריאַט און באַשול־

דיגען איהם אין אויסגעטראכטע העצערייען און אנארכיע. זיי טוען דאָס מיט דעם צוועק פריי צו לאָזען ווירקליכע אנארכיע און ווירקליכע העצערייען דורך זייערע פארשידענע אגענטען. אויף אזא אופן ווילען זיי אונטערדריקען די פּראָלעטארישע רעוואָלוציע. אין דעם כאאָס האָפען זיי צו פארניכטען די סאָציאַליסטישע דיקטאטור. און אויף די חורבות פון דער רעוואָלוציע ווילען זיי אויף אייביג אוועקשטעלען די קלאסענדיקטאטור פון קאפּיטאל.

דאָס קאפּיטאל און זיין עקזיסטענץ־קאמף זיינען די נשמה פון די איצטיגע העצעס געגען דעם רעוואָלוציאָנערען אוואנגארד פון דעם ארבייטער קלאס.

די אָפּהענגיגע סאָציאלדעמאָקראטיע איז זייער ווערקצייג. די באציהונגען צווישען די דינער און זייערע בעל־הבתים האלטען אָן די גאנצע צייט פון דער רעוואָלוציע, און סיי די הערשער, סיי די דינער האָבען אויסגעהעפט דעם רויטען צייכען אויף זייערע קליידער.

דאָס צענטראל אָרגאַן פון דער אָפּהענגיגער סאָציאלדעמאָקראטיע, דער „פאָרווערטס" איז איצנד דאָס צענטראל אָרגאַן פון דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער יאגד אויף די מיטגלידער פון דעם ספּארטאקוס בונד.

מיט א קאלטבלוטיגען געלעכטער קוקען מיר ארונטער פון דעם געשיכטליכען לייכט־טורעם אויף דער גאנצער פאָרשטעלונג. מיר באטראכטען די שפּיל, די אקטיאָרען, דעם רעזשיסאר און די ראָלען.

„וואָס דענקט מען אָבער וועלען די מאסען פון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאריאט טאָן דאַן, ווען די העצעס וועלען גרייכען זייער צוועק, ווען מען וועט נאָר וואגען צו לעגען א האנט אויף די וועמען זיי האָבען אויף זייערע הענט ארויסגעטראָגען פון געפענגנים און זיי אנערקענט אלס זייערע פיהרער? ווער וועט דאַן האָבען דער כוח צו פרעדיגען קאלטבלוטיגקייט צו די דאָזיגע מאסען...

איהר, הערערן בורזשוען, און איהר „פאָרווערטס" לייט, דינער עס איז א געוואגטע שפּיל. צו דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט, צו דעם סאָציאליזם געהערען דער טאָג און די שטונדע. ווער עס שטעלט זיך אין פראָנט פון דעם שטורמוואגען פון דער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע, דער וועט בלייבען ליגען אויף דער ערד מיט צוריבענע גלידער.

# דאָס פּראָגראַם פון דער רעוואָלוציע

א רעדע, וואָס ראָזא לוקסעמבורג האָט געהאַלטען ביי דעם גרינדונגס־פּאַרטייטאָג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דייטשלאַנד (ספּאַרטאַקוס־בונד) אין בערלין, דעם 29—31טען דעצעמבער, 1918.

פּאַרטיי גענאָסען און גענאָסינען! ווען מיר קומען היינט צו באַשפּרעכען און אָנצונעמען אונזער פּראָגראַם, איז עס ניט נאָר דערפאַר, ווייל מיר האָבען זיך נעכטען קאָנסטיטואירט אלס נייע, זעלבסטשטענדיגע פּאַרטיי און א נייע פּאַרטיי מוז אָננעמען א פּראָגראַם. היינט קומען מיר באַשפּרעכען אונזער פּראָגראַם אויף דעם גרונט פון די גרויסע היסטאָרישע פּאַסירונגען פון יעצטיגען מאָמענט. דער פּאַקט איז, אז מיר שטעהען אצינד פאַר א מאָמענט, ווען דאָס סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראָגראַם פון דעם אַרבייטער־קלאַס מוז געשטעלט ווערען אויף א נייעם באַזיס. פּאַרטיי גענאָסען, מיר מוזען היינט צוקניפּען אונזער פּראָגראַם צום זעלבען פּאָדים, מיט וועלכען מאַרקס און ענגעלס האָבען מיט זיבציג יאָהר צוריק געשפּינט דעם קאָמוניסטישען מאַניפעסט. ווי אייך איז באַקאַנט, באַהאַנדעלט דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט דעם סאָציאַליזם און די דורכפיהרונג פון דעם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל אלס די אונמיטעלבאַרע אויפגאַבע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. דאָס איז געווען דער שטאַנדפּונקט פון מאַרקס'ן און ענגעלס'ן אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע אין 1848. אויך אין אינטערנאַציאָנאַלען זין האָבען זיי עס באַטראַכט אלס דעם באַזיס פון פּראָלעטאַרישער אַקטיוויטעט.

אין יענער צייט האָבען זיי ביידע, אזוי גוט ווי אַלע אנדערע גייסטיגע פיהרערס פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג געגלויבט, אז פאַר זיי איז געשטאַנען די אונמיטעלבאַרע אויפגאַבע איינצופיהרען דעם סאָציאַליזם. זיי האָבען געדענקט, אז אַלעס וואָס פאָדערט זיך איז דורכצופירען די פּאָליטישע רעוואָלוציע, צו פאַרכאַפּען די פּאָליטישע מאַכט פון שטאַאט און דאַן קאָן מען דעם

סאָציאַליזם גלייך פאַרוואַנדלען אין פלייש און בלוט. שפּעטער, ווי איהר ווייסט, האָבען מאַרקס און ענגעלס אַליין זיך גענומען רע־ ווידירען דיזען שטאַנדפּונקט, און האָבען איהם ערקלערט אַלס פאַר־ עלטערט.

אָבער ווי קלינגען די פּאַראַגראַפען וואָס זיי האָבען געהאַלטען פאַר פאַרעלטערט? דאָס לעזען מיר אין קאָמוניסטישען מאַני־ פעסט:

„דער פּראָלעטאַריאַט וועט באַנוצען זיין פּאָליטישע הער־ שאַפט מיט דעם ציעל ביסלעכווייז אַרויסצורייסען דעם גאַנצען קאַפּיטאַל פון דער בורזשואַזיע, צו קאָנצענטרירען אַלע פּראָדוק־ ציאָנס־אינסטרומענטען אין די הענט פון דעם שטאַאַט, ד. ה. אין די הענט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אָרגאַניזירט אַלס אַ הערשענדער קלאַס, און אַזוי שנעל ווי מעגליך צו פאַרמעהרען די מאַסע פון די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען.

„דאָס קען, פאַרשטעהט זיך, צוערשט דערגרייכט ווערען נאָר דורך אַ דעספּאָטישער אריינמישונג אין דעם אייגענטומס־רעכט און אין די בורזשואַזע פּראָדוקציאָנס־באַרהעלטניסען, דורך אַזעלכע מיטלען, הייסט עס, וועלכע קענען אויסווייזען פון עקאָנאָמישען שטאַנדפּונקט פאַר צו שוואַכע און צו אונזיכערע, נאָר וואָס וועלען אָבער אין פאַרלויף פון דער באַוועגונג זיך אַליין אַריבערוואַקסען און וועלען אונפאַרמיידליך מוזען ברענגען צו דער איבערבויאונג פון דער גאַנצער פּראָדוקציאָנס־ווייזע.

„די מיטלען וועלען, פאַרשטעהט זיך, זיין פאַרשיידען אין פאַרשיידענע לענדער.

„דאָך אין די פאָרטגעשריטענסטע לענדער וועלען בכלל קאָ־ נען אָנגעווענדעט ווערען די פאָלגענדע מיטלען:

„1) די עקספּראָפּריאַציע פון דעם ערד־פאַרמעגען און די פאַרווענדונג פון דער ערד־רענטע אויף די הוצאות פון דער מלוכה.

„2) אַ גרויסער פּראָגרעסיווער אָדער שטופּענווייזער שטייער אויף הכנסות.

„3) די אָפּשאַפונג פון דעם ירושה־רעכט.

„4) די קאָנפיסקאַציע פון די פאַרמעגענס פון אַלע אַנטלאָ־ פענע און געגען־רעוואָלוציאָנערען.

„5) די צענטראַליזירונג פון דעם קרעדיט אין די הענד פון דעם שטאַאַט דורך א נאַציאָנאַל־באַנק מיט א מלוכה קאַפּיטאַל און מיט דעם אויסשליסליכען שטאַאַט־מאָנאָפּאָל פון קרעדיט אין דעם גאַנצען לאַנד.

„6) צענטראַליזירען די טראַנספּאָרט־מיטלען אין די הענד פון דעם שטאַאַט.

„7) אויסברייטען די צאָהל פאַבריקען און פּראָדוקציאָנס־מיטלען וואָס זאָל געהערען צו דעם שטאַאַט, און פּרוכטבאַר מאַכען די וויסטע לענדערייען און אויסבעסערען די באַארבייטבאַרע ערד נאָך איין אַלגעמיינעם פּלאַן.

„8) איינפיהרען, אז אַלע זאָלען מוזען גלייך ארבייטען, און אָרגאַניזירען אינדוסטריעלע אַרמעען, באַזונדערס פאַר די פעלד־ארבייטען.

„9) פאַראייניגען די פעלד־ארבייט מיט דער אינדוסטריע, אָננעמען מיטלען, אז ס'זאָל ביסלעכווייז באַזייטיגט ווערען דער אונטערשייד צווישען שטאָדט און דאָרף דורך א צוועקמעסיגער פאַרטיילונג פון דער באַפעלקערונג איבער'ן לאַנד.

10) די ערציהונג פון אַלע קינדער אויף דעם חשבון פון דער מלוכה אין עפענטליכע שולען. אָפּשאַפען די פאַבריק־ארבייט פון קינדער אין איהר איצטיגער פאָרם. פאַראייניגען די ערציהונג מיט דער מאַטעריעלער פּראָדוקציע, און א. וו., און א. וו.“

ווי איהר זעהט, זיינען דאָס, מיט ווייניגע אויסנאַמען, די זעלבע אויפגאַבען פאַר וועלכע מיר שטעהען היינט: די דורכפיהרונג און די פאַרווירקליכונג פון דעם סאָציאַליזם. פון דער צייט, ווען יענע פּראָגראַם איז צונויפגעשטעלט געוואָרען, זיינען פאַרביי־געגאַנגען זיבציג יאָהר פון קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג. די היסטאָרישע דיאַלעקטיק האָט אונז געפירט דערצו, אז מיר קומען היינט צוריק צו דער זעלבער אויפפאַסונג, וועלכע מאַרקס און ענגעלס האָבען שפּעטער ערקלערט פאַר א טעות. די קאַפּיטאַליס־טישע ענטוויקלונג האָט אונז געבראַכט דערצו אז דאָס וואָס איז דאַן געווען א טעות איז איצינד געוואָרען אַן אמת. היינט האָבען מיר די אונמיטעלבאַרע אויפגאַבע דורכצופיהרען דאָס, וואָס מאַרקס און ענגעלס האָבען געדענקט דורכצופיהרען אין 1848.

צווישען יענעם אָנפאַנגס־פּונקט פון דער ענטוויקלונג און אונזער היינטיגער אויפגאַבע ליגט ניט נאָר די גאַנצע ענטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם, נאָר אויך די ענטוויקלונג פוון דער סאָציאַליס־טישער ארבייטער באַוועגונג. העכער פון אַלע שטעהט די דייטשע אַרבייטער באַוועגונג אַלס די אָנפּירערין פון דעם מאָדערנעם פּראָ־לעטאַריאַט. די ענטוויקלונג איז פאָרגעקומען אין אַן אייגענאַר־טיגער פאָרמע. נאָך דעם ווי מאַרקס און ענגעלס זיינען ענטוישט געוואָרען פון דער רעוואָלוציע פון 1848 און האָבען אויפגעגעבען דעם שטאַנדפּונקט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז אין דער לאַגע דעם סאָציאַליזם דירעקט צו פאַרווירקליכען, זיינען אין יעדען לאַנד באַזונדער ענטשטאַנען סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וואָס האָבען אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער שטאַנדפּונקט. דער טעגליכער קליינליכער קאַמף אויף דעם פּאָליטישען אוןווירט־שאַפטליכען געביט איז ערקלערט געוואָרען אַלס די אונמיטעלבאַרע אויפגאַבע פון דער באַוועגונג. דאָס אויסבילדען פון פּראָלעטאַ־רישע אַרמעען, וועלכע זיינען באַרופען צו פאַרווירקליכען דעם סאָציאַליזם, ווען די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג וועט ברענגען דערצו, איז ניט געשטאַנען אַלס הויפּט אויפגאַבע. אָט דער אַר־בערבייט, דאָס אוועקשטעלען דאָס סאָציאַליסטישע פּראָגראַם אויף גאָר אַן אַנדער באַזיס, האָט אין דייטשלאַנד אָנגענומען אַ טיפּישע פאָרמע. ביז אין איהר צוזאַמענברוך, דעם 4טען אויגוסט, 1914, איז פאַר דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַטיע געווען מאַסגעבענד דאָס ערפורטער פּראָגראַם. אין יענעם פּראָגראַם פאַרנעמען די זאָגענאַנטע מינימאַל פאָדערונגען דעם אויבען־אָן און דער סאָציאַ־ליזם ווערט אוועקגעשטעלט אַלס ווייטער ענדציעל, ווי אַ שטערן וואָס לייכט פון דער ווייטענס. עס הענגט אָבער אַלעס אָפּ ניט פון דעם וואָס אין פּראָגראַם איז געשריבען נאָר פון דעם, ווי מען פאַרשטעהט דאָס געשריבענע. די פאָדערע, וואָס פריעדריך ענגעלס האָט אין יאָהר 1895 געשריבען צו מאַרקס'עס „קלאַסען־קאַמפען אין פראַנקרייך", ווייזט ווי דאָס פּראָגראַם איז פאַרשטאַנען געוואָרען.

צוריקבליקענדיג אויף דעם יאָהר 1848, באַהויפּטעט ענגעלס, אַז דער שטאַנדפּונקט פון שטעהן אונמיטעלבאַר פאַר אַ סאָציאַ־

ליסטישער רעוואָלוציע איז אַ פּאַרעלטערטער. דאַן זעצט ער פאָר:

„די געשיכטע האָט אונז אַלעמען, וואָס האָבען אַזוי געדענקט, געגעבען אונרעכט. זי האָט פאַר אונז קלאָר געמאַכט דעם פאַקט, אַז די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג אין אייראָפּאַ איז נאָך דאַמאָלסט ווייט ניט פאַרטיג געווען צו באַזייטיגען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע. זי האָט דאָס באַוויזען דורך דער עקאָנאָמישער רעוואָלוציע וואָס האָט זייט 1848 ארומגעכאַפּט דעם גאַנצען קאָנטינענט. דורך דער צייט האָט זיך שטאַרק ענטוויקעלט די אינדוסטריע אין פראַנקרייך, עסטרייך, אונגאַרן, פּוילען און לעצטענס אויך אין רוסלאַנד. דייטשלאַנד ווידער האָט זיך אין דער היגזיכט אַזאַ רוק געטאָן, אַז זי איז געוואָרען אַן אינדוסטריעלע לאַנד פון ערשטען ראַנג. דאָס אַלעס איז פאָרגעקומען אויף אַ קאַפּיטאַליסטישער גרונדלאַגע, פון וועלכער מען האָט אין 1848 נאָך גאָר ניט געוואוסט."

ריידענדיג ווייטער וועגען דעם ווי מיר זיינען אין דייטשלאַנד פון רייכסטאַג־וואַהל ביז רייכסטאַג־וואַהל געוואַקסען אין די מיליאָנען, שליסט ענגעלס פאָלגענדעס:

„מיט דעם וואָס מיר האָבען זיך אַזוי ערפאָלגרייך באַנוצט מיט דעם אַלגעמייגעם שטימרעכט איז ענטשטאַנען גאָר אַ נייער אַרט פון פּראָלעטאַרישען קאַמף און ער האָט זיך וואָס אַ מאָל אַלץ ווייטער ענטוויקעלט. מען האָט אויסגעפונען, אַז ווען דער אַרבייטער קלאַס באַקומט זיינע פאָרשטעהער אין די שטאַאטס־איינריכטונגען, אין וועלכע עס אָרגאַניזירט זיך די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, באַקומט ער ווייטערע מעגליכקייטען דיזע איינריכטונגען צו באַקעמפען. מען האָט זיך אָנגעהויבען באַטייליגען אין די וואַהלען צום לאַנדטאַג, געמיינדעראַטען און אינדוסטריעלע געריכטען. וואו נאָר די פּראָלעטאַרישע באַפעלקערונג איז געווען גרויס גענוג, האָט מען גענומען שטרייטען מיט דער בורזשואַזיע פאַר יעדען אמט. און אַזוי איז עס געשעהן אַז די בורזשואַזיע און די רעגירונג האָבען זיך אָנגעהויבען פיעל מעהר שרעקען פאַר דער געזעצליכער טעטיגקייט פון דער ארבייטער פּאַרטיי ווי פאַר

דער אונגעזעצליכער, זיי האָבען מורח פאַר די וואהל־ערפאָלגען מעהר ווי פאַר די אויפשטאַנדען.״

און ווייטער קריטיקירט ענגעלס אויספיהרליך די אילוזיעס, אַז דער פּראָלעטאריאַט קען ביי די איצטיגע קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטניסען איבערהויפּט עפּעס ערדייכען דורך דעם אָפענעם אויפשטאַנד, דורך דער רעוואָלוציע.

איך גלויב אַז ביי היינטיגען טאָג געפינען מיר זיך אין אַ רעוואָלוציע, אַ גאַסען־רעוואָלוציע מיט אַלע קלאַפּער־געצייג. עס איז דעריבער שווין צייט צו שיידען זיך מיט דער אויפפאַסונג, וועלכע איז ביז לעצטענס געווען אָפיציעל אָנגענומען אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די דאָזיגע אויפפאַסונג איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם וואָס מיר האָבען דערלעבט די פּאַסירונגען פון דעם 4טען אויגוסט 1914. (זעהר ריכטיג!)

איך וויל דערמיט ניט זאָגען אַז ענגעלס איז פּערזענליך שולדיג אין דעם גאַנג פון דער ענטוויקלונג אין דייטשלאַנד. איך זאָג נאָר, אַז דאָס איז אַ קלאַסיש צונויפגעשטעלטער דאָקומענט, וואָס ווייזט די אויפפאַסונג וואָס האָט געלעבט אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אָדער נאָך מעהר — וואָס האָט געטויטעט די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

מיט זיינע גרויסע קענטניסע אויף דעם געביט פון מיליטאַריזם, באַווייזט אויך ענגעלס, אַז ביי דער היינטיגער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, די גרויסע שטעדט אין דעם מיליטאַריזם איז עס אַן אונזין צו דענקען, אַז דער ארבייטער קען מאַכען אַ רעוואָלוציע אויפ'ן גאַס און אַרויסקומען דער זיעגער. די שטעלונג האָט געבראַכט צוויי רעזולטאַטען. ערשטענס האָט מען אָנגעהויבען קוקען אויף דעם פּאַרלאַמענטאַרישען קאַמף, ווי אויף אַ געגענזאַץ צו דירעקטער פּראָלעטאַרישער אַקציאָן און אויף דעם איינציגען מיטעל פון קלאַסענקאַמף. פון דעם איז אַרויס דער ריינער נאָר־פּאַרלאַמענטאַריזם. צווייטענס איז, מערקווירדיגער ווייזע, די גוואַלדיגע אָרגאַניזאַציע פון קלאַסענשטאַאַט, דער מיליטאַריזם, וואָס טוט אָן קאָמפּראָמיס־מאַנטלען אויף פּראָלעטאַרישע קינדער, ערקלערט געוואָרען אַלס ניט צוגענגליך פאַר וועלכער עס איז סאָ־

ציאַליסטישער ווירקונג. יענע פאָררערע רעדט וועגען דעם, אַז ביי דער היינטיגער ענטוויקלונג פון די ריעזענאַרמייען איז עס אַן אונזין צו דענקען, אַז די ארבייטער קענען פאַרטיג ווערען מיט די סאָלדאַטען וואָס באַזיצען אַלע לעצטע טעכנישע קאַמף־מיטלען. לויט דער באַהויפּטונג קומט אויס, אַז ווער עס ווערט נאָר אַ סאָל־דאַט מוז גלייך און אויף אימער ווערען אַ שטיצע פאַר דעם הער־שענדען קלאַס. אונזער איצטיגע ערפאַרונג ווייזט אונז אַז דאָס איז דורכאויס אַ טעות.

פאַרטייגענאָסען, ווי איך האָב שוין פריהער באַמערקט, שטע־העז מיר היינט ווידער דאָרט, וואו מאַרקס און ענגעלס זיינען געשטאַנען אין 1848, ווען זיי האָבען צום ערשטען מאָל פאַנאַנ־דערגעוויקעלט די פאָן פון אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם. מיר זיינען צו דער שטעלע געקומען דורך דעם גאַנג פון דער היסטאָרי־שער דיאַלעקטיק און מיר זיינען היינט רייכער מיט גאַנצע 70 יאָהר קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג. אַמאָל האָט מען רעווי־דירט די טעות׳ען און די אילוזיעס פון דעם יאָהר 1848 און באַ־שלאָסען אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט נאָך אַן אונענדליך ווייטע שטרעקע פאַר זיך ביז דער סאָציאַליזם וועט פאַרווירקליכט ווערען. נאַטירליך, האָט קיין ערנסטער טעאָרעטיקער קיין מאָל ניט אָנגע־געבען קיין זיכערען טערמין, ווען דער קאַפּיטאַליזם וועט צוזאַמענ־ברעכען. אָבער מען האָט יעדענפאַלס געדענקט אַז די שטרעקע איז נאָך זעהר אַ לאַנגע. דאָס זעהט מען אַרויס פון יעדער ציילע פון יענער פאָררעדע, וואָס ענגעלס האָט געשריבען אין 1895. נו, אַצינד קענען מיר שוין מאַכען דעם חשבון. אין פערגלייך מיט דער ענטוויקלונג פון דער ארבייטער באַוועגונג איז די פאַר־גאַנגענע צייט גאָר אַ קורצע, ניט אמת? 70 יאָהר פון גרויס־קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג זיינען גענוג געוועזען צו ברענגען אונז אַזוי ווייט, אַז היינט קענען מיר אָפּשאַפען דעם קאַפּיטאַ־ליזם. יא, נאָך מעהר: מיר זיינען ביי היינטיגען טאָג ניט נאָר אין דער לאַגע צו לייזען דיזע אויפגאַבע, און דאָס איז ניט נאָר אונזער פליכט צום ארבייטער קלאַס, נאָר די לייזונג איז היינט די איינציגע רעטונג פאַר דער גאַנצער מענשליכער געזעלשאַפט.

(לעבהאַפטע צושטימונג.)

וואָס האָט דען, פּאַרטיי גענאָסען, דער קריג איבערגעלאָזען פאַר דער בירגערליכער געזעלשאַפט אויסער אַ באַרג מיט חורבות? פאָרמעל ליגען נאָך די אַנגעזאַמעלטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין די הענט פון דעם הערשענדען קלאַס. דאָס ווייסען מיר גאַנץ גוט. אָבער וואָס קענען זיי דערמיט אויפטאָן? זייערע קאָנ־וואולסיווע פאַרזוכען צוריק אויפצושטעלען דאָס סיסטעם פון עקס־פּלואַטאַציע דורך גייע בלוטבעדער קען צו גאָרנישט פיהרען, אויסער אַנאַרכיע. מיר זיינען אַזוי ווייט געקומען אַז היינטיגען טאָג שטעהט די מענשהייט פאַר דער ברירה: אָדער אונטערגאַנג אין אַנאַרכיע, אָדער רעטונג דורך סאָציאַליזם. אויף דעם באָדען פון קלאַסענהערשאַפט אין קאַפּיטאַליזם קענען די בירגערליכע קלאַסען בשום אופן ניט געפינען קיין אויסגאַנג פון די פאָלגען, וואָס דער וועלטקריג האָט געבראַכט. און אַזוי איז עס געקומען דערצו אַז מיר האָבען דערזעהן דעם אמת וועלכען מאַרקס און ענגעלס האָבען אין קאָמוניסטישען מאַניפעסט אַוועקגעשטעלט, אַלס דעם וויסענשאַפטליכען גרונט פון דעם סאָציאַליזם. דאָס איז די באַהויפּטונג, אַז דער סאָציאַליזם איז געוואָרען אַ נויטווענדיגקייט ניט בלויז דערפאַר וואָס דער פּראָלעטאַריאַט וויל מעהר ניט לעבען אונטער די אַלטע באַדינגונגען, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען שטעלען זיי, נאָר ווען דער פּראָלעטאַריאַט זאָל ניט ערפילען זיין קלאַסען־פליכט און פאַרווירקליכען דעם סאָציאַליזם, שטעהט אונז אַלעמען פאַר אַ פאָלקאָמענער אונטערגאַנג. (לעב־האַפטע צושטימונג.)

גו, פּאַרטיי גענאָסען, דאָס איז די אַלגעמיינע גרונדלאַגע, אויף וועלכער אונזער פּראָגראַם, וואָס מיר דאַרפען היינט אָננעמען, איז געבויט. איהר וועט דאָס געפינען אין דער בראָשורע „וואָס וויל דער ספּאַרטאַקוסבונד?“ עס שטעהט אין דירעקטען געגענ־זאַץ צו דעם ערפורטער פּראָגראַם; עס איז געגען דעם אַז די מינימאַל־פאָדערונגען וואָס עס שטעלט אַרויס דער ווירטשאַפט־ליכער און פּאָליטישער קאַמף, זאָלען אָפּגעטיילט ווערען פון דעם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל וועלכער רופט זיך מאַקסימאַל־פּראָגראַם. אין געגענזאַץ דערצו ליקווידירען מיר די רעזולטאַטען פון די לעצטע 70 יאָהר ענטוויקלונג און פון די פאָלגען פון דעם וועלט־

קריג דורך דעם וואָס מיר ערקלערען: פאַר אונז איז מעהר ניטאָ קיין מינימאַל- און קיין מאַקסימאַל־פּראָגראַם, דער סאָציאַליזם איז איינס און דאָסזעלבע. דאָס איז דער מינימום וועלכען מיר דאַרפען דורכפיהרען ביים איצטיגען מאָמענט. (זעהר גוט!)

גענאָסען, אונזער היינטיגער פּאַרטיי־טאָג, וועלכער, איך בין שטאָלץ צו זאָגען, איז דער קאָנסטיטואירענדער פּאַרטיי־טאָג פון דער איינציגער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט, פאַלט, צופעליג אָדער ניט צופעליג, צוזאַמען מיט אַ ווענדעפּונקט אין דער ענטוויקלונג פון דער דייטשער רעוואָלוציע. מען מעג זאָגען, אַז מיט די פּאַסירונגען פון די לעצטע טעג ענדיגט זיך די אָנפאַנגס־עפּאָכע פון דער דייטשער רעוואָלוציע, און איצינד טרעטען מיר אַריין אין אַ צווייטער פאַזע פון איהר ענטוויקלונג. עס איז אונזער אַלעמענס פליכט צו באַציהען זיך קריטיש צו אונזערע אייגענע האַנדלונגען און אויך צו מאַכען אַ קריטישען אַנאַליז פון אַלעס, וואָס איז געשאַפען און נעלייסטעט אַזוי גוט ווי פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען אין אונזער באַוועגונג. אַזאַ קריטיק וועט זיין פאַר אונז אַ קוואַל פון טיפער פאַרשטעהן די צוקינפט און וועט אונז העלפען בעסער דורכצופירען אונזערע אויפגאַבען. איצינד וועלען מיר וואַרפען אַן אַנאַליטישען בליק אויף דער אָקאָרשט פאַרענדיגטער פאַזע פון דער רעוואָלוציע!

איהר אויסגאַנגספּונקט איז געווען דער 9טער נאָוועמבער. די רעוואָלוציע פון 9טען נאָוועמבער איז געווען פול מיט אונפעהיגקייט און קראַפטלאָזיגקייט. און עס איז קיין וואונדער ניט. די רעוואָלוציע איז געקומען נאָך פיער יאָהר קריג, פיער יאָהר אין וועלכע דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט האָט, אַ דאַנק דער ערציהונגסשול פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע און די פרייע געווערקשאַפטען, אַזוי אָפּגעלייקענט און צו שאַנד געמאַכט זיינע סאָציאַליסטישע אויפגאַבען, ווי דאָס איז נאָך קיינמאָל אין קיין לאַנד ניט געטאָן געוואָרען. אַלס מאַרקסיסטען און סאָציאַליסטען שטעהען מיר אויף דעם שטאַנדפּונקט פון היסטאָרישער ענטוויקלונג. אַרויסגעהענדיג פון דיזען שטאַנדפּונקט, קען מען ניט ערוואַרטען

אז אין דעם זעלבען דייטשלאַנד, וואו מיר האָבען געזעהן דאָס פורכטבאַרע בילד פון 4טען אויגוסט 1914 און די 4 יאָהר וואָס זיינען פאַראיבער זינט דאַן, זאָל פּלוצלונג דעם 9טען נאָוועמבער 1918 אויסברעכען אַ גרויסאַרטיגע, קלאַסענבאַוואוסטע און ציעל־באַוואוסטע רעוואָלוציע. דאָס וואָס מיר האָבען דורכגעלעבט דעם 9טען נאָוועמבער איז געווען דריי פערטעל מעהר דער צו־זאַמענברוך פון דעם אימפּעריאַליזם, ווי דער זיעג פון אַ נייעם פּרינציפּ. (צושטימונג.) עס איז פּשוט געקומען דער מאָמענט ווען דער אימפּעריאַליזם האָט געמוזט צוזאַמענברעכען ווי אַ רי־זיגער זייל וואָס איז אינווענינג דורך און דורך צופוילט. דאָס וואָס איז געקומען נאָך דעם צוזאַמענברוך איז געווען אַ מעהר אָדער וועניגער כאַאָטישע, פּלאַנלאָזע און זעהר וועניג באַוואוסט־זיניגע באַוועגונג.

דער איינציגער רעטענדער פּרינציפּ, וואָס האָט געהאַט אַ באַשטימטען און פאַראייניגענדען ווערט, האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם לאָזונג: דאָס בילדען פון אַרבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען. דאָס איז דאָס שטיכוואָרט פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט אויף איהר גלייך געלייגט אַ שטעמפּעל פון אַ פּראָלעטאַרישער סאָציאַ־ליסטישער רעוואָלוציע, ניט קוקענדיג אויף דער גאַנצער אונ־פעהיגקייט און שוואַכקייט פון דעם ערשטען מאָמענט. ווען מען קומט צו אונז מיט פאַרלוימדונגען געגען די רוסישע באָלשעווי־קעס, דאַרפען מיר קיינמאָל ניט פאַרגעסען צו ענטפערען: וואו האָט איהר זיך געלערנט דעם אלף־בית פון דער היינטיגער רעוואָ־לוציע? פון די רוסען האָט איהר איבערגענומען די אַרבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען. (צושטימונג.) יענע לייטע, וואָס שטעהען היינט אויפ׳ן שפּיץ פון דער אַזוי גערופענער סאָציאַליסטישער רעגירונג און באַטראַכטען עס אלס די פליכט פון זייער אַמט צו פאַרניכטען די רוסישע באָלשעוויקעס, האַנט אין האַנט מיט די ענגלישע אימפּעריאַליסטען, באַשטעהען פאָרמעל אויף אַרבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען. זיי מוזען דערמיט אַנערקענען אַז די רו־סישע רעוואָלוציע איז געווען יענע, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט די ערשטע לאָזונגען פאַר אַ וועלט־רעוואָלוציע. מיר זיינען זיכער, און יעדער איינער קען עס אַליין אַרויסזעהן פון דער איצטיגער

לאַגע, אַז אין וואָס פאַר אַ לאַנד די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע זאָל זיך ניט דורכברעכען, דייטשלאַנד איינגעשלאָסען, איבעראַל וועט דער ערשטער שריט זיין דאָס בילדען פון ארבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען. (זעהר ריכטיג!)

גראַד אין דעם ליגט דער אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענבונד פון אונזער טעטיגקייט. דאָס איז דאָס שטיכוואָרט, וואָס טיילט אונזער רעוואָלוציע פאָלשטענדיג אָפּ פון אַלע פריהערדיגע בירגערליכע רעוואָלוציעס. עס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר די דיאַלעקטישע ווידערשפּרוכען אין וועלכע די איצטיגע רעוואָלוציע (אַזוי גוט ווי אַנדערע רעוואָלוציעס) באַוועגט זיך, אַז שוין דעם 9טען נאָוועמבער, ווען זי האָט געוויסערמאַסען ארויסגעלאָזט איהר געבורטס־געשריי, איז גלייך געפונען געוואָרען דער לאָזונג וואָס פיהרט אונז ביז צום סאָציאַליזם: ארבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען. ארום דעם דאָזיגען וואָרט גרופּירט זיך אַלעס. די רעוואָלוציע האָט דעם לאָזונג געפונען אינסטינקטיוו, טראָצדעם וואָס דעם 9טען נאָוועמבער איז זי נאָך געווען אַזוי צוריקגעשטאַנען. אַ דאַנק דער אונפעהיגקייט, שוואַכקייט, מאַנגעל אין איינענער איניציאַטיווע און קלאָרקייט איבער איהרע אויפגאַבען, האָט עס די רעוואָלוציע געבראַכט אַזוי ווייט אַז אויפ'ן צווייטען טאָג האָט זי פאַרלאָרען אַ האַלב פון דער מאַכט וואָס זי האָט דעם 9טען נאָוועמבער ערגאָבערט. און דאָך איז געבליבען דער לאָזונג: ארבייטער און סאָלדאַטען־ראַטען. דאָס ווייזט, פון איין זייט, אַז די היינטיגע רעוואָלוציע שטעהט אונטער דעם מעכטיגען געזעץ פון דער היסטאָרישער נויטווענדיגקייט, וואָס פאָדערט, אַז מיר זאָלען שריט נאָך שריט קומען צו אונזער ציעל טראָץ אַלע שוויריגקייטען, אונקלאָרקייט און אינערע אונפאָלקאָמענהייט. פון דער אַנדערער זייט, ווען מען פאַרגלייכט דיזען קלאָרען, דייטליכען לאָזונג מיט די פאַקטישע האַנדלונגען וועלכע האָבען זיך אָן איהם אָנגעקניפּט מוז מען זאָגען: מיר האָבען דערוויייל נאָר געזעהן די ערשטע קינדערשריט פון דער רעוואָלוציע. זי האָט נאָך געוואַלדיג פיעל צו לייסטען און אַ ווייטען וועג דורכצוגעהן, אום צו קומען צו דער פאַרווירקליכונג פון איהרע ערשטע לאָזונגען.

**פּאַרטיי־גענאָסען, עס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דער**

ערשער עפּאָכע פון דער רעוואָלוציע. דאָס מוזען מיר זיך מיט פולען באוואוסטזיין קלאָר מאַכען. אין דעם ליגט די מאַכטלאָזיגקייט, באוואוסטלאָזיגקייט און האַלבקייט פון דער רעוואָלוציע. עס איז געווען דער ערשטער שטאַפּעל פון אַן איבערקערעניש וואָס איהרע הויפּט אויפגאַבען ליגען אויף דעם עקאָנאָמישען געביט: אַ שנעלע איבערבייטעניש פון די ווירטשאַפטליכע פאַרהעלטניסען. די רעוואָלוציע איז געווען נאַאיוו, אומבאוואוסטזיניג ווי אַ קינד. זי האָט געטאַפּט דעם וועג, אַליין ניט וויסענדיג וואוהין זי געהט. ווי געזאָגט, דאָס איז געווען נאָר אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע?

ערשט די לעצטע וואָכען האָבען פלוצלונג אָנגעהויבען אויסצוברעכען סטרייקס. און אַצינד ווילען מיר אָט וואָס זאָגען:

עס ליגט גראַד אין עצם פון דער דאָזיגער רעוואָלוציע, וואָס די סטרייקס וואַקסען וואָס מעהר און מעהר, וואָס זיי מוזען ווערען דער מיטעלפּונקט, די הויפּטזאַך פון דער רעוואָלוציע. דאַמאָלס ווערט עס אַן עקאָנאָמישע רעוואָלוציע און דורך דעם אויך אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע. דער קאַמף פאַר דעם סאָציאַליזם קען אָבער אויסגעקעמפּט ווערען נאָר ווען די מאַסען שטעלען זיך אונמיטעלבאַר, ברוסט געגען ברוסט, מיט דעם קאַפּיטאַליזם, יעדער אַרבייטער געגען זיין אייגענעם אונטערנעמער אין זיין ספּעציעלען פאַך. נאָר דאַן וועט עס זיין אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע.

די געדאַנקענלאָזיגקייט שטעלט זיך עס אָבער אַנדערש פאָר. מען האָט געדענקט, אַז עס איז נאָר נויטיג אַרונטערצוואַרפען די אַלטע רעגיערונג און אויף איהר אָרט אַרויפזועצען אַ סאָציאַליסטישע, דאַן וועט מען אַרויסלאָזען דעקרעטען און אויף אַזאַ אופן איינפירען דעם סאָציאַליזם. דאָס איז געווען ניט מעהר ווי אַן אילוזיע. דער סאָציאַליזם קען ניט און וועט ניט איינגעפירט ווערען דורך דעקרעטען, ווען אפילו זיי זאָלען אַרויסגעלאָזט ווערען פון דער אויסגעצייכענטסטער סאָציאַליסטישער רעגירונג. דער סאָציאַליזם מוז געשאַפען ווערען דורך די מאַסען, דורך יעדען איינצעלנעם אַרבייטער. דאָרט, וואו מען שמידט איהם אין קייטען פון קאַפּיטאַל, דאָרט מוזען די קייטען צובראָכען ווערען. נאָר דאָס איז סאָציאַליזם, נאָר אויף אַזאַ אופן קען מען ברענגען דעם סאָציאַליזם.

אין וואָס איז די אויסערע פאָרם פון דעם קאַמף פאַר דעם סאָציאַליזם? דאָס איז דער סטרייק. און דעריבער זעהען מיר, אַז אין דער צווייטער עפּאָכע פון דער רעוואָלוציע טרעט ארויס אין פאָדערגרונט די עקאָנאָמישע פאַזע פון איהר ענטוויקלונג. איך וויל דאָ אויך באַטאָנען: מיר, פון ספּאַרטאַקוס־בונד, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד, זיינען די איינציגע אין גאַנץ דייטשלאַנד, וואָס שטעהען אויף דער זייט פון די סטרייקענדע, קעמפּפענדע ארבייטער. מיר זיינען שטאָלץ צו מאַכען די באַהויפּטונג און קיינער קען עס ניט אָפּלייקענען. (זעהר ריכטיג!) איהר האָט געלעזען און געזעהן ווי די אומאָפּהענגיגע פּאַרטיי האָט זיך פאַרהאַלטען צו די סטרייקס. עס איז דורכאויס ניט געווען קיין אונטערשייד צווישען דער שטעלונג פון „פאָרוועררטס" און פון דער „פרייהייט". מען טענה'ט צום ארבייטער: איהר מוזט זיין פלייסיג, סאָציאַליזם הייסט אַ סך ארבייטען. און דאָס זאָגט מען בשעת דאָס קאַפּיטאַל פיהרט נאָך די גרענדע! ניין, ניט דורך דעם ברענגט מען דעם סאָציאַליזם, נאָר דורך ענערגישען באַקעמפען דעם קאַפּיטאַליזם. אַלע פאַרטיידיגען איהם אָבער, אָנהויבענדיג מיט די ערגסטע אויפהעצערס און ענדיגענדיג מיט דער אומאָבהענגיגער פּאַרטיי און דער „פרייהייט". די איינציגע אויסנאַמע איז אונזער קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אָט די פּאַקטען ווייזען קלאָר, אַז אַלעס וואָס שטעהט ניט אויף אונזער קאָמוניסטישען באָדען, קעמפּט היינט צוטאָג אויפ'ן שאַרפסטען אופן געגען די סטרייקס.

פון דעם אַלעם פאָלגט, אַז אין דער קומענדער רעוואָלוציאָנס־עפּאָכע וועלען די סטרייקס ניט נאָר האַלטען אין איין אויסברייטען זיך, נאָר זיי וועלען ווערען דער מיטעלפּונקט פון דער רעוואָלוציע און זיי וועלען צוריקשטופּען די ריין פּאָליטישע פראַגען. איהר וועט זעהן אַז עס וועט קומען אַן אומגעהויערע פאַרשאַרפונג אין דער לאַגע פון ווירטשאַפטליכען קאַמף. ווייל דערמיט קומט די רעוואָלוציע אויף אַ שטעלע וואו די בורזשואַזיע פאַרשטעהט ניט קיין שפּאַס. די בורזשואַזיע קען זיך לאָזען נאַרען אויפ'ן פּאָליטישען געביט, וואו אַ מאַסקעראַד איז נאָך מעגליך, וואו אַזעלכע לייט ווי עבערט און שיידעמאַן קענען נאָך ארויסטרעטען מיט סאָ־

ציאַליסטישע אויפשריפטען. דאָס איז אָבער ניט מעגליך דאָרט, וואו עס געהט איין פּראָפּיט. דאָרט וועלען די עבערט־שיידעמאַן לייט האָבען איין ברירה, צו מאַכען אַ סוף צו די סטרייקס אום ניט דערשטיקט צו ווערען דורך דער סטרייק־באַוועגונג. ווען ניט זייי־נען די הערדען עבערט־שיידעמאַן אויסגעשפּיעלט. איך גלויב אַז זייערע פּאָליטישע האַנדלונגען וועלען אויך גאַנץ שנעל פיהרען דער־צו, אַז זיי וועלען אויסגעשפּיעלט ווערען. די הערדען עבערט־שיידעמאַן פיהלען זיך שטאַרק געטראָפען דערפון, וואָס זיי האָבען ביי דער בורזשואַזיע ניט געפונען באַזונדער פיעל צוטרויען. די בורזשואַזיע וועט זיך נאָך איבערלייגען צי זי זאָל אָנטאָן דאָס קעניגליכע פוטער אויף דעם פּראָסטען, אויפגעקומענעם עבערט. אַז עס וועט קומען דערצו, וועט מען זאָגען: עס איז ניט גענוג צו האָבען בלוט אין די פינגער, מען דאַרף האָבען בלויע בלוט אין די אָדערען (זעהר גוט!). און אַז עס וועט שוין קומען אַזוי וויית, וועט מען זיך באַרעכענען: אַז מיר ווילען האָבען אַ קעניג, דאַר־פען מיר ניט האָבען קיין אויפגעקומענעם פּראָסטאַק, וואָס וועט זיך אפילו ניט וויסען ווי צו האַלטען אַלס קעניג. (דער עולם איז צופרידען.)

אַזוי, פּאַרטייגענאָסען, שטופּען עס די הערדען עבערט־שיי־דעמאַן דערצו אַז עס זאָל זיך ענטוויקלען אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. זיי וועלען ניט אויסלעשען די פלאַמען פון דעם עקאָ־נאָמישען קלאַסענקאַמף און זיי וועלען די בורזשואַזיע ניט צופרידען שטעלען. זיי וועלען זיך ענטוועדער אריינוואַרפען מיט זייער הילף צו די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען, וואָס מאָביליזירען איצט זייערע כחות פאַר אַ פאַרצווייפעלטען קאַמף פאַר הערר גראָענער און פאַר דער מיליטער־דיקטאַטור פון הינדענבורג, אָדער זיי וועלען זיך מוזען אונטערגעבען צו אַנדערע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע כחות.

עס לאָזט זיך גענוי ניט באַשטימען און עס קענען ניט געמאַכט ווערען קיין פּאָזיטיווע פּראָרויסזאָגונגען וועגען דעם וואָס עס מוז יעצט קומען. אָבער עס געהט דאָך אונז ניט אָן די אויסערע פאָרמען, אונז אַרט ניט ווען אַ געוויסער מאָמענט וועט אָנקומען. פאַר אונז איז גענוג צו וויסען די הויפּטליניען פון דער וייטערער ענטוויקלונג, און זיי געהען אויף דעם פאָלגענדען וועג: נאָך דער

ערשטער פאַזע פון דער רעוואָלוציע, ווען אין פאָדערגרונט שטעהט דער פּאָליטישער קאַמף, קומט אַ פאַזע פון אַ פארשטאַרקטען, הויפּטזעכליך עקאָנאָמישען דראַנג, וואָס וועט פריהער אָדער שפּע־טער אומשטירצען די עבערט־שיידעמאַן רעגירונג.

וואָס בלייבט אַלזאָ צו טאָן פאַר דער עבערט־שיידעמאַן אָדער אירגענד וועלכער אַנדערער אַזוי גערופענער סאָציאַלדעמאָקראַטי־שער רעגירונג וואָס וויל בלייבען ביים רודער? איך האָב געזאָגט, אַז די פּראָלעטארישע מאַסע האָט זיך ארויסגעגליטשט פון זייערע הענט, די סאָלדאַטען קען מען שוין אויך מעהר ניט נוצען אַלס קאַנאָנען־פלייש. אָבער, וואָס וועלען די אָרימע מענשען טאָן אום ווי עס איז צו ראַטעווען זיך? עס בלייבט זיי נאָר איין געלעגענהייט. און, פּאַרטייגענאָסען, ווען איהר לייענט די היינטיגע פרעס נאַכריכטען דאַן קענט איהר קלאָר זעהן וואו עס שטעהען די לעצטע רעזערווען וואָס די דייטשע קאָנטר־רעוואָלוציע קלייבט זיך ארויסצופירען געגען אונז, ווען עס וועט קומען די צייט דערצו. איהר האָט אַלע געלייענט, אַז די דייטשען זיינען אין ריגאַ ארויסגעטראָטען מיט די ענגלענדער. פּאַרטייגענאָסען, איך האָב גענוג דאָקומענטען ביי מיר אין דער האַנט דורך וועלכע מיר קענען ווארפען אַן איבערבליק אויף דעם וואָס קומט אַצינד פאַר אין ריגאַ. די גאַנצע זאַך קומט ארויס פון דער אויבערקאָמאַנדאָ פון דער 7טער ארמיי, האַנט אין האַנט מיט דעם הערר אויגוסט ווינניג, דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַט און געווערקשאַפטספיהרער. מען האָט אונז כסדר איינגעשמועסט אַז עבערט און שיידעמאַן זיינען נעבעך די אָפּפער פון די עליים. עס איז שוין אָבער וואָכען לאַנג, זינט דעם אָנהויב פון דער רע־וואָלוציע, ווי דער „פאָרווערטס" זוכט צו באַווייזען אַז עס איז דער וואונש פון די עליים צו דערשטיקען די רוסישע רעוואָלוציע. איי־גענטליך פיהרט מען אויף אַזאַ אופן ארויף די עליים אויף דעם ריכטיגען געדאַנק. פון די דאָקומענטען זעהען מיר גאַנץ קלאָר, ווי דאָס אַלעס ווערט געטאָן אויף דעם חשבון פון דעם רוסישען פּראָ־לעטאַריאַט און דער דייטשער רעוואָלוציע.

איהר האָט מיט אַ צייט צוריק געלעזען וועגען דער „אייזער־נער דיוויזיע", וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין די באַלטישע

פּראָווינצען מיט דעם אויסדריקליכען ציעל צו באַקעמפען די באָל־שעוויקעס. עס איז ניט געווען קלאָר, וואָס פאַר א שטעלונג די עבער־שיידעמאַן רעגירונג האָט גענומען דערצו. אצינד ווייסען מיר אַז טאַקע די רעגירונג גופא האָט געמאַכט דעם פאָרשלאַג צו גרינדען אזא דיוויזיע.

עס איז קלאָר, גענאָסען, אַז די אַלע האַנדלונגען, דאָס גרינ־דען אייזערנע דיוויזיעס און דאָס פאַרבינדען זיך מיט דעם ענג־לישען אימפּעריאַליזם באַדייט קיין אַנדער זאַך ניט ווי דאָס צו־גויפקלייבען די לעצטע רעזערוון צו דערשטיקען די דייטשע סאָ־ציאַלדעמאָקראַטישע באַוועגונג. מיט דעם איז אָבער אויך פאַר־קניפּט די קאַרדינאַלע פראַגע, — די פראַגע פון די פרידענס־אויס־זיכטען. וואָס אַנדערס קענען מיר זעהן אין די אַלע אָפּמאַכען ווי דאָס ווידער־אויפוועקען צום קריעג? אין דייטשלאַנד שפּילען די אַלע האַלונקען א קאָמעדיע. כלומרשט טוען זיי אַלעס צו ברענ־גען פרידען, און מיר שטערען זיי מיט דעם וואָס מיר רופען ארויס די אונצופרידענקייט פון די עליים. און אין דער זעלבער צייט גרייטען זיי מיט זייערע אייגענע הענט צו דאָס ווידער־אויפפלאַמען פון דעם קריעג אין מזרח, נאָך וועלכען עס וועט מוזען קומען דער קריעג אין דייטשלאַנד. דאָ האָט איהר אַלזאָ נאָך א לאַגע וואָס פיהרט צו אונזער שאַרפען פאַנאַנדערגעהן זיך. אינאיינעם מיט דעם סאָציאַליזם און די אינטערעסען פון דער רעוואָלוציע וועלען מיר אויך מוזען פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון דעם וועלט־פרידען. דאָס וועט זיין א באַשטעטיגונג פון דער זעלבער טאַק־טיק וואָס מיר, די ספּאַרטאַקוס ליט האָבען פאַרטראָטען די גאַנצע פיער יאָהר פון קריעג. פרידען מיינט די וועלט־רעוואָלוציע פון דעם פּראָלעטאַריאַט! עס איז ניטאָ קיין אַנדער וועג ווירקליך צו ברענגען און צו פאַרזיכערען דעם פרידען, ווי דער זיעג פון סאָ־ציאַליסטישען פּראָלעטאַריאַט. (לעבהאַפטע צושטימונג).

איך האָב אויך געפּרובירט צו דערווייזען, אַז די רעוואָלוציע פון 9טען נאָוועמבער איז געווען ניט מעהר ווי א פּאָליטישע, בשעת זי האָט געמוזט ווערען הויפּטזעכליך אַן עקאָנאָמישע. זי איז אָבער אויך געווען דורכאויס א שטאָדטישע רעוואָלוציע. דאָס דאָרף איז נאָך ביז אצינד געבליבען כמעט אומבאַרירט. עס איז אַן

אונזין צו דענקען אַז מען קען דעם סאָציאַליזם פּאַרווירקליכען אָהן די ערד־אַרבייטער. פון שטאַנדפּונקט פון סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט קען מען איבערהויפּט ניט איבערבויען די אינדוסטריע, ווען מען זאָל זי ניט פאַרבינדען מיט אַ סאָציאַליסטיש־אָרגאַניזירטער לאַנד־ווירטשאַפט. דער וויכטיגסטער געדאַנק פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט איז צו באַזייטיגען די געגענזאַצען און די צוריסענקייט צווישען שטאָדט און דאָרף. אָט די צוריסענקייט, די ווידערשפּרוכען, די געגענזאַצען זיינען אַ ריין־קאַפּיטאַליסטישע ערשיינונג, וועלכע מוז אויפגעגעבען ווערען גלייך ווי מיר שטעלען זיך אויף אַ סאָציאַליסטישען שטאַנדפּונקט. אויב מיר מיינען עס ערנסט מיט אַ סאָציאַליסטישער אומבייטונג, מוזען מיר גלייך ווענדען אונזערע אויגען צו דעם דאָרף פּונקט אַזוי גוט ווי צו די גרויסע אינדוסטריעלע צענטרען, און אין דער הינזיכט האַלטען מיר נאָך לײדער אפילו ניט ביים אָנהויב פון אָנהויב. אַצינד מוזען מיר זיך גאַנץ ערנסט נעמען צו דער זאַך, ניט נאָר דערפאַר וואָס מיר קענען ניט בויען קיין סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט אָן דעם ערד ארבייטער, נאָר אויך דערפאַר וואָס צווישען די לעצטע רעזערוווען פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע האָבען מיר געגען זיך איין זעהר וויכטיגען רעזערוו, און דאָס איז דאָס בויערטום. טאַקע דערפאַר וואָס דאָס פּויערטום איז נאָך ביז אַצינד געבליבען אומבארירט, קען עס דיענען אַלס רעזערוו פאַר דער בורזשואַזיע. אַזוי שנעל ווי די פלאַמען פון דעם סאָציאַליסטישען סטרייק וועלען זיך גוט צוברענען וועט די בורזשואַזיע מאָביליזירען דאָס בויערטום, די פאַנאַטישע אָנהענגערס פון פּריוואַט אייגענטום. געגען דער דאָזיגער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער מאַכט איז ניטאָ קיין אַנדער מיטעל, ווי אַריינצוברייגען דעם קלאַסענקאַמף אין דאָרף אַריין, אום דאָס קליינבויערטום, דער ערדלאָזער פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך ניט לאָזען מאָביליזירען. (בראַוואָ! און אַפּלאָדיסמענטען.)

פון דעם זעהען מיר וואָס מיר האָבען צו טאָן אום פּאַראויס צו זיכערען דעם ערפאָלג פון דער רעוואָלוציע. פאָלגענדע דאַרפען זיין אונזערע נעקסטע אויפגאַבען: פאַר אַלעמען מוזען מיר איינפירען דאָס סיסטעם פון אַרבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען. הויפּטזעכליך מוזען מיר זעהן אין דער צוקונפט אויפבויען די אַרבייטער־

ראַטען אין אַלע ריכטונגען. דאָס וואָס מיר האָבען איבערגענומען פון דעם 9טען נאָוועמבער איז נאָר אַ שוואַכער אָנהויב, און ניט דאָס אַליין — מיר האָבען אין דער ערשטער פאַזע פון דער רע־וואָלוציע צוריק פאַרלאָרען גרויסע מאַכט־מיטלען. איהר ווייסט דאָך, אַז די קאָנטר־רעוואָלוציע האָט זיך גענומען אונטערדריקען דאָס סיסטעם פון אַרבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען. אין העססען זיינען די דאָזיגע ראַטען איבערהויפּט צושטערט געוואָרען דורך דער קאָנטר־ערוואָלוציאָנערער רעגירונג, און אין אַנדערע ערטער האָט מען ביי זיי אָפּגענומען די מאַכט. מיר מוזען ניט בלויז דאָס אַרבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען סיסטעם אויפבויען, מיר מוזען אויך זעהן די ערד־אַרבייטער און די קליינבויערען אַריינציהען אין די ראַטען. מיר מוזען באַקומען די מאַכט, און די פראַגע פון באַקומען די מאַכט מוז פאַרגעלייגט ווערען אין די פאָלגענדע פראַ־גען: וואָס טוט, וואָס קען און וואָס זאָל טאָן יעדער אַרבייטער־און סאָלדאַטען־ראַט אין גאַנץ דייטשלאַנד? (בראַוואָ!)

דאָרט ליגט די מאַכט. מיר מוזען פון אונטען אַרויף עגבע־רען דעם בירגערליכען שטאַאַט דערמיט וואָס מיר ווילען אומעטום מעהר ניט צוריסען, נאָר פאַראייניגען די עפענטליכע מאַכט, די געזעצגעבונג און די פאַרוואַלטונג און זי ברענגען אין די הענט פון די אַרבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען.

פאַרטייגענאָסען, דאָס פעלד וואָס מיר דאַרפען צואַקערען איז געוואַלדיג גרויס. מיר מוזען אַרבייטען פון אונטען אַרויף. מיר מוזען די אַרבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען געבען אַזאַ מאַכט, אַז ווען די עבערט־שיידעמאַן אָדער אַן עהנליכע רעגירונג וועט פאַלען זאָל דאָס זיין ניט מעהר ווי אַ שלוס־אַקט. די מאַכט־עראָבערונג דאַרף ניט קומען אויף איין מאָל נאָר שריט ביי שריט. דאָס קע־נען מיר ערריכען דורך דעם וואָס מיר ווילען אַריינדרינגען אין דעם בירגערליכען שטאַאַט ביז מיר ווילען פאַרנעמען אַלע שטעלעס און דאָן ווילען מיר זיי פאַרטיידיגען מיט ציינער און נעגעל. לויט מיין אויפפאַסונג און לויט דער אויפפאַסונג פון אַנדערע מיינע נאָהענטע פאַרטיי גענאָסען מוז אויך דער עקאָנאָמישער קאַמף גע־פירט ווערען דורך די אַרבייטער־ראַטען.

די אַרבייטער־ראַטען מוזען באַקומען די גאַנצע מאַכט אין

שטאַאט. נאָך דיזער ריכטונג מוזען מיר ארבייטען. עס פארשטעהט זיך שוין אליין, אז איין מאָל פארגעבען מיר זיך מיט אזא אויפגאבע, דארפען מיר זיך רעכנען מיט א קאָלאָסאַלער פארשארפונג פון דעם קאַמף. מיר וועלען דארפען קעמפען שריט אויף שריט, ברוסט קעגען ברוסט, אין יעדען שטאַאט, אין יעדער שטאָדט, אין יעדען דאָרף, אין יעדער געמיינדע אום שטיק נאָך שטיק אוועק־צוּרייסען די מאַכט מיטלען פון שטאַאט ביי דער בורזשואזיע און זיי איבערגעבען צו די ארבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען. דערצו מוזען אונזערע פארטיי גענאָסען און די ארבייטער ערשט ווערען געשולט. אַפילו דאָרט וואו עס זיינען שוין פאראַן ארבייטער־ און סאָלדאַ־טען־ראַטען פעהלט נאָך דאָס באַוואוסטזיין וואָס דער באַרוף פון דיזע ראַטען איז (זעהר ריכטיג!).

מיר מוזען ערשט אויסלערנען די מאַסען אז דער ארבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַט מוז ווערען דער הויב־שטאַנג פון דער שטאַאַט מאַשינעריע אין אלע ריכטונגען. אז ער מוז איבערנעמען יעדע אינריכטונג און זיי אלע פירען דורך דעם זעלבען קאַנאַל פון סאָ־ציאַליסטישער איבערקערעניש. אפילו די יעניגע ארבייטער, וואָס זיינען שוין אַצינד אָרגאַניזירט אין די ארבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען זיינען דאָך דערווייל מיילען ווייט דערפון. נאַטירליך זיי־נען פאראַן אויסנאַמען, איינצעלנע קליינע מינדערהייטען פון ארביי־טער, וואָס פערשטעהען קלאָר זייער אויפגאבע. דער מאַנגעל און באַוואוסטזיניגקייט איז אָבער ניט קיין חסרון, עס איז א נאָרמאַלע ערשיינונג. די מאַסע מוז זיך לערנען אויסאיבען איהר מאַכט דורך אַזעלכע איבונגען גופא. קיין אנדער מיטעל דאָס צו ערדייכען איז ניטאָ. צום גליק זיינען מיר שוין אריבער געוואַקסען יענע צייט, ווען מען האָט גערעדט וועגען סאָציאַליסטישער שולונג פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט. — פאַר די מאַרקסיסטען פון קאַוטסקים חדר עק־זיסטירט נאָך, ווייזט אויס, יענע צייט ביז היינטיגען טאָג. צו גע־בען די פּראָלעטארישע מאַסען סאָציאַליסטישע שולונג הייסט: האַלטען פאַר זיי פאָרטראַגען און פארשפרייטען צווישען זיי בראָ־שורען און פלוג בלעטער. ניין, די סאָציאַליסטישע פּראָלעטארישע שול דאַרף דאָס אַלעס ניט. זיי וועלען באַקומען זייער שולונג דורך דער ארבייט גופא. (זעהר ריכטיג!)

אין דעם פאַל הייסט עס: אין אָנהויב איז געווען די טאַט. אין דער טאַט מוזען זיך די ארבייטער־ און סאָלדאַטען־ראַטען פיהלען באַרופען צו ווערען די איינציגע עפענטליכע מאַכט אין גאַנצען רייך. נאָר אויף אַזאַ אופן קענען מיר צוגראָבען די ערד, אום זי זאָל זיין גרייט צו דער איבערקערעניש וואָס וועט קרוינען אונזער ווערק.

אונטען, וואו דער איינצעלנער אונטערנעמער שטעהט געגענאיבער זיינע לוינשקלאַפען; אונטען, וואו די אָנגעשטעלטע פון דער פאָלטישער קלאַסען־הערשאַפט שטעהען געגענאיבער די מאַסען, דאָרט מוזען מיר שריט ביי שריט אוועקרייסען די מאַכט ביי די איצטיגע הערשער און זי אריינגעמען אין אונזערע הענט. ווען איך שילדער אזוי די זאַך קומט דער פּראָצעס ארוים אַ פיעל לענגערער ווי מען איז געניגט זיך איהם פאָרצושטעלען. איך גלויב, עס איז אַ סך געזונטער פאַר אונז אַז מיר זאָלען קלאָר ארויסזעהן אַלע שוועריגקייטען און פאַרפּלאָנטערונגען פון דער רעוואָלוציע. איך האָף אַז די שילדערונג פון די אַלע שוועריגקייטען ווירקט אויף אייך אויף דעם זעלבען שטייגער ווי אויף מיר. ניט עס שוואַכט אָפּ אייער ענערגיע און אייער קאַמפּסמוטיגקייט, נאָר אין געגענטייל: וואָס גרעסער די אויפגאַבע אַלץ מעהר וועלען מיר זיך אָננעמען מיט אַלע כוחות זי דורכצופיהרען. און מיר דאַרפען ניט פאַרגעסען אַז די רעוואָלוציע פאַרשטעהט ווי צו טאָן איהר ארבייט מיט אונגעהויערער שנעלקייט. איך נעם זיך ניט אונטער נביאות צו זאָגען ווי לאַנג דער פּראָצעס דאַרף נעמען. ווער פון אונז חשבנ'ט עס, ווער מען קימערט עס, אבי נאָר מיר זאָלען דערלעבען די ארבייט דורכצופירען! די הויפּט זאַך איז, מיר זאָלען קלאָר און דייטליך וויסען, וואָס מיר האָבען צו טאָן. און איך האָף, אַז איך האָב מיט מיינע שוואַכע קרעפטען אייך אייניגערמאַסען אָנגעוויזען אויף די הויפּטשטריכען פון דער ארבייט וואָס ליגט פאַר אונז. (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען.)

# בריעף פון געפענגניס

(די פאָלגענדע בריעף האָט ראָזאַ לוקסעמבורג געשריבען צו סאָפיע ליעבקנעכט, פרוי פון קאַרל ליעבקנעכט, אין יאָהר 1917, פון די געפענגניסען אין בערלין, ווראנקע און ברעסלאַו, וואו זי האָט זיך דעמאָלט געפונען.)

לייפציג, דעם 7טען יולי, 1916.*

מיין ליבע קליינע סאָניא!

ס'איז היינט א דריקענדע פייכטע היץ, ווי מייסטענס אין לייפציג, — איך פאַרטראַג אַזוי שלעכט די לופט דאָ. אין דער פריה בין איך געזעסען צוויי שעה אין פּאַרק ביים טייך און געלייענט גאַלסוואָרדי'ס „דער רייכער מאַן".** דאָס איז א גלענצענדע זאַך. אַן אַלטע פרוי האָט זיך אוועקגעזעצט נעבען מיר, האָט א קוק געטאָן אויף דער פּאָדערבלאַט, און א שמייכעל געטאָן: „דאָס מוז זיין א פיינער בוך. איך לייען אויך גערן ביכער." איידער איך האָב זיך אוועקגעזעצט לייענען האָב איך ארומגעקוקט די בוימער און קוסטען. אַלץ באַקאַנטע זאַכען — האָב איך פעסטגעשטעלט מיט צופרידענהייט. די באַריהרונג מיט מענשען באַפרידיגט מיך, דאַנגעגען, וויינינגער; איך גלויב איך וועל זיך באַלד צוריקקעהרען אין אַן איינזאַמער הייל, ווי דער הייליגער אַנטאָני, אָבער — „אָהן נסיונות". זייט מונטער און רוהיג.

די קינדער הערצליכע גרוסען.

**ראָזאַ.**

---

בערלין, דעם 5טען אויגוסט, 1916.

(געפענגניס אין דער באַרנומשטראַסע)

מיין ליבע קליינע סאָניא!

היינט, דעם פינפטען אויגוסט, האָב איך באַקומען אייערע צוויי בריעף צוזאַמען: איינעם פון דעם 11טען יולי (!!) און

---

*דאָס איז דער איינציגער בריעף פון די פרייהייט. דעם 10טען יולי, 1916, איז ראָזאַ לוקסעמבורג אַרעסטירט געוואָרען.

** Galsworthy, "The Man of Property."

דעם צווייטען פון דעם 23טען יולי. איהר זעהט, אז די פּאָסט צו מיר געהט לאַנגער ווי נאָך ניו יאָרק. איך האָב אויך באַקומען די ביכער, וואָס איהר האָט מיר געשיקט, און פאַר זיי דאַנק איך אייך פון דעם גאַנצען הארצען. עס טוט מיר אָבער וועה, וואָס איך האָב אייך געמוזט פאַרלאָזען אין אייער איצטיגער לאַגע. ווי גערן וואָלט איך מיט אייך ווידער שפּאַצירט אין פעלד אָדער געקוקט פון דעם קיך־פענסטער אויף דעם זון־אונטערגאַנג... פון סעלמי האָב איך באַקומען אַן אויספירליכע קאַרטע מיט דער רייזע־בעשרייבונג. אַלעמען דאַנק איך אויך פאַר סעלדערלין. אָבער איהר מאָרט ניט אזוי פיעל שמייסען מיט געלט פאַר מיינעטוועגען, דאָס פאַרשאַפט מיר שמערץ. פאַר אַלע גוטע זאַכען א הערצליכען דאַנק. שרייבט באַלד, וועל איך עס אפשר באַקומען נאָך היינטיגען חודש. איך דריק אייך ווארם די האַנד. בלייבט מונאון לאָזט זיך נישט זיין געדריקט. איך בין אין די געדאַנקען ביי אייך. גריסט פיעל מאָל קאַרל'ען און די קינדער.

אייער

**ראָזא.**

פּיער לאָטי איז וואונדערבאַר. די אַנדערע האָב איך נאָך ניט געלייענט.

---

ווראָנקע, דעם 8טען אויגוסט, 1916.*

ליעבע סאָניטשקא!

ווי עס טוט מיר וועה וואָס איך קאָן ביי אייך איצט ניט זיין! די זאַך איז פאַר מיר געווען א שווערער קלאַפּ.. אָבער, איך בעט אייך, האַלט דעם קאָפּ פון אויבען. ס'וועט נישט זיין אזוי שלעכט ווי עס זעהט אויס. איצט מוזט איהר אָבער אוועקפאָרען ערגעץ וואו אויסער'ן שטאָדט, וואו ס'איז גרין און שעהן און וואו איהר קאָנט זיך ערהאָלען. עס האָט קיין זין ניט ווייטער צו בלייבען זיצען דאָ און אָנווערען אייער געזונט. ביז צו דער לעצטער

---

*געשריבען דעם טאָג, ווען קאַרל ליבקנעכט איז אין דער צווייטער אינסטאַנץ פאַראורטיילט געוואָרען צו פיער יאָהר געפענגניס.

אינסטאַנץ קאָנען ווידער וואָכען פאַרגעהן. איך בעט אייך, פאָהרט באַלד אוועק... פאַר קאַרל׳ען וועט עס אויך זיין אַן ערלייכטערונג צו וויסען, אַז איהר זענט אַוועקגעפאָהרען זיך ערהאָלען. איך דאַנק אייך טויזענד מאָל פאַר אייערע ליעבע שורות פון דעם 10טען און פאַר די גוטע מתנות. קומענדען פריהלינגג וועלען מיר זיכער צוזאַמען ארומשפּאַצירען אין פעלד און אין דעם באָטאַנישען גאָר־טען, איך פרעה זיך שוין איצט דערמיט. איצט אָבער, ארויס פון דאַנען, סאָניטשקא! קאָנט איהר אפשר פאָהרען צום ים און געניסען אביסעל פון דעם דרום קלימאַט? איידער איהר פאָהרט אוועק, וואָלט איך אייך אומבאַדינגט געוואָלט זעהן. ווענדט זיך נאָך אַן ערלויבניש אין דער קאָמאַנדאַטור. שרייבט באַלד עטליכע ווערטער. בלייבט רוהיג און מונטער טראָץ אַלעמען. איך נעהם אייך ארום.

ר.

טויזענט הערצליכע גרוסען פאַר קאַרל׳ען.

איך האָב באַקומעןביידע קאַרטלעך פון העלמי און באָבי און זיי האָבען מיך זעהר דערפרעהט.

---

**וואָנקע, דעם 21טען נאָוועמבער, 1916.**

מיין קליינע, ליעבע סאָניטשקא!

איך האָב אויסגעפונען פון מאַטילדע, אַז אייער ברודער איז געפאַלען אין שלאַכט. איך בין אויפגעטרייסעלט פון דעם קלאַפּ, וואָס האָט אייך ווידער געטראָפען. וואָס אייך קומט אויס איבער־בערצומראָגען פאַר דער לעצטער צייט! און איך קאָן אפילו ביי אייך נישט זיין, אייך צו טרייסטען און דערוואַרימען!... אויך בין איך אומרוהיג וועגען אייער מוטער, ווי אַזוי זי וועט אריבער־טראָגען אָט דעם נייעם אומגליק. דאָס זיינען שווערע צייטען, און מיר האָבען אַלע צו פאַרצייכענען אַ לאַנגע ליסטע פון פאַרלוסטען אין לעבען. יעדען חודש קאָן מען אַ צט, ווי ביי סעוואַסטאָפּאָל, צעהלען פאַר אַ יאָהר. איך האָף, אַז איך וועל אייך גאָר אין גיכען קאָנען זעהן, איך בענק נאָך דעם מיט׳ן גאַנצען הארצען. ווי אַזוי האָט איהר באַקומען די נאַכריכט וועגען אייער ברודער, דורך אייער

מוטער אָדער דירעקט? און וואָס הערט איהר וועגען דעם אנדערען ברודער אייערען ? איך וואָלט אזוי וועלען אייך שיקען עפּעס דורך מאַטילדע, אָבער איך האָב ליידער דאָ גאָרניט, א חוץ דעם קליינעם בונטען טיכעלע. לאַכט זיך פון דעם ניט אויס. דאָס שיק איך עס צו זאָגען אייך, אז איך האָב אייך זעהר ליעב. שרייבט באַלד עטליכע ווערטער, ווייל איך וויל וויסען אין וואָס פאַר א צושטאַנד איהר געפינט זיך. גריסט טויזענד מאָל קארל'ען. איך נעהם אייך אַרום הערצליך.

אייער

ראָזא.

---

ווראָנקע, יאַנואַר דעם 13טען, 1917.

. . . אָך, היינט איז געווען א מאָמענט, וואָס איך האָב ביטער געשפּירט. דער פייף פון דעם לאָקאָמאָטיוו 19 מינוט נאָך דריי האָט מיר געלאָזט וויסען, אז מאַטילדע איז אָפּגעפאָהרען, און ווי א חיה אין שטייג בין איך געלאָפען הין און צוריק אויף מיין „שפּאַצירגאַנג“ אין הויף, און מיין הארץ האָט זיך צוזאַמענגעדריקט פון וועהטאָג, וואָס איך קאָן אויך ניט ארויס פון דאַנען. אָה, נאָר ארויס פון דאַנען! אָבער עס מאַכט נישט. מיין הארץ האָט באַלד געקריגען א בעפעהל זיך צו בערוהיגען און עס האָט זיך אָוועקגעלייגט ווי א גוט-דרעסירטער הונט. לאָמיר נישט רעדען וועגען מיר.

סאָניטשקאַ, ווייסט איהר, וואָס מיר וועלען טאָן, ווען די מלחמה וועט זיין פאַריבער? איך ווייס, אז איהר טרוימט מיט מיר צו פאָהרען נאָך איטאַליע דאָס איז ביי אייך דאָס העכסטע. אָבער מיין פּלאַן איז אייך אָוועקצושלעפּען נאָך קאָרסיקאַ. דאָס איז נאָך מעהר ווי איטאַליע. דאָרט פאַרגעסט מען אייראָפּאַ, אַם ווענינגסטען מאָדערנע אייראָפּאַ. שטעלט אייך פאָר דעם ברייטען העראָאישען לאַנדשאַפט מיט די שטרענגע קאָנטורען פון די בערג און די טאָלען; אויבען — בלויז צאַרט-גרויע, נאַקעטע פעלזען-מאַסען, אונטען — פּרעכטיגע אָליוועז, לאָרבערקירשען, און אור-אַלטע קאַשטאַנען-בוימער. און איבער אַלעם דעם — א פאַר-

וועלטליכע שטילקייט, קיין מענשען־קול, קיין פויגעל־רוף, בלויז א מייכעלע מורמעלט ערגעץ וואו צווישען די שטיינער, אדער אין דער הויך שפילט זיך דער ווינט מיט די פעלזען־שפיצען — נאך דער זעלבער ווינט, וואס האט געבלאזען אין די זעגלען פון אדיסעי. און די מענשען וואס איהר טרעפט דארט זיינען ווי דער לאנדשאפט. פלוצים, צום ביישפיעל, באווייזט זיך א קאראוואן אויף דעם גע־דרעהטען, שמאלען בארג־וועג. די קארסען געהן אימער איינער הינטער דעם צווייטען אין לאנגע, אויסגעצויגענע קאראוואנען, נישט אין מענגען ווי אונזערע פויערען. פאראויס לויפט געוועהנליך א הונט, נאך איהם געהט לאנגזאם א ציג אדער א קליינער אייזעל געלאדען מיט זעקלעך קאשטאנען, דאן פאלגט א מול, אויף וועל־כען עס זיצט א פרוי מיט גראד־אראפהענגענדע פיס און מיט א קינד אין איהרע ארעמס. זי זיצט גראד, שלאנק, אומבאוועגליך, ווי א קיפארים. נעבען איהר געהט א בערדיגער מאן, מיט א רוהיגער פעסטער האלטונג. ביידע שוויינען. מען קאן שווערען, אז דאס איז די הייליגע פאמיליע. און אזוינע סצענען טרעפט איהר דארט אויף יעדען שריט. יעדען מייל מאל פלעגען זיי אויף מיר מאכען אזא גרייפענדען איינדרוק, אז מיר האט זיך געוואלט פאלען אויף די קניען, ווי מיר ווילט זיך אלע מאל ווען איך זעה פאר זיך פאלקאמענע שעהנהייט. דארט איז די ביבעל לעבעדיג און די ביבלישע וועלט. מיר מוזען אהין פאהרען און טאקי אזוי ווי איך האב געטאן: צופוס דעם גאנצען אינזעל דורכ־געהן. יעדע נאכט אויף אנאנדער ארט רוהען, יעדען זון־אויפגאנג באגריסען וואנדערנדיג. געפעלט דאס אייך? איך וואלט גליק־ליך וועגען אייך צו ווייזען די דאזיגע וועלט...

לייענט א סך, איהר מוזט אויך גייסטיג פאראויס געהן און איהר קאנט דאס — איהר זענט נאך פריש און בויגזאם. און איצט מוז איך שליסען. זייט מונטער און רוהיג.

אייער

**ראזא.**

וואָרענקע, פעברואַר דעם 18טען, 1917.

. . . שוין אַ לאַנגע צייט בין איך ניט געווען אַזוי ער־שיטערט ווי פון מאַרטאַ'ס קורצען באַריכט וועגען איהר באַזוך ביי קאַרל'ען, ווי זי האָט איהם געטראָפען הינטער די גראַטעס און ווי דאָס האָט אויף איהר געווירקט. פאַרוואָס האָט איהר דאָס באַהאַלטען פון מיר? איך האָב אַן אַלט רעכט, אַ חזקה, איינטייל צו נעהמען אין אַלצדינג, וואָס אייך טוט וועה, און איך באַשטעה אויף מיין רעכט. די זאַך האָט מיך לעבהאַפט דערמאָנט אין מיין ערשטען ווידערזעהן זיך מיט מיין ברודער פאַר צעהן יאָהרען אין דער וואַרשעווער פעסטונג. דאָרט פיהרט מען אויך אַריין אין דאָפעלטען דראָטענעם שטייג, ד. ה., אַ קליינער שטייג שטעהט פריי אין אַ גרעסערען שטייג און דורך די דראָטענע ווענט דאַרפט איהר רעדען מיט דעם געפאַנגענעם. אַזוי ווי דאָס איז געווען באַלד נאָך מיין זעקס־טאָגיגען הונגער סטרייק, בין איך געווען אַזוי שוואַך, אַז אונזער פעסטונגס־קאָמענדאַנט האָט מיך כמעט אַריינ־געטראָגען אין דעם שפּרעך־צימער און איך האָב זיך געמוזט מיט ביידע הענט אָנהאַלטען אָן די דראָטען, וואָס האָט נאָך פאַרשטאַרקט דעם איינדרוק פון אַ ווילדער חיה אין זאָאָלאָגישען גאָרטען. די שטייג איז געשטאַנען אין אַ צימליך פינסטערען צימער און מיין ברודער האָט געדריקט זיין געזיכט צום דראָט. „וואו ביזטו?“ האָט ער געהאַלטען אין איין פרעגען און געווישט די טרערען פון די אויגען, וואָס האָבען איהם געשטערט מיך צו זעהן. ווי גערן, מיט וואָס פאַר אַ פרייד וואָלט איך איצט געזעסען דאָרט אין דעם ליקויער שטייג אויף קאַרל'ס פּלאַץ!

אַ דאַנק פאַר גאַלזוואָרדי'ס בוך. איך האָב איהם נעכטען פאַרענדיגט לייענען און פרעה זיך זעהר דערמיט. דער דאָזיגער ראָמאַן געפעלט מיר ווייניגער ווי „דער רייכער מאַן“. און גראָדע דערפאַר וואָס די סאָציאַלע טענדענץ איז דאָרט אַזוי בולט. אין אַ ראָמאַן זוך איך נישט קיין טענדענץ נאָר קינסטלערישען ווערט. און אין דער דאָזיגער באַציהונג שטערט מיר אין די „וועלט־ברידער“ *) דאָס, וואָס גאַלזוואָרדי איז צו קלוג און וויציג. דאָס

---

*) Galsworthy, "Fraternity."

וועט איך וואונדערען. אָבער ס'איז דער זעלבער טיפ ווי בער־נארד שאָו און אויך ווי אָסקאר ווײלד, א טיפ וואָס איז איצט שטארק פארשפרייט אין דער ענגלישער אינטעליגענץ: א זעהר געשייטער, פארפיינטער אָבער בלאזירטער מענש, וואָס באטראכט אַלצדינג אין דער וועלט מיט א סקעפטישען שמייכעל. די פיינע איראָנישע באמערקונגען, וואָס גאַלזוואָרדי מאכט מיט אַן ערנסטען פנים וועגען זיינע אייגענע כאראקטערען, מאכען מיך אָפט צו לאַכען אין דער הויך. אָבער פונקט ווי גוט־ערצויגענע און אָנגע־זעהנע מענשען שפּאָטען קיינמאָל ניט אָדער זעלטען איבער זייער סביבה, אפילו ווען זיי באמערקען אַלעס וואָס איז דאָרט לעכער־ליך, אזוי איראָניזירט נישט דער אמת'ער קינסטלער איבער זיינע אייגענע שאפונגען. גאנץ פארשטענדליך, סאָניטשקא, אז דאָס שליסט נישט אויס דעם גרויסען סטיל פון סאטירע! צום ביי־שפּיעל „עמאנועל קווינט" פון גערהארט האופּטמאַן אין די בלו־טיגסטע סאטירע אויף דער מאָדערנער געזעלשאפט, וואָס איז אין די לעצטע הונדערט יאָהר געשריבען געוואָרען. אָבער האופטמאַן אליין לאכט נישט אָפּ דערביי. ער שטעהט צום שלום מיט ציטערנדע ליפען און מיט ברייט־אָפענע אויגען פול מיט טרערען. גאַלזוואָרדי, פארקערט, ווירקט אויף מיר מיט זיינע קלוגע, וויציגע צווישען־באמערקונגען, ווי א שכן ביים טיש, וועלכער דערצעהלט מיר אויפ'ן אויער עפּעס א סקאנדאַל יעדען מאָל ווען א נייער גאסט קומט אריין אין זאַל.

. . . . היינט איז ווידער זונטאָג. דער טויטליכסטער טאָג פאר געפאנגענע און איינזאמע. איך בין טרויעריג, אָבער איך וויניש מיט'ן גאנצען הארצען, אז איהר און קארל זענט דאָס ניט. שרייבט באלד ווען און וואוהין איהר פאָרהט ענדליך זיך צו ער־האָלען.

איך נעהם אייך ארום הערצליך און גריס די קינדער.

אייער

## ראָזא.

אפשר קאָן פּ.ב. מיר שיקען נאָך עפּעס גוטס? אפשר עפּעס פון ט. מאנן? איך בין נאָך מיט איהם ניט באקאנט. נאָך איין ביטע: די זון הויבט אָן מיך צו רופען אויף דער פרייהייט. אפשר

קאָנט איהר מיר שיקען אין בריעף־קאָנווערט איין מעטער דינעם שווארצען שלייער מיט צישטרייטע שווארצע פּינטעלען? פיעלע דאנקען פאָראוים.

---

ווראָנקע, דעם 19טען אפּריל, 1917.

איך האָב זיך נעכטען הערצליך געפרעהט איבער אייער קארטע־גרוס, הגם ער האָט געקלונגען אזוי טרויעריג. ווי איך וואָלט איצט געוואָלט זיין ביי אייך און אייך ווידער ברענגען צום לאכען ווי דאן ווען מען האָט קארל'ען ארעסטירט! געדענקט איהר נאָך? מיר האָבעןביידע דאן אזוי הארציג געלאכט און קאפּעע פירס־טענהאָף, אז מיר האָבען אויף זיך געצויגען אלעמענ'ס אויפמערק־זאמקייט. ווי שעהן איז דאָס דעמאָלט געווען טראָץ אלעם! אונזער טעגליכע שפּאציר־רייזע אינדערפריה אין אן אויטאָמאָביל אויף דעם פּאָטסדאמער פּלאץ, דאן די רייזע צום געפענגניס דורך דעם בליהענדען טיער־גאָרטען, דורך דער שטילער לעהרטער שטראַ־סע. צוריקוועגס איז ביי אונז שוין געווען א מוז זיך אָפּצושטעלען אין דער פירסטענהאָף קאפּע און דערנאָך ביי מיר אין זידענדע, וואו אלעס איז געווען אין מאַי פּראכט. און די געמיטליכע שטונ־דען אין מיין קיך, ווי איהר און מימי האָבען ביי דעם ווייס־געדעק־טען טישעל געדולדיג געווארט אויף די רעזולטאטען פון מיין קאָך־קונסט (געדענקט איהר נאָך די פיינע „אריקאָ ווער א לא פּאריזיען“?) און צוזאמען מיט דעם אלעם האָב איך א לעבהאפטע ערינערונג פון אומפּארענדערליך שעהנעם, ווארימען וועטער, ווען מען ערלעבט אַם פולסטען דאָס פריידיג פריהלינג־געפיל. דאן אין אָווענט מיין באזוך ביי אייך, און אייער ליעבען קליינעם צימער. איך האָב אייך אזוי ליעב אלס הויז־פרוי, ווען איהר שטעהט מיט אייער מיידעלשער פיגור ביים טיש און דערלאנגט טיי. און שליסליך, שפּעט ביי נאכט, אונזער געגענזייטיגע באגלייטונג אהיים דורך די דופטיגע, פינסטערע גאסען. געדענקט איהר די כשוף'דיגע לבנה־נאכט אין זידענדע, ווען איך האָב אייך באגלייט א היים, און שפּיצען פון די הייזער מיט זייערע שטרענגע שווארצע קאָנ־טורען האָבען אין דעם הינטערגרונד פון דעם זיסען הימעל־בלוי אויסגעקוקט ווי פּארצייטיגע ריטער?

סאָניושאַ, איך וואָלט אַזוי וועלען שטענדיג זיין מיט אייך, אייך צעשטרייטען, מיט אייך צו פּלוידערען אָדער שווייגען און אייך נישט לאָזען אַריינפאַלען אין יאוש? איהר פרעגט אין אייער בריעף: „פאַר וואָס איז דאָס אַלעס אַזוי?“ קינד, „אַזוי“ איז דאָס לעבען אַלעמאָל. עס נעהמט אַריין ליידען און שיידונג און בענקען. מען מוז דאָס אַלעס נעהמען צוזאַמען און געפונען פאַר גוט. איך וועניגסטענס טו אַזוי. נישט דורך אָנגעזאַמעלטער חכמה, נאָר פּשוט ווייל מיין נאַטור איז אַזאַ. איך פיהל אינסטינק־טיוו, אַז דאָס איז דער איינציג ריכטיגער אַרט צו נעהמען דאָס לעבען און איך פיעל מיך דעריבער ווירקליך גליקליך אין יעדער לאַגע. אין מיין לעבען פעהלט מיר קיין אַנדער זאַך אויסער דעם וואָס איז געווען און וואָס איז. ווען איך זאָל נאָר קאָנען אויך אייך ברענגען צו אַזאַ לעבענס־אויפפאַסונג!

איך האָב אייך נאָך ניט געדאַנקט פאַר קאַרל'ס בילד. ווי דערפרעהט איהר האָט מיך דערמיט! דאָס איז ווירקליך געווען די שענסטע געבורטסטאָג־מתנה וואָס איהר האָט מיר געקאָנט שיקען. עס שטעהט אין גוטע ראַמען אויף דעם טיש פאַר מיר און פאַר־פאָלגט מיך איבעראַל מיט זיינע בליקען. (איהר ווייסט דאָך, עס זיינען דאָ בילדער וואָס קוקען אויף אייך וואו איהר זאָלט זיי נישט אוועקשטעלען.) דאָס בילד איז זעהר געלונגען. ווי קאַרל מוז זיך איצט פרעהן איבער די נאַכריכטען פון רוסלאַנד! אָבער אויך איהר פּערזענליך האָט גרונד זיך צו פרעהען: איצטער וועט שוין נישט זיין קיין אָפּהאַלט פאַר אייער מוטער'ס רייזע צו אייך. האָט איהר שוין וועגען דעם געטראַכט? פאַר אייערטוועגען ווינש איך אַז זאָל באַלד ווערען זוניג און וואַרם. דאָ שטעהט נאָך אַלעס אין קנאָספּען און נעכטען האָבען מיר געהאַט שניי־גרויפּען. ווי זעהט עס אויס אין מיין „דרום לאַנדשאַפט“ אין זידענדע? פאַר אַ יאָהרען זיינען מיר ביידע דאָרט געשטאַנען ביים פּאַרקאַן און באַוואונדערט דאָס גרינגע גראָז און בוימער...

מאַטערט זיך נישט אויס מיט שרייבען בריעף. איך וועל אייך שרייבען אַ סך, פאַר מיר אָבער איז גענוג ווען איהר שיקט מיר אַ קורצען גרוס אויף אַ פּאָסטקאַרטעל. פאַרברענגט פיעל אין.

דרויסען, ארבייט אין גאָרטען. זייט רוהיג און מונטער, ליעבסטע. אַלעס וועט גוט זיין.

איך נעהם אייך ארום פיעל מאָל און הערצליך.

אייער

**ראָזא.**

---

ווראָנקע, דעם 2טען מאַי, 1917.

פאָריגען אפריל, אויב איהר געדענקט, האָב איך אייך ביידען גערופען דורכ'ן טעלעפאָן, צעהן א זייגער אין דער פריה, צו קומען אין דעם באָטאַנישען גאָרטען און צוזאַמען הערען דעם נאַכטיגאַל, וועלכער האָט אָפּגעגעבען א גאַנצען קאָנצערט. מיר זיינען דער־מאָלט געזעסען שטיל, אויף שטיינער, פארבאהאלטען צווישען די געדיכטע קוסטען, נעבען א קליינעם רוישענדען וואַסערעל. נאָך דעם נאַכטיגאַל האָבען מיר אָבער פּלוצים דערהערט אַ איינטאָ־ניגען קלאָגענדען רוף, וועלכער האָט געקלונגען אומגעפעהר ווי „גלי־גלי־גלי־גליך!“ איך האָב געזאָגט, אז דאָס האָט געקלונ־גען ווי א זומפּ־פויגעל אָדער ווי א וואַסער־פויגעל, און קאַרל האָט איינגעשטימט, אָבער מיר האָבען נישט געקאָנט אויסגעפונען וואָס פאַר א פויגעל דאָס איז געווען. שטעלט אייך פאָר, דעם זעלבען רוף האָב איך פּלוצים דערהערט דאָ גאַנץ נאָהענט פון מיר, מיט עטליכע טעג צוריק אין דער פריה. מיין הארץ האָט געקלאַפּט פון אומגעדולד אויסצוגעפינען ווער דאָס איז געווען. איך האָב נישט גערוהט ביז איך האָב היינט אַלעס אויסגעפונען: דאָס איז נישט קיין וואַסער־פויגעל, נאָר א גרויער פּיקהאָלץ. ווען ער איז אין געפאַהר, זוכט ער צו איבערשרעקען זיינע פארפאָלגער מיט קאָמישע באוועגונגען פון קערפּער און קאָפּ. ער לעבט בלויז פון מוראשקעס, יועלכע ער זאַמעלט אָן אויף זיין קלעפּיגען צונג. די שפּאַניער האָבען איהם דערפאַר א נאָמען געגעבען „האַרמינוווערא“—מוראַשקע־פויגעל. מעריקע האָט וועגען דעם פויגעל פערפאַסט א פיין גע־דיכט און הוגאָ וואָלף האָט צוגעפּאַסט מוזיק דערצו. איך פיהל ווי איך האָב געקראָגען א מתנה זינט איך האָב אויסגעפונען ווער

דער פויגעל איז מיט דער דער קלאָגענדער שטים. אפשר וואָלט איהר דאָס אויך געשריבען קארל׳ען, עס וועט איהם פרעהען.

וואָס איך לייען? הויפטזעכליך נאַטור־וויסענשאַפטליכע זאַכען: די געאָגראַפיע פון פלאַנצען און חיות. געכטען האָב איך גראדע געלייענט איבער די אורזאכען, וואָס האָבען פארטריבען די זינג־פויגלען פון דייטשלאַנד. דאָס איז איבער דער אַלץ פארגרעסערטער וואַלד־קולטור, גאָרטען־קולטור און אקערבוי, וועלכע האָבען ביי די פויגלען צוגענומען די נאַטירליכע באַדינגונגען פאר נעסטען און נאָהרונג. מיר האָט עס זעהר וועה געטאָן, ווען איך האָב דאָס געלייענט. נישט דאָס ארט מיך, וואָס די מענשען האָבען אָנגעוואָרען דעם פויגעל־געזאַנג — דאָס בילד פון דעם שטילען, אומפארמיידליכען אונטערגאַנג פון אָט די שוצלאָזע קליינע באַשעפענישען האָט מיר אזוי וועה געטאָן, אז איך האָב געמוזט וויינען. עס דערמאָנט מיך אין א רוסישען בוך פון פּראָפעסאָר סיבער איבער דעם אונטערגאַנג פון די רויט־הויטיגע אין צפון־אמעריקא, וואָס איך האָב נאָך אין ציריך געלייענט. זיי ווערען פון די קולטור־מענשען פונקט אזוי פארטריבען און אויסגעראָטען פון זייער באָדען טריט נאָך טריט און ווערען פאר׳משפט צו א שטילען, גרויזאַמען אונטערגאַנג.

איך בין איצט מסתמא אין א נאַטירליך קראַנקען צושטאַנד, ווייל אַלצדינג גרייפט מיך אזוי טיעף. אָבער ווייסט איהר וואָס? אָפטמאָל האָב איך דעם געפיהל, אז איך בין נישט קיין ריכטיגער מענש, נאָר א פויגעל אָדער א חיה אין מענשען־געשטאַלט. אינערליך פיהל איך זיך מעהר אין דער היים אין א גאָרטען אָדער אין פעלד צווישען גראָז און ברעמז־פליגען, ווי — אויף מיין פארטיי־צוזאַמענפאָהר. אייך קאָן איך דאָס אַלעס דערצעהלען — איהר וועט מיך גלייך נישט באַשולדיגען אין פאראט צום סאָציאַליזם. איהר ווייסט, אז טראָץ דעם האָף איך צו שטאַרבען אויף דעם פאָסטען: אין די גאַסען־שלאַכטען אָדער אין געפענגנים. אָבער מיין אונערליכער „איך" געהערט מעהר צו די קאָהל־מאַיזען (פויגלען) ווי צו די „גענאָסען". און נישט דערפאַר וואָס איך געפין אין דער נאַטור אן אָפּרוה, אַן עיר מקלט, ווי אזוי פיעל אינערליך־באַנקראָטירטע פּאָליטיקער. אין געגענטייל, איך געפין אויך אין

דער נאטור, אויף יעדען שריט און טריט, אזוי פיעל גרויזאמעס, אז עס טוט מיר זעהר וועה. איך קאן, צום ביישפיעל, נישט פארגעסען פון די פאלגענדע קליינע איבערלעבעניש: פאריגען פריהלינג בין איך געגאנגען אין מיין שטילער, ליידיגער גאס, א היים פון א פעלד־שפאציער, ווען איך האב אויף דער ערד באמערקט א דונקעלען קליינעם פלעק. איך האב זיך אנגעבויגען און דערזעהן יזן אומאויסדריקליכע טראגעדיע: א גרויסער מיסט־קעיפער (זשוק) איז געלעגען אויף דעם רוקען און הילפלאז זיך געוועהרט מיט די פיס געגען א גאנצען הויפען קליינע מוראשקעס וועלכע האבען אויף איהם ארומגעווירבעלט און איהם — געגעסען לעבעדינגערהייט! מיך האט דאס געשוידערט. איך האב ארויסגענומען מיין טאשען־טיכעל און גענומען פארטרייבען די ברוטאלע בעסטיען. אבער זיי זיינען געוועזן אזוי פרעך און הארטנעקיג, אז איך האב געמוזט אויספעכטען מיט זיי א לאנגען קאמף, און ווען איך האב ענדליך באפרייט דעם ליידענדען און איהם אוועקגעלייגט ווייט אויפ'ן גראז, זיינען שוין ביי איהם צוויי פיס געוועזן אפגעפרעסען... איך בין אוועקגעלאפען מיט דעם פיינליכען געפיהל, אז איך האב איהם געטאן א זעהר צווייפעלהאפטע טובה.

איצט זיינען שוין די טעג לענגער און די דעמערונגען (פארנאכט) זיינען לאנג. ווי ליעב איך האב די דאזיגע צייט! אין זידענדע האב איך געהאט א סך אמזעלען (שווארצפויגלען). דא זעה איך איצט ניט און האב ניט קיינע. דעם גאנצען ווינטער האב איך געשפייזט א פאאר, און איצט זיינען זיי פארשוואונדען. אין זידענדע פלעג איך ארום אט דער צייט ארומגעהן איבער די גאסען. ס'איז אזוי שעהן, ווען נאך אין דעם פיאלעטען טאג־ליכט צינדען זיך פלוצים אן ראזיגע גאז־פלאמען אין די לאמטערנעס און קוקען נאך אוים אביסעל פרעמד אין דער דעמערונג, ווי זיי וואלטען זיך אליין נאך אביסעל געשעמט. דורך דער גאס געהט דאן פארביי אין איילעניש אן אומדייטליכער געשטאלט פון א פארשפעטיגטער וואש־פרוי אדער א דינסט־מיידעל, וואס איילט זיך צום בעקער אדער קרעמער. די שוסטער־קינדער, מיט וועמען איך בין געוועזן בעפריינדעט, פלעגען זיך שפיעלען אין גאס אין דער

פינסטער, ביז די ענערגישע שטימען פון דער עק גאס האבען זיי אריינגעבראכט אין הויז אריין. ארום דער צייט פלעגט אלע מאל זיין אן אמזעל־פויגעל, וואס האט קיין רוה נישט געקאנט געפינען. ער פלעגט פלוצים מיט א געראויש אריבערפליהען פון איין בוים אויף א צווייטען. און איך בין געשטאנען דא אין מיטען גאס, געצעהלט די שטערען און גארנישט געוואלט א היים געהן פון דאנען, פון דער שטילער, צארטער לופט אין דעמערונג, וואו דער טאג און די נאכט האבען זיך אזוי ווייך צוזאמענגעגאסען.

סאניושא, איך וועל אייך אין גיכען ווידער שרייבען. זייט רוהיג און מונטער. אלעס וועט גוט זיין, אויך מיט קארל׳ען. אויף ווידערזעהן, ביז צום נעכסטען בריעף.

איך נעהם אייך ארום.

אייער

**רֹאזא.**

---

ווראנקע, דעם 19־טען מאי, 1917.

. . . . ווי שעהן ס׳איז דא איצט! אלעס גרינט און בליהט. די קאשטאנען־בוימער זיינען פריש און הערליך באפוצט. די יאהאנים־בעערען האבען אלע שטערענדלאך, די ציער־קירשען בליהען שוין און דער פוילבוים וועט באלד בליהען. איך האב היינט פון לואיזע קאוטסקי, וועלכע האט מיך בעזוכט, געקראגען א הויפען „פארגעס־מיך־ניט" און „שטיף־מאמעלאך", און איך האב זיי אליין איינגעפלאנצט. צוויי רונדע קלומפען און א גראדע ליניע צווישען זיי, בייטענדיג — א „פארגעס־מיך־ניט" און א „שטיף־מאמעלע". אלעס שטעהט אזוי פעסט. איך טרוי קוים מיינע אויגען, ווייל איך האב צום ערשטען מאל אין מיין לעבען געפלאנצט און אלעס איז אזוי געלונגען. גראדע אויף פפינגסטען*) וועל איך האבען אזוי פיעל בלומען פאר מיין פענסטער!

דא זיינען איצט דא א מאסע פויגעל, נייע. אלע טאג בא־קען איך זיך מיט א פויגעל, וואס איך האב נאך קיינמאל פריהער

---

*) א קריסטליכער מנהג־יום־טוב ארום שבועות־צייט. — איבערז.

ניט געזעהן. אָך, געדענקסט איהר נאָך דעמאָלט אין דעם באָטאַני־
שען גאָרטען מיט קאַרל'ען אין דער פריה, ווען מיר האָבען געהערט
דעם נאַכטיגאַל? מיר האָבען דאָרט אויך געזעהן א גרויסען בוים,
וועלכער איז געווען אינגאַנצען אָהן בלעטער, אָבער געדיכט באַ־
דעקט מיט קליינע ווייסע בליטען. מיר האָבען זיך דאַן געבראָכען
דעם קאָפּ, וואָס דאָס איז געווען פאַר א בוים, ווייל ס'איז געווען
קלאָר, אַז דאָס איז נישט קיין פרוכט־בוים און די בליטען זיינען
אויך געווען אומגעוועהנליכע. איצט ווייס איך! דאָס איז א זיל־
בערפּאַפּעל און יענע בליטען זיינען נישט געווען קיין בליטען נאָר
יונגע בלעטלאַך. דער אויסגעוואַקסענער בלאַט פון דעם זילבער־
פּאַפּעל איז ווייס בלויז אויף דער אונטערשטער זייט, פון אויבען
איז ער טונקעל־גרין; די יונגע אָבער זיינען אויף ביידע זייטען
באַדעקט מיט א ווייסען פּוך און לייכטען אין דער זון ווי ווייסע
בליטען. אַזאַ זילבערפּאַפּעל שטעהט דאָ אין מיין גערטענדעל און
אויף איהם זיצען אַלע זינג־פויגלען. יענעם טאָג זענט איהר ביידע
ביי מיר געווען אין אָווענט, געדענקט איהר נאָך? ס'איז געווען
אַזוי שעהן; מיר האָבען עפּעס געלייענט אין דער הויך און שפּעט
באַנאַכט, ווען מיר האָבען זיך געזעגענט — דורך דעם אָפענעם
פענסטער האָט געפּלאַסען הימעלשע לופט געמישט מיט זשאַסמין־
דופט --- האָב איך אייך פאָרגעלייענט יענע שפּאַנישע ליעד, וואָס
איך האָב אַזוי ליעב:

Gepriesen sei, durch wen die Welt erstund
Wie trefflich schuf er sie nach allen Seiten,
Er schuf das Meer mit endlos tiefem Grund.
Er schuf die Schiffe, die hinuebergleiten;
Er schuf das Paradies mit ewigem Licht,
Er schuf die Erde—und Dein Angesicht! . . .

אָך, סאָניטשקאַ, ווען איהר האָט דאָס נישט געהערט אין
וואָלף'ס מוזיק, ווייסט איהר נישט וויפיעל ליידענשאַפט עס ליגט
אין די לעצטע צוויי ווערטער.

איצט, בעת איך שרייב דאָס, איז א גרויסע פליעג אריינגע־
פלויגען אין מיין צימער און פיעלט איהם אָן מיט א טיעפען זשומען.

ווי שעהן דאָס איז, ס'אַרא טיעפע לעבענספרייד עס ליגט אין אָט דעם זאַטען טאָן, וועלכער וויברירט פון פליים און זומער־היץ אין בלומענדופט.

אייער

**ראָזאַ.**

---

וואָנקע, דעם 23טען מאַי, 1917.

. . . . . אייער לעצטער בריעף פון דעם 14טען איז שוין דאָ געווען ווען איך האָב מיינעם אָפּגעשיקט. מיך פרעהט זעהר ווידער מיט אייך אין פריהלינג צו זיין, און מיר ווילט זיך אייך שיקען אַ וואַרימען פפינגסטען־גרוס! „פפינגסטען, דאָס ליעבליכע פעסט, וואַר געקאָמען", אַזוי הויבט אָן געטע'ס ריינעקע פוקס. פאַר אַ יאָהרען אין דער צייט האָבען מיר מיט מאַטילדע געמאַכט די שעהנע רייזע נאָך ליכטענראַדע, וואו איך האָב פאַר קאַרל'ען געקליבען עירען־בלומען און געפונען דעם וואונדערבאַרען צווייג מיט בירקען־רינגעלעך. אין אָוועגט זיינען מיר ווי די „דריי עדעלע פרויען פון ראַוועננאַ" געגאַנגען מיט רויזען אין די הענט שפּאַצירען אויף דעם זידענדער פעלד. . . . . דאָ בליהט שוין דער פלידער, ערשט היינט אויפגעגאַנגען. ס'איז דאָ אַזוי וואַרים, אַז איך טראָג מיין לייכטעסטע קלייד. טראָץ דער זון און דער וואַרימקייט זיינען אָבער מיינע פייגעלעך אַנשווייגען געוואָרען. זיי זיינען מסתּמא אַלע פאַרנומען מיט די יונגלינגע. די „זי"ען זיצען אין די נעסטען און די „ער"ען האָבען אַ פולען שנאָבעל מיט אַרבייט צו קריגען נאַהרונג פאַר זיך און דער פאַמיליע. זיי מאַכען זייערע נעסטען מעהרסטענס אין פעלד אָדער אויף די גרויסע ביימער, אין מיין גערטענדעל, וועניגסטענס, איז איצט שטיל; נאָר דאָ און דאָרט הערט מען אַ קורצען רוף פון דעם נאַכטיגאַל, אָדער דער גרינלינג מאַכט זיינע קלאַפּענדע טריט, אָדער שפּעט ביינאַכט שמעטערט נאָכאַמאָל דער בוכפינק. מיינע בלוימאַיזען (פויגעל) קוקט מען מעהר אין די אויגען ניט אָן. בלויז איין קורצען גרוס האָב איך פּלוצים באַקומען נעכטען פון איין בלוימאַיז און דאָס האָט מיך

גאַנץ ערשיטערט. די בלוימאַיז איז נישט קיין שטענדיגער פויגעל ווי די קאָהלמאַיז, זי קומט צו אונז ערשט ענדע מערץ. זי האָט זיך צוערשט אויפגעהאַלטען ניט ווייט פון מיין פענסטער, פלעגט ברענגען מיט זיך חבר'טעס און צוזאַמען פלייסיג זינגען איהר לע־בערליכען „ציציבע". איך האָב יעדען מאָל געמוזט לאַכען און ענטפערען מיט דעם זעלביגען „ציציבע". אָנפאַנג מאַי איז זי פארשוואונדען מיט די איבעריגע פאַר קינפעט צייט. איך האָב וואָכענלאַנג זי נישט געזעהן און ניט געהערט. געכטען דערהער איך פלוצים פון אריבער דער געמויערטער וואַנט, וואָס טיילט אָפּ אונזער הויף פון אַ צווייטער געפענגניס־טעריטאָריע, דעם באַקאַנטען גרוס, אָבער אַזוי פארענדערט, קורץ אין איילעניש דריי מאָל נאָכאַנאַנד: „ציציבע, ציציבע, ציציבע." דאַן איז געוואָרען שטיל. מיר האָט דאָס הארץ צוזאַמענגעדריקט: אַזוי פיעל איז געלע־גען אין דעם איילענדען רוף, — אַ גאַנצע קליינע פויגעל־געשיכטע. דאָס איז געווען אַן ערינערונג פון איהר זייט ווענען דער שעהנער צייט פון לעבענספרייד אין פאַר־פריהלינג, ווען זי האָט דעם גאַנ־צען טאָג געזונגען און געשפיעלט. איצט אָבער דאַרף מען דעם גאַנצען טאָג פליהען און זאַמלען פליגעלעך פאַר זיך און דער פאַמיליע. דעריבער בלויז אַ קורצער גרוס: „איך האָב קיין צייט ניט, דער פריהלינג איז באַלד צו ענד, ציציבע, ציציבע, ציציבע!" גלויבט מיר, סאָניושאַ, אַז אַזאַ קליינער פויגעל־רוף, אין וועלכען עס ליגט אַזוי פיעל אויסדרוק, קאָן מיך אַזוי טיעף ערגרייפען. מיין מוטער, וועלכע האָט געהאַלטען די ביבעל צו־זאַמען מיט שילער'ען פאַר דעם העכסטען קוואַל פון חכמה, האָט פעסט און שטייף געגלויבט, אַז שלמה המלך האָט פארשטאַנען די שפּראַך פון די פויגלען. איך האָב דאַן געשמייכעלט מיט דער גאַנצער איבערלעגענהייט פון מיינע 14 יאָהר אין אַ נאַטורוויסענ־שאַפטליכער בילדונג איבער מיין מוטער'ס נאַאיוויטעט. איצט בין איך אַליין ווי שלמה המלך: איך פארשטעה אויך די שפּראַך פון די פויגלען און די חיות. נאַטירליך, ניט אַזוי ווי זיי וואָלטען געברויכט מענשליכע שפּראַך, נאָר איך פארשטעה די פארשידענע גואַנסען און עמפּינדונגען, וואָס זיי ליינען אריין אין זייערע קולות. נאָר פאַר דעם רויען אויער פון אַ גלייכגילטיגען מענשען

איז דער פויגעל־געזאַנג אַלע מאָל איינער און דערזועלבער. ווען מען האָט ליעב די לעבעדיגע באַשעפּענישען און מען פאַרשטעהט זיי געפינט מען אַ גרויסע פאַרשידענאַרטיגקייט פון אויסדרוק, אַ פּיעלפאַביגקייט, אַ גאַנצע שפּראַך. אויך דאָס אַלגעמיינע פאַרשטומען איצט נאָך דעם לאַרם פון פאַר־פריהלינג. איך ווייס אַז אויב איך וועל דאָ נאָך זיין אין הערבסט, און וואַרשיינליך וועט דאָס זיין דער פאַל, וועלען אַלע מיינע פריינד ווידער צוריק־קומען צו מיין פענסטער זוכען עסען. איך פרעה זיך שוין באַצייטענס מיט דער קאַהלמאַיז, מיט וועלכער איך האָב זיך באַזונדערס באַפריינדעט.

סאָניושאַ, איהר זייט ערביטערט איבער מיין לאַנגען ארעסט און איהר פרעגט „ווי קומט עס אַז מענשען זאָלען מעגען ענטשיידען איבער אַנדערע מענשען, צו וואָס איז דאָס אַלעס?" ענטשולדיגט מיר, אָבער איך האָב זיך געמוזט הויך צולאַכען דאָס לייענענדיג. ביי דאָסטאָיעווסקי אין די „ברידער קאַראַמאַזאָוו" איז פאַראַן אַ מאַדאַם כאָכלאַקאָווא, וועלכע פלעגט שטעלען פונקט אַזעלכע פראַגען און האָט אויף זיי קיין ענטפער נישט געקאָנט קריגען. איידער אָבער זי האָט געפּרואווט געפינען אַן ענטפער אויף איין פראַגע איז זי שוין אַריבערגעשפּרונגען צו אַ צווייטער. מיין פייגעלע, די גאַנצע קולטור־געשיכטע פון דער מענשהייט, וועלכע דויערט שוין, לויט באַשיידענע שעצונגען, צוואַנציג יאָהרהונדערטער, איז באַגרינדעט אויף „ענטשיידונג פון מענשען איבער מענשען", וואָס האָט טיעפע וואָרצלען אין די מאַטעריעלע לעבענס באַדינגונגען. בלויז די ווייטערע פיינליכע ענטוויקלונג קאָן דאָס אַלעס ענדערען, און מיר זיינען גראָדע איצט די עדות פון אַזאַ פיינליכען קאַפּיטעל. איהר פרעגט: „צו וואָס איז דאָס אַלעס?" „צו וואָס" איז איבערהויפּט נישט קיין באַגריף פאַר דעם לעבען און זיינע פאָרמען. צו וואָס לעבען בלוימאַיזען אויף דער וועלט? איך ווייס עס ווירקליך נית, אָדער איך פרעה זיך, וואָס עס לעבט איינע אַזאַ און געפין זיסען טרייסט ווען פון דער אַנדער זייט וואַנט הער איך אַ ווייטען „צי־צי־בע".

איהר איבערשאצט איבריגענס מיין „קלארען שכל“. מיין אי־נערליכער גלייכגעוויכט און מיין גליקזעליגקייט ווערען ליידער צו־שטערט פון דעם לייכטסטען שאטען, וואס פאלט אויף מיר, און איך לייד דאן זעהר פיעל, בלויז איך באזיץ די אייגענטימליכקייט צו פארשטומען אין אזא צייט. בוכשטעבליך, סאניטשקא, איך קאן דאן קיין ווארט ניט ברענגען אויף די ליפען. צום ביישפיעל, אין די לעצטע טעג בין איך שוין געווען אזוי רוהיג און מונטער. די זון האט מיך געפרעהט; מאנטאג אבער האט מיך ארומגעכאפט אן אייז־קאלטער שטורם־ווינט און מיט אמאל איז מיין שטראלענ־דע מונטערקייט פארוואנדעלט געווארען אין דעם טיעפסטען יאמער. און ווען פאר מיין נשמה וואלט דאס גליק גופא געשטאנען, וואלט איך נישט געקאנט קיין איין טאן ברענגען אויף מיינע ליפען, איך וואלט העכסטענס בלויז מיט שטומע בליקען געקאנט זיך קלאגען אויף מיין פארצווייפלונג. מיר קומט ווירקליך אויס גאנץ זעלטען צו רעדען, וואכענלאנג הער איך נישט מיין אייגענע שטים, און דאס איז אייגענטליך דער גרונד, פארוואס איך האב געפאסט דעם הערראישען באשלוס ניט צו לאזען מיין מימי זאל מעהר קומען אהער. דאס ציגעלע איז צוגעוואוינט צו מונטערקייט און לעבען, זי האט ליעב ווען איך זינג און לאך און יאג זיך נאך איהר איבער אלע צימערען. זי וועט דא אומעטיג ווערען. איך לאז זי דעררי־בער זיין ביי מאטילדע. מאטילדע קומט צו מיר אין עטליכע טעג ארום, און איך האף ווידער אמאל צו זיך קומען. אפשר וועט פפינגסטען אויך פאר מיר זיין „דאס ליעבסטע פעסט“. סאניטש־קא, זייט מיר מונטער און רוהיג, אלעס וועט נאך גוט זיין, גלויבט מיר. גריסט הערצליך קארל׳ען. איך נעהם אייך ארום פיעל מאל.

אייער

**ראזא.**

---

ווראנקע, ענדע מאי, 1917.

סאניושא, ווייסט איהר וואו איך געפין זיך איצינד, פון וואנען איך שרייב אייך דיזען בריעף? איך זיץ אין גארטען! איך האב מיר ארויסגעבראכט א קליין טישעל און איך זיץ צווישען

די גרינגע קוסטען. רעכטס פון מיר געפינען זיך קוסטען מיט יאַ־גאָדעס וואָס שמעקען ווי געווירצען, לינקס, איבער מיר, גרייבען זיך די יונגע, שלאַנקע קאַשטאַנען בוימער זייערע ברייטע, גרינגע הענט, און אָנטקעגען מיר רוישט לאַנגזאַם דער גרויסער, ערנס־טער און מילדער קליאָן מיט זיינע ווייסליכע בלעטער. אויף דעם פּאַפּיר, אויף וועלכען איך שרייב אצינד טאַנצען ארום די לייכטע שאָטענס פון די בלעטער, אומרינגעלט מיט העלער זונען־שיין, און פון די מיט רעגען פייכטע בלעטער פאַלען די טראָפּענס אויף מיין געזיכט און מיינע הענט. אין דער געפענגניס־קירכע דאַ־ווענט מען. די טעמפּע קלאַנגען פון דעם ארגעל דרינגען אַנ־דייטליך ארויס און זיי ווערען פאַרדעקט פון דעם רויש פון די בוימער און דעם העלען געזאַנג פון די פויגלען, וועלכע זיינען היינט אין א מונטערער שטימונג. פון ערגעץ ווייט רופט די קור־קושע. ווי שעהן דאָס איז! ווי גליקליך איך בין צו שפּירען דעם רויש פון דעם לעבען ארום און ארום. איז אייך באקאנט די סצענע אין וואַגנערס „מייסטערזינגער“, די פאָלקס־סצענע, וואו א רייך קאָלירטע מענגע מענשען קלאַפּען פריילין מיט די הענט און רופען: יאהאַנעסטאַג! יאהאַנעסטאַג! און אַלעם פאַנגט פּלוצלונג אָן צו טאַנצען א פראַכטפולען וואַלץ? אין אזא שטי־מונג קאָן מען קומען די לעצטע טעג.

וואָס איך האָב נעכטען דורכגעלעבט! איך מוז עס אייך דער־צעהלען. איינדערפריה האָב איך אין וואַנעצימער אויפ'ן פענסטער געפונען א גרויסע זומער־פויגעלע. שוין א פּאָר טעג ווי עס האָט ביז צום טויט געפלאַטערט אויף די האַרטע שויבען; נאָר מיט די פליגעלאַך האָט עס געוויזען שוואַכע סמנים פון לעבען. ווי איך האָב עס באַמערקט האָב איך זיך שנעל צוריק אָנגעטאָן, ציטערענדיג פון אונגעדולד. איך האָב ארויפגעקלעטערט אויף דעם פענסטער און האָב עס פאָרזיכטיג גענומען אין דער האַנט. עס האָט זיך ניט געווערט דאַגעגען און איך האָב געדענקט, אז עס מוז זיין טויט. איך האָב עס אוועקגעלעגט אויף דער ראַהם פון מיין פענסטער אום עס זאָל קומען צו זיך. עס האָט נאָך געהאַט אין זיך אביסעלע לעבען, אָבער עס איז געבליבען ליגען

שטיל. דאָן האָב איך דעם אונטערגעלעגט אַ פּאָר בלימלאַך צו עסען. גראָד דאָן האָט זיך דערהערט דאָס זינגען פון אַ פויגעל. ניט ווילענדיג האָב איך געזאָגט אין דער הויך: „הער זיך איין, ווי לוסטיג דאָס פייגעלע זינגט. דאָן וועט זיך מוזען דאָס לעבען צוריקקערען צו דיר!“ איך האָב זיך אַליין גע־מוזט צולאַכען פון דיזען שפּרוך צו דעם האַלב־טויטען שמעטערלינג און איך האָב געטראַכט: פארלוירענע ווערטער! אָבער ניין — אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט זיך דאָס חיה'לע ערהאָלט, עס האָט זיך אָנגעהויבען צו באַוועגען אהין און אהער און ענדליך איז עס לאַנגזאַם ארויסגעפלויגען! ווי איך האָב זיך דאָס גע־פרייט וואָס איך האָב עס אָפּגעראַטעוועט! וואָס איך האָב דורכ־געלעבט!

נאָכמיטאָג בין איך ווידער אוועק אין גאָרטען, וואו איך פאַרברענג פון 8 אינדערפריה ביז 12, (דאָן רופט מען מיך עסען) און ווידער פון 3 ביז 6. איך האָב ארויסגעקוקט אויף דער זון. איך האָב געפיהלט אַז זי מוז, זי מ ו ז זיך נאָך באַווייזען. זי האָט זיך אָבער ניט באַוויזען און עס איז מיר געוואָרען טרויעריג. איך בין ארומגעגאַנגען אין גאָרטען און איך האָב דערזעהן עט־וואָס ־ערקווירדיגעס. עס איז געוועזן אַ לייכטער ווינט און אויף דער ווייסער קליאָן האָבען זיך צופלאַטערט די רייפע קעצישע עקען, די זאמען זיינען זיך צופלויגען און אָנגעפילט די לופט ווי מיט שנעה פליטערלאַך און באַדעקט די ערד און דעם גאַנצען הויף. עס האָט אויסגעזעהן אַזוי גייסטערהאַפט ווי דער זילבערפלאָם האָט געפלאַטערט! דער ווייסער קליאָן בליהט שפּעטער ווי אַלע אַנדערע בוימער מיט קעצישע עקען, און אַ דאַנק דעם, וואָס דער בוים האָט אַזאַ מאַסע זאמען און זיי צופליהען זיך פריי און ווייט, שפּראָצען די קליינינקע פלאַנצען פון אַלע שפּאַלטען צווישען די שטיינער און די ציגלען פון מויער.

ארום זעקס אזייגער בין איך ווי געוועהנליך ווידער אַמאָל געוואָרען איינגעשפּאַרט. טרויעריג, מיט אַ געדריקטער שטימונג בין איך געזעסען אויף דעם פענסטער. די לופט איז געוועזן זעהר שטיקענד. הויך, שווינדלענדיג הויך, אונטער די ווייסע וואָלקענס

וואס האבען געשוועבט אויף דעם בלוי־פארבינען הינטערגרונט, זיינען מונטער ארומגעפלויגען די שוואלבען, און עס האט זיך געדוכט אז מיט זייערע שפיציגע פליגלען האבען זיי געשניטען די לופט ווי מיט שערען. באלד איז אבער דער הימעל געווארען טונקעל, אלעס איז שטום געווארען און עס האט זיך אויפגעהויבען א שטורם — א קורצער קרעפטיגער שטורם, מיט א גוס־רעגען. דער דונער האט אזוי שטארק געקראכט אז אלעס האט געציטערט. נאך דעם איז געקומען א בילד, וואס איך וועל קיין מאל ניט פארגעסען. דער שטורם איז באלד פאראיבער. דער הימעל האט זיך באדעקט מיט א איין־פארבינער דיקער גרויקייט. א טעמפע, בלאסע, געשפענסטליכע דעמערונג האט זיך פלוצלונג אראפגעלאזען אויף דער ערד. עס האט אויסגעזעהן, ווי א געדיכטער גרויער שלייער זאל הענגען איבער אלעס. דער רעגען איז לאנגזאם געפאלען אויף די בלעטער, דער בליץ האט איינינע מאל א פלאם געטאן מיט פורפור־רויטער פארב אין דער בלייענער גרויקייט, און ווידער און ווידער האט זיך פון ווייטענס געהערט דאס רעווען פון דעם דונער. עס האט געקלונגען ווי דער רויש פון די לעצטע, שוואכע כוואליעס ווען עס ברויזט און קאכט דער ים. און איינמיטען דער געשפענסטליכער שטימונג האט זיך פלוצלונג פאר מיין פענסטער אויף א בוים באוויזען דער נאכטיגאל! איינמיטען פון רעגען, בליץ און דונער האט זיין שטימע געקלונגען ווי א גלאק, ער האט געזונגען ווי בארוישט, ווי בא׳כשפ׳ט, ער האט געוואלט איבערשרייען דעם דונער, מיט ליכט פארגיסען די דעמערונג. איך האב אין מיין לעבען אזעלכע שעהנע קלאנגען ניט געהערט. אויף דעם הינטערגרונט פון די בייטענדע־זיך בלייענע און פורפורנע פארבען האט זיין געזאנג געווירקט ווי לייכטענדע זילבער פליטערלאך. דאס איז געוועזן אזוי געהיימניספול, אזוי אונבאגרייפליך שעהן, אז ניט ווילענדיג האב איך איינינע מאל ווידערהאלט דעם לעצטען פערז פון געטהע׳ס א געדיכט: „א ווארסט דו דא!“...

אימער אייערע

**ראזא.**

ווראָנקע, דעם 1־טען יוני, 1917.

. . . די אָרכידעען איבערהויפּט קען איך גוט; אין דעם וואונדערבארען געוואוקס־הויז אין פראנקפורט־אם־מיין, וואו א גאנצע אָפּטיילונג איז אָנגעפילט מיט זיי, האָב איך זיי דעמאָלט פלייסיג שטודירט עטליכע טעג נאָכאַנאַנד, נאָך מיין פּראָצעס, ווען איך האָב געקראָגען א יאָהר. איך געפין אין זייער לייכטער גראַציע, אין די פאנטאַסטישע, אומנאַטירליכע פאָרמען עטוואָס ראַפינירטעס, דעקאַדענטישעס. זיי ווירקען אויף מיר ווי די צירליכע, געפודרעטע מארקיזען פון ראָקאָקאָ. איך באוואונדער זיי מיט אן אינערליכען ווידער־געפיהל, מיט א געוויסער אומרוהיגקייט, ווייל מיין נאטור איז איבערהויפּט צואווידער אַלץ וואָס איז דעקאַדענטיש און מחוץ לדרך הטבע. פיעל מעהר פרייד פארשאַפט מיר, צום ביישפּיעל, דער איינפאכער לייבענצאָהן, וועלכער האָט אזוי פיעל זון אין זיין פארב, עפענט זיך אזוי ווי איך, פול און דאנקבאר צו דער זון־ליכט און פון דעם קלענסטען שאָטען פארשליסט ער זיך אין זיך.

וואָס פאר אָווענטען איצט, און וואָס פאר פארנאכטען! נעכטען איז אן אומבאשרייבליכער צויבער געלעגען אויף אַלצדינג. דער הימעל איז שפּעט נאָך דעם זון־אונטערגאנג געווען פארשמירט מיט לייכטענדער אָפּאַל־פארב און מיט שטרייפען פון אומבאַשטימטער פארב, פונקט ווי א גרויסער פּאַלעט, אויף וועלכען דער מאהלער האָט נאָך א טאָג פלייסיגער ארבייט אָפּגעווישט מיט א ברייטען שטריך זיין פּענזעל אום צו געהן צו רוה. די לופט איז געווען עטוואָס שטיקענד, ווי פאר א שטורם; עפּעס א לייכטע, הארצקלעמענדע שפּאנונג. די קוסטען זיינען געשטאנען איינגאַנצען באוועגונגסלאָז; דער נאכטיגאַל האָט זיך נישט געלאָזט הערען, אָבער דער אונערמיעדליכער „גאָרטען־שפּאָטער“ מיט דעם שווארצען קעפּעל איז נאָך ארומגעשפּרונגען צווישען די צווייגען און שריל געשריען. אַלעם האָט ווי געווארט אויף עפּעס. איך בין געשטאנען ביים פענסטער און אויך געווארט — גאָט ווייסט אויף וואָס. נאָך דעם „איינשלום“ זעקס א־זייגער, האָב איך צווישען הימעל און ערד אויף גאָרניט ניט צו ווארטען...

**ראָזא.**

ווראָנקע, דעם 20טען יולי, 1917.

סאָניטשקאַ, מיין ליבלינג, אַזוי ווי איך מוז דאָ פאַרבלייבען לענגער ווי איך האָב ערוואַרטעט, שיק איך אייך נאָך אַ גרוס פון ווראָנקע. ווי האָט איהר עס געקענט דענקען, אַז איך וועל אייך מעהר קיין בריעף ניט שרייבען! אין מיין באַציהונג צו אייך האָט זיך גאָרניט געביטען און עס קאָן זיך גאָר ניט ביימען. איך האָב ניט געשריבען, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז זינט דעם אָפּפאָרען פון עבענהאַוזען זייט איהר אימער געווען פאַרנומען מיט טויזענדערליי זאַכען. און טיילווייז האָב איך אויך דערפאַר ניט געשריבען, וואָס איך בין ניט געווען אויפגעלעגט דערצו.

אַז מען שיקט מיך קיין ברעסלאַו ווייסט איהר דאָך. דאָ האָב איך זיך שוין היינט אינדערפריה געזעגענט מיט מיין גאָרטענדעל. דאָס וועטער איז גרוי, שטורעמדיג און רעגענדיג, אויפ'ן הימעל יאָגען זיך צוריסענע וואָלקענס, דאָך האָב איך שטאַרק הנאה געהאַט פון מיין פריהמאָרגענדיגען שפּאַצירגאַנג. איך האָב זיך געזעגענט מיט דער שמאָלער געפלאַסטערטער סטעשקע אַרום דעם מויער. כמעט ניין מאָנאַטען האָב איך אויף דער סטעשקע אַרומגעשפּאַצירט, אַזוי אַז איך בין שוין גוט באַקאַנט מיט יעדער שטיינדעל און מיט יעדער גרעזעל, וואָס וואַקסט אַרויס פון צווישען די שטיינער. וואָס מיך האָט באַזונדער אינטערעסירט אין די פלאַסטער שטיינער זיינען געווען די בונטע קאָלירען, רויטליך, בלויליך, גרין און גרוי. אין דעם לאַנגען ווינטער, ווען עס בענקט זיך אַזוי נאָך אַביסעל לעבעדיג גרינס, האָבען מיינע פאַרבען־הונגעריגע אויגען אין די שטיינער געזוכט קאָלירען און שעפּפערישע אָנרעגונג. און אַצינד ערשט ווען דער זומער איז געקומען קאָן מען צווישען די שטיינער זעהן אַזוי פיעל אייגענאַרטיג און אינטערעסאַנט לעבען! מאַסען ווילדע בינען און וועספּען־פליגען וואוינען דאָ. צווישען די שטיינער בוירען זיי אויס נוס־גרויסע רונדע לעכער און טיפע דורכגאַנגען. דערביי וואַרפען זיי די ערד פון אינוועניג אַרויף אויף דער אויבערפלאַך און לעגען עס אויף אין גאַנץ היבשע קופּקעס. דאָרט לעגען זיי זייערע אייער און מאַכען וואַקס און ווילדען האָניק. שטענדיג האַלטען זיי אין איין אַרומפליהען און אַריינשלעפּען זאַכען, און בשעת איך

געה שפּאַצירען מוז איך זיין זעהר פאָרזיכטיג ניט צו שעדיגען די אונטערערדישע וואוינונגען. די מוראשקעס לויפען ארום 'הין און צוריק און דערביי ציהען זיי אוים זייערע פעדעם אויף אזא גראַדער ליניע ווי זיי זאָלען מיט זייערע קערפּערס פּיהלען דעם מאַטעמאַטישען געזעץ אַז די גראַדע ליניע איז די קורצסטע פאַר־בינדונג צווישען צוויי פּונקטען. (א געזעץ פון וועלכער די פּרי־מיטיווע פעלקער האָבען גאָרניט געוואוסט.) מאָסען אומקרוים וואַקסט אַרום דעם מויער. איין גרעזעלע פאַרוועלקט און צופליהט זיך פון ווינט, און שוין זעהען זיך וויטער קנאָספּען. דאָן איז פאַראַן אַ גאַנצער דור פון יונגענקע בוימעלאַך, וואָס האָבען ערשט היינטיגען פריליגג, פאַר מיינע אויגען, אַרויסגעשפּראָצט אויף'ן מיטען וועג אָדער אַרום דעם מויער. אָט איז אַ קליינע אַקאַציע, הפּנים זי איז אַרויסגעוואַקסען פון די זאָמען פון אַן אַלטען בוים, וועלכען מען האָט ניט לאַנג איבערגעפלאַנצט. דאָ שטעהען איי־ניגע קליינע קליאָנען, וואָס האָבען זיך אויך ערשט אין מאַי באַוויזען אויף דער וועלט, זיי זיינען שוין רייך באַפּוצט אין גרין־ווייסע בלעטער, וואָס וויגען זיך אַזוי שעהן אין שטורם, פּונקט ווי די אַלטע בלעטער. וויפיעל מאָל האָב איך דורכגעמאָסטען זייער וועג, וויפיעל פאַרשיידענעם האָב איך דערביי דורכגעפיהלט און דורכ־געטראַכט! אין שטרענגען ווינטער, נאָך אַ פרישען שנעהפאַל, האָב איך מיר אָפּט דורכגעטראָטען אַ וועג מיט מיינע פיס, און דער־ביי האָט מיך באַגלייט מיין געליבטע, קליינע קרויט־מויז. איך האָב געהאָפט אַז אין הערבסט וועל איך זי צוריק אויפזוכען. זי וועט מיך שוין אָבער מעהר ניט געפינען, ווען זי וועט צוריק קו־מען צום באַקאַנטען אָרט אויפ'ן פענסטער, אום דאָרט איהר שפּייז צו באַקומען. אין מערץ, ווען דער פראָסט האָט מיט אַמאָל אָנגעהויבען צו לאָזען, האָט זיך מיין אויסגעטראָטענער וועג פאַר־וואַנדעלט אין אַ טייכעל. איך געדענק ווי אונטער דעם שפּיל פון ווינט זיינען אויף דעם וואַסער געוואָרען קלייניגקע וועלען און די ציגעל פון דעם מויער האָבען זיך לעבהאַפט אָפּגעשפּיגעלט אין זיי. דאָן איז ענדליך געקומען דער מאַי און לעבען מויער האָט זיך באַוויזען דאָס ערשטע פיילכען, וועלכעס איך שיק אייך אַצינד.

ווען איך האב היינט אזוי ארומגעוואנדערט און נאכגע־טראכט, האט מיר די גאנצע צייט געקלאפט אין קאפ געטהע׳ס פערז:

Merlin der Alte im leuchtenden Grabe
Wo ich als Jüngling gesprochen ihn habe.

איהר ווייסט וואס עס קומט ווייטער. נאטירליך האט דאס געדיכט גאר קיין צוזאמענהאנג ניט מיט מיין שטימונג און מיט דעם, וואס קומט אין מיר פאר. מעהר ניט, די מוזיק פון די ווער־טער און דער צויבער פון דעם געדיכט האבען מיך בארוהיגט. איך ווייס אליין ניט, ווי עס קומט, אז א שעהן געדיכט, באזונדער געטהע׳ס, האט אויף מיר אימער א טיפעווירקונג ווען איך פיהל זיך שטארק אויפגערעגט אדער ערשיטערט. עס איז כמעט א פי־זיאלאגישע ווירקונג. איך פיהל ווי איך זאל מיט ברענענדע דור־שטיגע ליפען טרינקען א טייערע משקה וואס קיהלט פון איג־ווענינג און מאכט געזונט סיי דעם גוף סיי די נשמה. דאס גע־דיכט פון דעם ועסט־אסטליכען דיוואן, וואס איהר דערמאנט אין אייער לעצטען בריעף איז מיר ניט באקאנט. זייט אזוי גוט און שרייבט עס איבער פאר מיר. נאך איין געדיכט וואלט איך שוין לאנג וועלען האבען און אין מיין באנד פון געטהע איז עס נימא, איך מיין „בלומענגרוס". דאס איז א קלייניגקער געדיכט פון א פיער אדער זעקס צייל(ע)ן, איך געדענק עס פון וואלף׳ס מוזיק, וואס האט געקלונגען אונבאשרייבליך שעהן. דער שלום־פערז האט זיך גלעזען אומגעפעהר אזוי:

"Ich habe sie gepflücket
In heisser Sehnsuchtsqual,
Ich habe sie ans Herz gedrücket,
Ach wohl ein tausendmal!"
Heinrich Heine.

מיט דער מוזיק קלינגט עס אזוי הייליג, צארט און אומשול־דיג, ווי דאס נידערקניען אין א שטומען געבעט. איך געדענק שוין אבער ניט דעם טעקסט און וואלט איהם זעהר וועלען קריגען.

געכטען ביינאכט, אזוי ארום ניין דעם זייגער האב איך ביי־געוואוינט נאך א פראכטפולע שוישפיל. פון מיין סאפא האב איך

באַמערקט אַ ליכטיגע ראָזיווע אָפּשפּיגלונג אויפ'ן פענסטער. דאָס האָט מיך איבעררּאַשט, ווייל דער הימעל איז געווען גאַנץ גרוי. איך בין צוגעלאָפען צום פענסטער און בין פאַרשטיינערט גע־וואָרען. אויף דעם איין־קאָלירטען גרויען הימעל האָט זיך פון מערב ווי אַ טורם ערהויבען אַ גרויסער וואָלקען, קאָלירט אין איבערערדיש שעהנער ראָזאַ־פאַרב. ער איז געווען איינער אַליין, אָפּגעטיילט פון אַלע אַנדערע וואָלקענס, ער האָט אויסגעזעהן ווי אַ שמייכעל, ווי אַ גרוס פון דער אומבאַקאַנטער ווייטקייט. איך האָב פריי אָפּגעאָטעמט און, ניט ווילענדיג האָב איך אויסגע־שטרעקט ביידע הענט צום צויבערהאַפטען בילד. ווען עס גיבען אַזעלכע פאַרבען און אַזעלכע פאָרמען, איז דאָס לעבען שעהן און לעבענסווערט, ניט אמת? איך האָב זיך מיט די אויגען איינ־געגעסען אין דעם ליכטיגען בילד און האָב געשלונגען יעדען ראָ־זיווע שטראַל, ביז איך האָב זיך ענדליך אַליין געמוזט צולאַכען פון זיך. ליבער גאָט, דער הימעל און די וואָלקענס און דאָס גאַנצע לעבענס שעהנקייט בלייבט דאָך ניט אין ווראָנקע, וואָס איך דאַרף זיך מיט זיי געזעגנען. ניין, זיי געהען מיר נאָך און וועלען אימער זיין מיט מיר, וואו איך זאָל זיך ניט געפינען.

אין גיכסטען וועל איך אייך שרייבען פון ברעסלאַו. קומט צו מיר אהין אַזוי שנעל ווי איהר קאָנט. גריסט הערצליך קאַרל'ן.

איך אומאַרם אייך. צום ווידערזעהן אין מיין נייעטען גע־פענגנים.

אייער טרייע

**ראָזאַ.**

---

ברעסלאַו, דעם 2טען אויגוסט, 1917.

מיין ליבע סאָניטשקאַ:

אייער בריעף האָב איך ערהאַלטען דעם 28טען. דאָס איז געווען די ערשטע נאַכריכט וואָס איז דאָ צוגעקומען צו מיר פון דער אויסערער וועלט, און איהר קאָנט זיך פאַרשטעלען, ווי איך האָב זיך איבער איהם דערפרייט. מיין איבערציהען זיך האָט איהר

דורכאויס גענומען צו טראַגיש און איהר זאָרגט צופיעל וועגען מיר... ווי אייך איז באַקאַנט, נעם איך אָן אַלע ווענדונגען פון שיקזאַל מיט דער נויטיגער גלייכגילטיגקייט. איך האָב זיך שוין דאָ גוט איינגעלעבט. היינט האָב איך באַקומען מיינע קאַסטענס מיט ביכער פון ווראָנקע. באַלד וועלען מיינע צוויי קאַמערלאַך זיין אויסגעפוצט מיט בילדער און ביכער און פאַרשידענע קלייניגקייטען, וואָס איך שלעפּ אימער אַרום מיט זיך. עס וועט אויסזעהן פונקט אַזוי אַנגענעם און געמיטליך, ווי עס איז געווען אין ווראָנקע, און מיט דאָפּעלטער לוסט וועל איך זיך נעמען צו מיין אַרבייט. וואָס מיר פעהלט דאָ, איז די רעלאַטיווע באַוועגונגס־פרייהייט, וואָס איך האָב דאָרט געהאַט. דאָרט איז די פעסטונג געווען אָפען דעם גאַנצען טאָג, בשעת דאָ זיץ איך אימער פאַרשפּאַרט. דאָן די פראַכטפולע לופט, דער גאָרטען און איבער אַלעס די פויגלען! איהר האָט קיין אהנונג ניט ווי איך בּיינק נאָך זייער געזעלשאַפט. אָבער דאָס אַלעס איז, נאַטירליך, צו דערליידען, און באַלד וועל איך מסתמא אין גאַנצען פאַרגעסען, אַז עס איז מיר דאָרט געווען בעסער ווי דאָ. די גאַנצע אומגעבונג דאָ איז כמעט די זעלבע, ווי אין באַרנימשטראַסע. עס פעהלט נאָר דער שעהנער לאַזאַרעט־הויף, וואו איך פלעג כמעט יעדען טאָג מאַכען נייע באָטאַנישע אָדער זאָאָלאָגישע ענטדעקונגען. דאָ, אין דעם גרויסען געפּלאַסטערטען הויף, וואו איך געה יעדען טאָג שפּאַצירען, לאָזען זיך קיינע „ענטדעקונגען“ ניט מאַכען. בשעת מיין שפּאַציר גאַנג קוק איך אימער אַרונטער אויף די גרויע פלאַסטער שטיינער, אום ניט צו באַגעגענען דעם בליק פון די געפאַנגענע וואָס זיינען באַשעפטיגט אין הויף. זייערע שאַנדע־אַנצוגען מאַכען מיך אימער שלעכט פיהלען. תמיד קאָן מען צווישען זיי געפינען אַ פּאָר, ווענעם עלטער, געשלעכט און אינדיווידועלע ציגע זיינען כמעט איינגאַנצען אָפּגעווישט אונטער דעם שטעמפּעל פון דער טיפסטער מענשליכער דעגראַדאַציע. אָבער, ווי איך זאָל ניט זוכען אוועקצוקוקען פון זיי ציהען זיי צו מיין בליק מיט אַ מין שמערצליכען מאַגנעטיזם. עס געבען אויך אומעטום איינצעלנע געשטאַלטען, וועמען עס קען אפילו דער געפענגנים אַנצוג ניט פאַרדאַרבען. אַזוי האָב איך דאָ אין הויף

ענדעקט א יונגע ארבייטערקע, וועמעס שלאנקע קליינע פארמען, דער קאָפּ, וואָס איז מיט א טוך ארומגעבונדען און דער שטרענגער פּראָפייל דערמאָנען א געשטאלט פון מילעי. עס איז א פארגע־ניגען צוצוקוקען מיט וואָס פאר לייכטע גראציעזע באוועגונגען זי שלעפּט די שווערע לאסטען. איהר מאָגער געזיכט מיט דער פעסט אָנגעצויגענער הויט און קרייד־ווייסען קאָליר דערמאָנט מיך אין די טראגישע מאסקען פון פּיעראָט. אָבער מיינע טרויעריגע קאָמישע ערפארונגען מיט אזעלכע פּיעל פארשפּרעכענדע געשטאלטען האָ־בען מיך אויסגעלערענט צו וואכען פון זיי. אין בארנימשטראסע האָב איך אמאָל ענדעקט א געפאנגענע, וועלכע האָט ווירקליך געהאט א קעניגליכען געשטאלט און האָט זיך אויך געהאלטען, ווי עס פּאסט פאר אזא אויסזעהן. ווי מיר האָט זיך געדוכט האָט אויך דאָס „אינערליכע" אין איהר ענטשפּראָכען דעם אויסזעהן. דערצו איז זי נאָך געקומען צו מיר אין צימער איינהייצען דעם אויוען. נאָך צוויי טעג האָט זיך ארויסגעוויזען אז הינטער דער שעהנער מאסקע איז געווען אזא מאסע נארישקייט און נידערטרעכטיגקייט, אז איך האָב זיך אימער געמוזט פארקוקען ווען איך האָב זי באַ־געגענט. איך האָב זיך דאן געטראכט אז ווענערא פון מילאן האלט הונדערטער יאָהרען לאנג אויף איהר רעפּוטאציע, אלס די שענסטע פרוי, נאָר דערפאר, וואָס זי שווייגט אימער. וואָלט זי געעפענט איהר מויל, וואָלט אפשר דער גאנצער צויבער אוועק צום טייוועל.

אנטקעגען מיר געפינט זיך דאָס מענער־געפענגניס, א טונ־קעלער, טרויעריגער בנין פון רויטע ציגעל. אָבער גלייך איבער'ן מויער זעה איך די גרינע שפּיצען פון פארשיידענע בוימער; א גרויסער שווארצער קליאָן וואָס מאכט א שטארקען טומעל, ווי נאָר דער ווינד הויבט אָן צו בלאָזען, און א רייהע העלערע ביימלאך פון וועלכע די געלע סטרוצלעס הענגען ארונטער. די פענסטער קומען ארויס אויף נאָרד־וועסט, אזוי אז איך קען אָפט זעהן די שעהנע אוועני־וואָלקענס, און, ווייסט איהר, איינער אזא ראָזיווער וואָלקען איז אָפּט גענוג מיך צו ענטציקען און פאר אלעס צו באלוינען. אָט יעצט, דריי אוהר אין אוונד (אין דער ווירקליכקייט איז עס זיבען) איז די זון נאָר וואָס ארונטערגעזונקען הינטער דעם דאך פון מענער געפענגניס. זי שיינט נאָך העל דורך די גלעזלאך, מיט

וועלכע דער דאַך איז באַפּוצט, און דער גאַנצער הימעל האָט אַ גאָלדענע שיין. איך פיהל מיך זעהר גוט און — איך ווייס אליין ניט פאַרוואָס — איך מוז שטיל פאַר זיך אונטערזינגען די אוואַ־כאַריאַ פון גונאָ. (איהר קאָנט דאָס גוט.)

מיין בעסטען דאַנק פאַר די איבערגעשריבענע געדיכטען פון געטהע. „די באַרעכטיגטע מענער" איז זעהר שעהן, הגם מיר גע־פעלט עס ניט שטאַרק.

איך וויל אייך נאָך בעטען ביי אַ געלעגענהייט פאַר מיר אי־בערצושרייבען „אַנאַקרעאָנס גראַב". קאָנט איהר עס גוט? איך האָב עס נאַטירליך ערשט דורך הוגאָ וואָלף'ס מוזיק ריכטיג פאַר־שטאַנען; אין ליעד מאַכט עס אַן אַרכיטעקטאָנישען איינדרוק; עס דוכט זיך אַז מען זעהט פאַר זיך אַ גריכישען טעמפּעל.

אָט די מינוט האָב איך געמאַכט אַ קליינע פּאַוזע, אום דעם הימעל צו באַטראַכטען. די זון איז שוין פיעל טיעפער הינטער דעם מויער פאַרזונקען. הויך, הויך שטרעבען, ווייס גאָט וואוהין, שטיל־צוגויפגעלאָפענע מיריאַדען קליינע וואָלקענדלאַך; אַרום און אַרום האָבען זיי אַ זילבערנע שיין און אין מיטען זיינען זיי צאַרט גרוי. אַלע שטיקלאַך, וואָס רייסען זיך אַוועק געהען נאָך נאָרד. עס ליגט אין זיי אַזוי פיעל זאָרגלאָזיגקייט און אַזאַ ליבער שמייכעל, אַז איך מוז מיט זיי מיטלאַכען. ווי קאָן מען מיט אַזאַ הימעל זיין „בייז" אָדער קליינליך? פאַרגעסט קיין מאָל ניט אַרום צוקוקען זיך אַרום זיך, דאַן וועט איהר אימער זיין „גוט".

מיך וואונדערט ניט, וואָס קאַרל וויל אַ בוך וועגען פויגעל־געזאַנג. פאַר מיר איז די שטימע פון דעם פויגעל אונטרעננבאַר פון זיין לעבען און זיינע געוואוינהייטען. מיך אינטערעסירט נאָר דאָס גאַנצע, ניט קיין אָפּגעריסענע דעטאַלען. גיט איהם אַ גוטען בוך וועגען טיער־געאָגראַפיע, דאָס וועט איהם זיכער אָנ־רעגען. האָפענטליך וועט איהר מיך שנעל באַזוכען. אַזוי שנעל ווי איהר קריגט די ערלויבניש, טעלעגראַפירט מיר.

איך אומאַרם אייך פיעל מאָל

אייער

**ראָזאַ.**

נאָט פאַרגיב מיר. אַכט זייטען האָב איך אָנגעשריבען. זאָל דאָס מאָל זיין גענוג. אַ דאַנק פאַר די ביכער.

ווראָנקע, מיטען נאָוועמבער, 1917.

מיין געליבטע סאָניטשקאַ !

איך האָף באַלד צו האָבען אַ געלעגענהייט אייך ווידער צו שיקען אַ בריעף, און איך נעהם זיך מיט בענקעניש צו דער פען. ווי לאַנג איך האָב זיך געמוזט באַגעהן אָהן דער ליבער געוואוינ־הייט מיט אייך אַם ווענינגסטען אויף דעם פּאַפּיר צו פּלוידערען! אָבער עס איז נישט געגאַנגען. די וויינינגע בריעף וואָס איך האָב געקאָנט שרייבען, האָב איך געמוזט שיקען צו האַנס ד.,* וועל־כער האָט אויף זיי געוואַרט. איצט איז דאָס אַלעס פאַראיבער, מיינע לעצטע צוויי בריעף האָב איך שוין געשריבען צו אַ טויטען; איינעם האָב איך שוין צוריק געקראָגען. דעם פאַקט קען איך נאָך אַלץ נישט אומפאַסען. אָבער לאָמיר בעסער נישט רעדען פון דעם. אין אַזעלכע זאַכען וויל איך אַליין מיט זיך האַנדלען, און און דערנאָך „טרייסטען" מיך מיט רחמנות־ווערטער, ווי נ. האָט עס געטאָן, רעגט עס מיך שרעקליך אויף, איך קאָן אייך גאָר ניט זאָגען ווי פיעל. אַז מיינע נאָהענטסטע פריינט זאָלען מיך נאָך אַלץ אַזוי ווייניג קענען און אַזוי אונטערשעצען, אַז זיי באַגרייפען ניט, אַז דאָס בעסטע און פיינסטע אין אַזעלכע פאַלען איז איינפאַך און קורץ, אין צוויי ווערטער, מיר לאָזען וויסען: ער איז טויט — אָט דאָס קרענקט מיך.

. . . סאַראַ שאָד וואָס עס פאַרגעהן די חדשים און די יאָה־רען, און וועלכע מיר וואָלטען געקאָנט צוזאַמען דורכלעבען אַזוי פיעל שעהנע שעה, טראָץ אַלע שרעקליכקייטען, וואָס קומען פאָר אויף דער וועלט. איהר ווייסט, סאָניטשקאַ, וואָס לענגער דאָס דויערט און וואָס מעהר דאָס נידערטרעכטיגע, וואָס פאַסירט יע־דען טאָג, איבערשטייגט אַלע גרעניצען און מאָסען, אַלץ רוהיגער און פעסטער ווער איך. ווי צו אַ נאַטור־ערשיינונג, צו אַ פאַרניכ־טענדען שטורם ווינט, אַ פאַרפלייצונג, אַ ליקוי חמה, ווענדט

---

*דר. האַנס דיפערבאַך, איינער פון ראָזאַ לוקסעמבורג׳ס בעסטע פריינט, איז געפאַלען אין דער מלחמה.

מען ניט אָן קיין מאָראַלען מאַסשטאַב, אַזוי דאַרף מען באַטראַכ־טען די איצטיגע געשעהענישען אַלס עטוואָס געגעבענעס, אַלס אַ געגענשטאַנד פאַר פאָרשונג און ערקענטניש.

דאָס זיינען מסתמא אָביעקטיוו די איינציג מעגליכע וועגען פון דער געשיכטע, און מען מוז זיי נאָכפאָלגען נישט פאַר־לירענדיג די הויפּט ריכטונג. איך פיהל, אז די גאַנצע מאָראַלישע בלאָטע, אין וועלכער מיר געהען ביז איבער די קניען, דאָס גאַנצע גרויסע טעות־הויז אין וועלכען מיר לעבען, וועט מיט אַמאָל, פון היינט אויף מאָרגען, ווי דורך אַ צויבער, פאַרוואַנדעלט ווערען אין דעם היפּוך פון דעם וואָס איז איצט, קאָן פאַרוואַנדעלט ווערען אין עטוואָס גרויסעס און העלדענהאַפטעס, און — אויב די מלחמה וועט דויערען נאָך אַ פּאָאר יאָהר — וועט עס מוזען פאַרוואַנדעלט ווערען. לייענט אַנאַטאָל פראַנס׳עס „לע דיאָ אָן סואף“ (די געטער זיינען דורשטיג) איך באַטראַכט דאָס פאַר אַ גרויס ווערק הויפּט־זעכליך דערפאַר, ווייל מיט אַ געניאַלען בליק צייגט עס אָן אויף דאָס אַלמענשליכע: זעהט, פון אַזעלכע יאָמער־געשטאַלטען און אַזעלכער אַלטעגליכער קליינינקייט ווערען אין דעם ענטשפּרעכענדען מאָמענט אין דער געשיכטע געמאַכט די ריזענהאַפטע מאָנומענטאַלע געשעהענישען. אין די געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען מוז מען אַלצדינג נעהמען ווי אין פּריוואַטען לעבען: רוהיג און מיט אַ מילדען שמייכעל. איך גלויב פעסט דעריין, אז נאָך דער מלחמה אָדער צום ענד פון דער מלחמה וועט אַלעס אָננעהמען אַ ריכטיגע ווענדונג, אָבער פריהער מוזען מיר דורכמאַכען די פעריאָדע פון די שרעקליכסטע מענשליכע ליידען.

* *

*

מיינע לעצטע ווערטער וועקען אין מיר אויף אַנאַנדער פאַר־שטעלונג, אַ פאַקט, וואָס מיר ווילט זיך אייך איבערגעבען, ווייל ער איז מיר פאָרגעקומען אַזוי פּאָעטיש און ריהרענד. איך האָב נישט לאַנג געלייענט אַ וויסענשאַפטליך ווערק איבער די פויגעל־וואַנדערונגען — אַן ערשיינונג, וואָס איז ביז אַהער געווען כמעט אַ רעטעניש. עס איז באָאָבאַכטעט געוואָרען, אז די פאַר־

שידענע מינים, וועלכע זיינען געוועגליך דם־שונאים און פרעסען אויף איינע די אַנדערע, מאַכען די גרויסע רייזע נאָך דרום צוזאַמען, פליהען פרידליך איינע נעבען די אַנדערע איבער דעם ים. נאָך עגיפּטען קומען יעדען ווינטער גוואַלדיגע מענגען פויגלען, וועלכע שוועבען אין דער הויך ווי וואָלקענס און פאַרטונקלען דעם הימעל. אין די דאָזיגע מענגען געפינט מען צווישען די אָדלערס, קאָרשונען, יאַסטרעבען און אַנדערע מינים רויב־פויגלען טויזענטער זינג־פויגלען, ווי לאַרכען, נאַכטיגאַלען, און גאָלד־היהנדעלאָך, וועלכע פליהען אָהן אנגסט און מורא צווישען זייערע לעבענס־פיינד. אויף דער רייזע שיינט אַלזאָ אנשוויגען צו ווערען דער „געטליכער אינסטינקט“ צו הערשען, אַלע שטרעבען געמיינזאַם צו דעם זעלבען ציל און פאַלען האַלב טויט פון מידקייט ביי די ברעגען פון ניל, כדי דאָרט זיך צו פאַנאַנדערטיילען אין מינים און לאַנדסמאַנשאַפטען. יאָ, נאָך מעהר, מען האָט באָאָבאַכטעט, אַז אויף דער דאָזיגער רייזע „איבער דעם גרויסען טייך“ טראָגען גרויסע פויגלען פיעלע קליינע פויגעלאָך אויף זייערע רוקענס. איז דאָס נישט רייצענד?

. . . איך בין איצט פאַרטיפט אין געאָלאָגיע. איהר דענקט מסתמא, אַז דאָס איז אַ טרוקענע וויסענשאַפט, אָבער דאָס איז אַ טעות. איך לייען זי מיט פיבערהאַפטען אינטערעס און ליידענשאַפטליכער באַפרידיגונג. זי פאַרברייטערט קאָלאָסאַל דעם גייסטיגען האָריזאָנט און שאַפט אַזאַ איינהייטליכע, אַלץ־אומפאַסענדע פאָרשטעלונג פון דער נאַטור, ווי קיין אַנדער וויסענשאַפט. איך וואָלט אייך וועלען אַ סך דערצעהלען וועגען דעם, אָבער דערצו מוזען מיר זיך קאָנען דורכרעדען, צוזאַמען שפּאַצירען אין דער פריה איבער די זידענדער פעלדער אָדער אין אַ שטילער לבנה נאַכט זיך באַגלייטען איינע די אַנדערע אַ היים עטליכע מאָל הין און צוריק. וואָס לייענט איהר? ווי האַלט עס מיט דער לעסינג לעגענדע? איך וויל איהר זאָלט מיר אַלצדינג דערציילען! שרייבט, ווען עס שרייבט זיך, אויף דעם זעלבען וועג, אָדער וועניגסטענס אויף דעם אָפּיציעלען וועג, נישט דערמאָנענדיג דעם דאָזיגען בריעף. איך צעהל אין דער שטיל די וואָכען ביז איך וועל אייך ווידער זעהן. דאָס וועט דאָך זיין באַלד נאָך ניי־יאָהר? נישט אמת?

וואס שרייבט קארל? ווען וועט איהר איהם ווידער זעהן? גריסט איהם טויזענט מאל פון מיר. איך נעהם אייך ארום און דריק אייך פעסט צו האנט, מיין ליעבע, ליעבע סאניטשקא! שרייבט באלד און א סך.

אייער

**ראזא.**

---

ברעסלאו, דעם 24טען נאוועמבער, 1917.

. . . איהר האט א טעות, אז איך בין געגען די מאדערנע דיכטער אלס א כלל. אין דעם משך פון וואסערע 15 יאהר האב איך דעהמעל'ן געלייענט מיט באגייסטערונג, וועלכע ס'איז זאך זיינע. „אויפ'ן טויטען בעט פון א געליבטער פרוי" — איך האב א טונקעלע ערינערונג — האט מיך ענטציקט. ארנא האלץ'עס „פאנטאזוס" קאן איך נאך איצט אויף אויסווענינ. יאהאן שלאפ'ס „פריהלינג" האט מיך דעמאלט הינגעריסען. דאן בין איך אוועק פון זיי און זיך צוריקגעקעהרט צו געהטע און מעריקע. האפמאנש־טאל'ן פערשטעה איך ניט. מיט געארג'ען בין איך ניט בעקאנט. ס'איז אמת: ביי זיי אלעמען האב איך אביסעל מורא פאר דער מייסטערהאפטער באהערשונג פון פארם, די פאעטישע אויס־דרוק־מיטלען, און דעם פעהלען פון א גרויסער עדעלער וועלט־אנ־שויאונג דערביי. דער דאזיגער מאנגעל קלינגט אפ אזוי לעער אין מיין נשמה, אז די שעהנע פארם קוקט מיר אויס ווי א קאריקאטור, ווי א גרימאסע. זיי גיבען געוועהנליך וואונדערבארע שטימונגען, אבער שטימונגען מאכען נאך ניט קיין מענשען.

סאניטשקא, די אווענטען זיינען איצט אזוי צויבערהאפט, ווי אין פריהלינג. פיער א זייגער געה איך ארונטער אין הויף, עס ווערט שוין פינסטער, און איך זעה די העסליכע אומגעבונג איינגע־הילט אין דעם געהיימניספולען שלייער פון דער טונקעלקייט. דער הימעל לייכט מיט זיין העלער בלויקייט און עס שווימט ארויף די זילבערנע קלארע לבנה. ארום יענער שעה פליהען פארביי הויך איבער דעם הויף הונדערטער וואראנעס, אויף זייער וועג צו די ווייטע פעלדער, צו דעם „שלאפבוים" וואו זיי נעכטיגען. זיי פליהען מיט וויינע, לייכטע פליגעל־שטרייכען און ביימען זיך מיט מערק־

ווירדיגע רופען — גאַנץ אַנדערש ווי דער שאַרפער „קראַה“ מיט וועלכען זיי יאָגען זיך בייטאָג נאָך רויב. איצט קלינגט זייער רוף איינגעהאַלטען און ווייך, אַ טיעפער האַלז קלאַנג, וואָס ווירקט אויף מיר ווי אַ מעטאַלענער קוגעל. און אַין ווען אַ סך פון זיי בייטען זיך מיט אָט דעם „קראַו־קראַו“ ווייזט זיך מיר אויס, אַז דאָס שפּיעלען זיי זיך און וואַרפען איינע צו דער צווייטער מעטאַלענע קוגלען וועלכע שוועבען אין דער לופט. ס'איז אַ ריכטיגער געפּלוידער פון די ערפאַהרונגען „פון טאָג, פון דעם היינט געוועזענעם טאָג“.. זיי קוקען אויס אַזוי ערנסט און וויכטיג ווי זיי פאָלגען יעדען אָוועגט זייערע געוואוינהייטען אין פאַרגעצייכענטען וועג, אַז איך פיהל אַ מין עהרפורכט פאַר אָט די גרויסע פויגלען, ווען איך קוק זיי נאָך מיט אַ פאַררויסענעם קאָפּ ביז צום לעצטען. דאַן וואַנדעל איך אין דער פינסטער הין און צוריק און זעה די געפאַנגענע, וואָס איילען זיך צו פאַרענדיגען זייער אַרבייט אין הויף אז באַ־וועגען זיך ווי אומדייטליכע שאָטענס, און איך פרעה מיך, וואָס איך אַליין בין אומזיכטבאַר, — אַזוי אַליין, אַזוי פריי מיט מיינע טרוימערייען און די געהיימע גריסען צווישען מיר און וואָראָנעס פון אויבען — מיר איז אַזוי גוט אין דער זאַנפטער, פריהלינג־ווייכער לופט. דאַן געהן די געפאַנגענע מיט די שווערע קעסלען (אָוועגט־זופּ!) דורך דעם הויף אין הויז אריין, צוויי און צוויי, מאַרש־מעסיג, צעהן פּאָר, איינע הינטער די אַנדערע; איך בין די לעצטע. אין הויף, אין די ווירטשאַפטס געביידען, ווערען ביס־לעכווייז אויסגעלאָשען די ליכט, איך טרעט אריין אין הויז, די טירען ווערען צוויי מאָל פאַרשלאָסען און פאַרריגעלט — דער טאָג איז אויס! איך פיהל זיך אַזוי גוט טראָץ דעם וועהטאָג וועגען האַנס. איך לעב אייגענטליך אין אַ טרוימוועלט, אין וועלכער ס'איז גאָרניט געשטאָרבען. פאַר מיר לעבט ער נאָך אַלץ, און איך שמייכעל אָפט צו איהם, ווען איך טראַכט וועגען איהם.

סאָניטשקאַ, זייט מיר געזונט. איך פרעה זיך מיט אייער קומען. שרייבט באַלד, פאָרלויפיג אָפיציעל, און דאַן דורך אַ גע־לעגענהייט.

איך נעהם אייך ארום.

אייער

ראָזאַ

גרעסלאַו, דעצעמבער, 1917.

עס איז אַצינד אַ יאָהר ווי קאַרל איז פאַרשפּאַרט אין ליקוי. דעם מאָנאַט טראַכט איך אָפט וועגען איהם. פּונקט אַ יאָהר צוריק זיינט איהר געווען מיט מיר אין ווראָנקע און איהר האָט מיט מיר געטיילט אייער פּראַכטפולען ווייַנאַכט־בוים.

דאָס איז שוין דער דריטער ווייַנאַכט וואָס איך פאַרברענג אין געפענגנים, אָבער נעמט עס ניט טראַגיש. איך בין רוהיג און פרייליך ווי אימער. די נאַכט האָב איך לאַנג נט געקאָנט איינ־שלאָפען — די לעצטע צייט שלאָף איך קיין מאָל ניט פאַר איינס אַזייגער. צעהן אַזייגער מוז איך שוין אָבער זיין אין בעט. דאַן ליג איך אין דער פינסטער און חלום וועגען פאַרשיידענע זאַכען.

די נאַכט בין איך געלעגען און געטראַכט ווי גוט מיר איז וואָס איך לעב אימער אין אַ פאַר'שכור'טקייט פון פרייד אָהן וועלכער עס איז באַזונדערער אורזאַך דערצו. אַט ליג איך, אַ שטיינער, אין אַ פינסטער קאַמערעל אויף אַ מאַטראַץ וואָס איז האַרט ווי שטיין. אַרום מיר, אין דער גאַנצער געביידע, הערשט די געוועהנליכע טויט־ליכע שטילקייט. איך פיהל ווי איך זאָל ליגען אין אַ קבר. אַ ליכטיגער פינטעל פון אַ לאַנטערען, וואָס ברענט אין דרויסען די גאַנצע נאַכט, שפּיגעלט זיך אָפּ אויף דעם סופיט. פון צייט צו צייט דערהער איך ווי אַ באַהן־צוג באַוועגט זיך ווייט ערגעץ פון דאַנען, אָדער עס דערטראָגט זיך צו מיר דער הוסט פון דעם וועכטער, וואָס שפּאַצירט אַרום אין זיינע שווערע שטיוועל כדי צו לאָזען אַביסעל פאַנאַנדערגעהן זיך זיינע פאַרשטייפט געוואָרענע פיס. אַזוי הילפ־לאָז סקריפּעט דאָס זאַמד אונטער זיינע פיס, און די גאַנצע עלענד־קייט און הילפלאָזיגקייט פון אונזער עקזיסטענץ קלינגט אָפּ אין דער נאַסער, פינסטערער נאַכט. איינזאַם, רוהיג, איינגעוויקעלט אין דעם פיעלפאַכיג־שוואַרצען מאַנטעל פון ווינטער — פינסטערניש, אומעט, און די פרייהייט, און דאָך קלאַפּט מיין האַרץ מיט אַן אומ־באַקאַנטער, אומבאַגרייפליכער אינווענייגסטער פרייד, ווי איך זאָל געהן דורך פעלדער פון שטראַהלענדיגען זונען־שיין. אין דער פינ־סטערניש ליג איך און שמייכעל צום לעבען, ווי איך וואָלט וויסען פון עפּעס אַ געהיימען צויבער וואָס ווייזט אויף די פאַלשקייט פון

אַלץ, וואָס איז געמיין און גרויליג, און ער פערוואַנדעלט עס אין שטראַלענדע ליכטיגקייט און פרייד. און בשעת איך ליג אַזוי, זוך איך אין זיך די אורזאַך פון אַזאַ לעבענס־פרייד, איך געפין גאָרניט און ווידער שמייכעל איך צו זיך אַליין. איך גלויב דער סוד ליגט ניט אין קיין אַנדער זאַך, ווי אין דעם לעבען גופא. די געדיכטע פינסטערניש איז גלאַט ווי סאַמעט, אויב נאָר מען ווייסט ווי אַזוי געהעריג איינצוקוקען זיך אין איהר. אין דעם סקריפּען פון דעם נאַסען זאַמד אונטער די לאַנגזאַמע שווערע טריט פון דעם וועכטער הערט זיך אַ וואונאָערבאַר ליעד פון לעבען — אויב מען ווייסט נור ווי זיך צוצוהערען. אין אַזעלכע מאָמענטען דענק איך וועגען אייך און איך וואָלט זעהר וועלען קענען טיילען מיט אייך אָט דעם באַ־בשוף׳טען שליסעל, אַזוי אַז איהר זאָלט אימער און אונטער אַלע באַדינגונגען באַנעמען דאָס שעהנקייט און פולקייט פון לעבען; איהר זאָלט אויך לעבען אין אַזאַ מין שכרות, ווי איהר זאָלט געהן דורך ליכטיגע פעלדער. איך מיין אייך ניט איינצורעדען קיין אַסקעטיזם און פאַנטאַסטישע פרייד. איך וואָלט ווירקליך וועלען איהר זאָלט גע־ניסען אַלע ווירקליכע פרייד, וואָס איהר קאָנט באַנעמען מיט אייערע חושים. מעהר ניט, ווען איך קאָן, וואָלט איך אייך וועלען איבער־געבען מיין אונערשעפּליכען קוואַל פון אינערליכער פרייד; איהר זאָלט קאָנען געהן דורכ׳ן לעבען איינגעוויקעלט אין אַ מאַנטעל, גע־זעפט מיט שטערען, וועלכער זאָל אייך פאַרהיטען פון אַלעס, וואָס איז קליינליך און ענטווישענד.

אָ, סאָניטשקאַ, ניט לאַנג האָב איך דאָ אַזוי געליטען. אין הויף וואו איך געה שפּאַצירען קומען אָפט מיליטערישע וואָגענס, אָנגעפּאַקט מיט זעק מיט סאָלדאַטסקע מונדירען און העמדער, אָפט באַפלעקט מיט בלוט. דאָ פּאַקט מען אויס די קליידער, מען צו־ניט זיי אין די פאַרשידענע קאַמערען, דאָרט ווערען זיי אויסגע־פאַריכט און דאַן שיקט מען זיי צוריק אין דער אַרמיי. ניט לאַנג צוריק איז דאָ געקומען אַזאַ וואָגען און אָנגעשטאָפּט פערד זיינען אין איהם געווען איינגעשפּאַנט בופעל־אָקסען. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען האָב איך געזעהן פון נאָהענט די דאָזיגע בהמות.. זיי זיינען שטאַרקער און ברייטער געבויט ווי אונזערע בהמות. די קעפּ זיינען פלאַך און די הערנער זיינען האָריזאָנטאַליש געבויגען.

זייערע שאַרבענס זעהן אויס ווי ביי אונזערע שאָף, זיי זיינען גאַנץ שוואַרץ און די אויגען זיינען גרויס און פייכט. זיי קומען פון רומעניע, מלחמה רויב. די סאָלדאַטען וואָס האָבען אָנגעטריבען, האָבען דערצעהלט אַז עס איז זעהר שווער צו כאַפּען די דאָזיגע חיות, וואָס זיינען געוואוינט צו פרייהייט. און נאָך שווערער איז זיי איינצוברעכען, זיי זאָלען קענען שלעפּען די שווערע לאַסט. מען האָט זיי מורא'דיג געשלאָגען, אַזוי אַז אויף זיי קאָן מען ווירקליך זאָגען, „וועה צו דעם באַזיעגטען".

מען זאָגט אַז ביי הונדערט אַזעלכע אָקסען געפינען זיך נור אין ברעסלאו. אַ חוץ. באַקומען זיי זעהר שלעכטע שפּייז אין פאַרגלייך מיט דער, צו וועלכער זיי זיינען געוואוינט אין די רומענישע בערג. זיי ווערען אומדערבאַרעמדיג עקספּלואַטירט, שלעפּענדיג די שווערסטע לאַסט און זיי שטאַרבען דאַריבער שנעל אויס.

מיט עטליכע טעג צוריק איז אָנגעקומען אַ וואָגען מיט זעק און ער איז געוועזען אַזוי שווער אָנגעלאָדען אַז די בופעל־אָקסען האָבען ניט געקענט אַריבערטרעטען די שוועל פון דעם טויער. דער סאָלדאַט וואָס האָט אָנגעטריבען, אַ ברוטאַלער קערעל, האָט זיך גענומען אַזוי שמייסען די פערד מיט דעם גראָבען עק פון זיין בייטש, אַז דער געפענגניס אויפזעהער האָט איהם מיט כעס גע־פרעגט, צו ער האָט גאָרניט קיין רחמנות אויף די חיות. „קיינער האָט אויף אונז מענער ניט קיין רחמנות" האָט ער געענטפערט מיט אַ העפליכען געלעכטער, און האָט פאָרגעזעצט זיינע מעשים נאָך מיט מעהר ברוטאַליטעט.

ענדליך האָבען זיך די אָקסען אַריבערגעשלעפּט איבער דעם בערגעל, אָבער איינער איז געווען אַ צובלוטיגטער... סאָניטשקאַ, די קאָפּיטע פון בופעלאָקס איז אומגלויבליך פאַרהאַרטעוועט און אפילו אַט די קאָפּיטע האָט געבלוטעט. בשעת מען האָט אַרונטערגע־נומען די זעק זיינען די חיות געשטאַנען שטיל און פאַרמאַטערט. דער פאַרבלוטיגטער בופעלאָקס האָט געקוקט גלייך פאַר זיך. זיין שוואַרץ געזיכט און זיינע טונקעלע, ווייכע אויגען האָבען געהאַט אַן אויסדרוק, ווי ביי אַ וויינענדיג קינד. דאָס איז געווען פּונקט דער קוק פון אַ קינד, וועלכעם מען האָט שרעקליך באַשטראָפט און

עס ווייסט ניט פאַרוואָס; עס ווייסט אויך ניט ווי אַזוי אויסצו־מיידען די ברוטאַלע גוואַלדטאַטען און די שרעקליכע ליידען. איך בין געשטאַנען פאַר איהם און ער האָט אויף מיר געקוקט. טרערען האָבען זיך געגאָסען פון מיינע אויגען, דאָס זיינען געווען זיינע טרערען. פאַר דעם טייערסטען ברודער קען מען ניט מעהר ליידען ווי איך האָב אַ הילפלאָזע געליטען פאַר אָט דעם שטומען וועהטאָג. ווי ווייט, ווי אומדערגרייכבאַר, פאַרלאָרען זיינען די פרייע, רייכע פעלדער פון רומעניען! ווי פאַרשיידען האָט דאָרט געשיינט די זון און ווי פאַרשיידען דער ווינט האָט געבלאָזען! ווי פאַר־שיידען די פויגלען האָבען געזונגען, און ווי מוזיקאַליש עס האָט געקלונגען דעם פאַסטוך׳ס רוף! און דאָ — די פרעמדע, מיאוס׳ע שטאָדט, די קאַלטע, נאַסע שטאַל, און דאָס געשמאַקלאָזע היי, געמישט מיט פאַרפוילטע שטרוי; פרעמדע, שרעקליכע מענשען, און קלעפ — דאָס בלוט רונט פון דער אָפענער וואונד... אָה בופעל־אָקס, ברודער,ביידע שטעהען מיר דאָ, הילפלאָז אונטער דעם יאָך — מיר זיינען איינס אין אונזערע ליידען, אונזער שוואַכ־קייט, אונזער בייגקעניש.

דערווייל האָבען די אַרעסטאַנטען אויסגעפּאַקט דעם וואָגען, אויסגעלעדיגט די שווערע זעק, און אַרונטערגעשלעפּט די קליידער אין הויז אַריין. דער סאָלדאַט האָט אַריינגעלעגט די הענט אין די קעשענעס, אַרומגעשפּאַצירט איבער׳ן הויף, געלאַכט און גע־פייפט אַ פּאָפּולאַרע לידעל. און די גאַנצע גלאָרייכע מלחמה איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר מיינע אויגען...

סאָניושאַ, טייערינקע, זיי רוהיג און גוט געשטימט טראָץ דעם אַלעם. אַזאַ איז דאָס לעבען און מיר מוזען עס אָננעמען — בראַוו, אומדערשראָקען און מיט אַ שמייכעל.

ראָזאַ.

---

ברעסלאַו, דעם 14טען יאַנואַר, 1918.

מיין ליעבע סאָניטשקאַ! ווי לאַנג איך האָב אייך נישט גע־שריבען! איך גלויב עס זיינען חדשים פאַריבער. און אויך היינט ווייס איך ניט אַז איהר זענט שוין אין בערלין, איך וויל אָבער האָפען

אז די דאזיגע שורות וועט איהר באקומען נאך צו אייער געבורטסטאג. איך האב געבעטען מאטילדע צו שיקען אייך פון מיר א בוקעט ארכידעען, אבער זי ליגט נעביך קראנק און קען דאס נישט טאן. איהר ווייסט אבער אז אין די געדאנקען און מיט׳ן גאנצען הארצען בין איך ביי אייך און וואלט אייך גערן צו אייער געבורטסטאג באדעקט מיט בלומען; מיט ארכידעען, מיט ווייסען איריס, מיט דופטענדע היאצינטען, מיט אלצדינג וואס מען קאן קריגען. אפשר וועל איך וועניגסטענס איבער א יאהר האבען דאס פארגעניגען אייך פערזענליך צו ברענגען בלומען צו אייער געבורטסטאג *) און מיט אייך שפאצירען אין באטאנישען גארטען און אין פעלד. ווי הערליך דאס וואלט זיין! היינט האבען מיר 0 גראד. צו דער זעלבער צייט אבער ליגט אין דער לופט אזא לינדער, דערפרישענדער פריהלינגס־הויך און אויבען שימערט צווישען די דיקע מילך־ווייסע וואלקענס אזא בלויער הימעל, און די שפערלינגען צוויטשערען אזוי פרעהליך, אז מען קאן דענקען אז ס׳איז ענדע מערץ. איך פרעה זיך שוין מיט דעם פריהלינג — דאס איינציגע מיט וואס מען זעטיגט זיך קיינמאל נישט אזוי לאנג ווי מען לעבט, און וואס מען פערשטעהט מיט יעדען יאהר אלץ מעהר ווי צו שעצען און ליעבען. ווייסט איהר, סאניטשקא, אז דער אנפאנג פון פריהלינג אין דער ארגאנישער וועלט, ד. ה. דאס ערוואכען צום לעבען הויבט זיך אן איצט, אנהויב יאנואר, נישט ווארטענדיג אויף דעם קאלענדארישען פריהלינג. וועהרענד לויט דעם קאלענדאר הויבט זיך ערשט אן דער ווינטער, געפינען מיר זיך אבער אין דער גרעסטער אסטראנאמישער נאהענטקייט צו דער זון, און דאס האט אזא געהיימניספולע ווירקונג אויף אלעס וואס לעבט, אז אויך אויף אונזער האלב־קוגעל, וועלכער איז איינגעהילט אין ווינטער־שניי, האט דער אנהויב יאנואר א צויבער ווירקונג אויף דער וועלט פון פלאנצען און חיות. די קנאספען הויבען איצט אן צו וואקסען, און פיעלע חיות הויבען שוין אן די פארט־פלאנצונג. אנומעלטען האב איך ביי פראנסעס געלייענט די באאבאכטונג, אז די גרעסטע ווי־

*פונקט יענעם טאג, דעם 15־טען יאנואר 1919, איז ראזא לוקסענבורג ערמארדעט געווארען.

מענשאַפטליכע און ליטעראַרישע ווערק פון בעריהמטע מענער פאַלען אין די חדשים יאַנואַר־פעברואַר. אויך אין דעם מענשענס לעבען איז די זון־וואַנדערונג נאָך ווינאַכטען אַ קריטישער מאָמענט איהר, סאָניטשקאַ, זענט אַ פריהצייטיג בלימעלע, וואָס שפּראָצט איהר, סאָניטשקאַ, זענט אַ פריהצייטיג בלומעלע, וואָס שפּראָצט אויף נאָך אין מיטען שניי און אייז, און פיהלט זיך דאַריבער דעם גאַנצען לעבען אַ ביסעל קעלטליך, נישט היימיש, און נויטיגט זיך אין אַ צערטליכער גרין־דרויז אַטמאָספערע.

מיט אייער ראָדען האָב איך זיך זעהר געפרעהט און וואָלט אייך גלייך געווען געדאַנקט, אָבער מאַטילדע האָט מיר געזאָגט, אַז איהר זענט אין פראַנקפורט. וואָס מיך האָט באַזונדערס אַנגענעהם געריהרט איז ראָדענ׳ס נאַטוריזם, זיין עהרפורכט פאַר יעדען גרעזעלע אין פעלד. דאָס האָט געמוזט זיין אַ פּראַכט־פולער מענש — אָפען, נאַטירליך, איבערשטראָמענד מיט אינער־ליכער וואַרימקייט און אינטעליגענץ. ער דערמאָנט מיך אָן זשאָ־רעס׳ן. געפעלט אייך מיין בראָדקאָרנס? מיך האָט דער דאָזיגער ראָמאַן זעהר ערגריפען, באַזונדערס די לאַנדשאַפטליכע שילדערונ־גען זיינען פון העכסטער פּאָעטישער קראַפט. בראָדקאָרנס׳ען דאַכט זיך, פונקט ווי דע קאַסטער׳ען, אַז די זון אין פלאַנדערן געהט אויף און פאַרגעהט פיעל הערליכער ווי אַנדערשוואו אויף דער ערד. איך געפין, אַז די פלאַמינגען זיינען אַלע פאַרליעבט אין זייער לאַנד און באַשרייבען דאָס ניט ווי אַ שעהן שטיק ערד, נאָר ווי אַ שטראַה־לענדע, יונגע כלה. און אויך אין דעם טראַגישען ענד געפין איך אַ פאַרוואַנדשאַפט פון די פאַרבען מיט די גראַנדיאָזע בילדער אין „טיל אוילענשפּיגעל“, צום ביישפּיעל, מיט דעם צושמעטערען פון דעם עפענטליכען הויז. דענקט איהר נישט אויך, אַז די דאָ־זיגע ביכער דערמאָנען אייך מיט זייער קאָלאָריט אָן רעמבראַנדט׳ען: דאָס טונקעלע פון די גאַנצע בילדער געמישט מיט אַ פינקלענדען אַלט־גאָלד טאָן, דער רעאַליזם פון אַלע דעטאַלען און דאָך דאָס גאַנצע איינגעהילט אין אַן אַטמאָספערע פון מערכענהאַפטען צוי־בערלאַנד.

אין „בערלינער טאַגעבלאַט“ האָב איך געלייענט, אַז אין דעם פרידריך מוזעאום הענגט אַ נייער טיציאַן. האָט איהר איהם שוין

באזוכט? איך גיב צו, אז טיציאן איז נישט מיינער א פריינד, ער איז מיר צו קאלט, צו פיעל ווירטואז. פארצייעט מיר, אויב דאס איז פיליכט א מאיעסטעטס־באליידיגונג, אבער איך קאן נישט אנדערש ווי פאלגען מיינע אונמיטעלבארע עמפפינדונגען. טראץ דעם וואלט איך געווען גליקליך, ווען איך זאל געווען זיין אין דעם פרידריך־מוזעאום און באזוכען דעם נייעם גאסט. האט איהר אויך געזעהן דעם קויפמאנשען נאכלאס, פון וועלכען מען האט געמאכט אזא ווזען?

מיין לעזען באשטעהט איצט פון פארשידענע עלטערע שטודיען איבער שעקספיר'ן אין די זעכציגער און זיבעציגער יאהרען, ווען מען האט נאך אין דייטשלאנד לעבהאפט דעבאטירט די שעקספיר־פראבלעם. קאנט איהר אפשר קריגען אין דער קגל. ביבליאטעק אדער אין דער רייכסטאג ביבליאטעק: קליין, די געשיכטע פון דער איטאליענישער דראמא; שאך, די געשיכטע פון דער דראמאַ־טישער ליטעראטור אין שפאניען; גערווינוס און אולריך איבער שעקספיר'ען? שרייבט באלד! איך נעהם ארום און דריק אייך ווארם צו האנט. זייט רוהיג און מונטער טראץ אלעמען. ליבסטע סאניטשקא, אויף ווידערזעהן.

ווען ועט איהר קומען?

סאניטשקא, וועט איהר מיר א טובה טאן: שיקט מאטיל־דע'ן היאצינטען. איך וועל אייך צוריקקעהרען ווען איהר וועט דא זיין.

אייער

**ראזא.**

---

ברעסלאו, דעם 24טען מערץ, 1918.

מיין געליבטע סאניטשקא, ווי לאנג איך האב אייך נישט געשריבען און ווי אפט איך האב געטרוימט פון אייך!

. . . ווען מיר זאלען איצט קאנען זיין צוזאמען און שפאַ־צירענדיג אין פעלד פלוידערען וועגען אלצדינג אין דער וועלט, וואלט עס געווען זעהר און זעהר א גוטע זאך, אבער עס איז דארויף

קיין אויסזיכט ניטאָ. מיין קלאַגע און אויך די ווענדונג נאָך א קורצען אורלויב אַם וועניגסטענס זיינען ענטשידען צוריקגעוויזען געוואָרען מיט א גרינדליכער שילדערונג פון מיין שלעכטיגקייט און אומפאַרבעסערליכקייט. איך מוז, אַלזאָ, וואַרטען ביז מיר וועלען די גאַנצע וועלט בייקומען.

סאָניושאַ, ווען איך הער פון אייך נישט א לאַנגע צייט לעב איך אין דעם געפיהל, אַז איהר פלאַטערט דאָרט אַרום איינזאַם, אומרוהיג און פערצווייפעלט ווי אַן אָפּגעריסענע בלאַט פון בוים אין ווינט, און דאָס טוט מיך וועה. זעהט, דער פריהלינג הויבט זיך ווידער אָן, די טעג ווערען שוין אַזוי העל און לאַנג, אין פעלד איז שוין זיכער דאָ א סך צו זעהן און הערען! פאַרברענגט א סך אין דרויסען, דער הימעל איז איצט אַזוי אינטערעסאַנט און פאַר־שיעדענאַרטיג מיט די לויפענדע אומרוהיגע וואָלקענס, די נאָך נאַ־קעטע ערד מוז אויסזעהן שעהן און דער דאָזיגער זיך בייטענדער באַלייכטונג. קוקט זיך פאַר מיר אָן זאַט אויף אַלצדינג... ס'איז דאָס איינציגע אין לעבען וואָס מען קריגט נישט צופיעל, וואָס האָט אימער דעם רייץ פון נייקייט און בלייבט אימער טריי. איהר מוזט אויך אומבאַדינגט געהן פאַר מיר אין דעם באָטאַנישען גאָרטען און מיר געגנוי איבער אַלצדינג באַריכטען, וואָרום היינטיגען יאָהר קומט פאַר עטוואָס מערקווירדיגעס. די פויגלען זיינען געקומען מיט 4-6 וואָכען צו פריה. דער נאַכטיגאַל איז שוין דאָ געוועזען דעם 10טען מערץ. דער ווענדעהאַלס, וועלכער קומט ערשט ענד אַפּריל, האָט שוין דאָ געלאַכט דעם 5-טען און זאָגאַר דער פיראָל, וועלכען מען רופט „פּפרינגסט פויגעל“ און וועלכער קומט קיינמאָל ניט פאַר מאַי, שוועבט שוין דאָ זייט א וואָך אין דעם גרויען פריהמאָרגען פאַר דעם זון־אויפגאַנג!

געהט זשע אין דעם באָטאַנישען גאָרטען, סאָניטשקא, אָבער אין די מיטאָג־שטונדען, אין א זוניגען טאָג, און באַטראַכט אַלץ גוט אום מיר דערנאָך צו באַריכטען. נעבען דעם אויסגאַנג פון דער שלאַכט ביי קאַמברי איז דאָס פאַר מיר דאָס וויכטיגסטע אויף דער וועלט, א וואַהרע האַרץ־אַנגעלעגענהייט.

ווי שעהן ס'זיינען די בילדער, וואס איהר האט מיר געשיקט! וועגען רעמבראנדט'ען דארף מען דאך קיין ווארט ניט זאגען. בא טיציאנ'ען האט דער פערד געמאכט אויף מיר נאך א געוואלדיגערען איינדרוק ווי דער רייטער. איך האב ווירקליך גישט געגלויבט אז אזוי פיעל קעניגליכע מאכט קאן אויסגעדריקט ווערען אין א חיה. אבער דאס שענסטע פון דעם שענסטען אין דער פרויען־פארטרעט פון בארטאלאמעא דא ווענעטשיא (וועמען איך האב אייגענטליך גארניט געקענט) ס'ארא יום טוב פון פארבען, ס'ארא פיינקייט פון צייכנונג, ס'ארא געהיימניספולער צויבער פון אויס־דרוק! זי דערמאנט מיר דערין אויף אן אומבאשטימטען אופן אין מאנא ליזא. מיט דעם דאזיגען בילד האט איהר אין מיין צעל אריינגעבראכט א פולע ליכט און פרייד.

האנסען'ס בוך (האנס דיפענבאך) מוזט איהר נאטירליך בא־האלטען. עס שמערצט מיך, וואס אלע זיינע ביכער זיינען נישט אין אונזערע הענט. האט איהר שעקספיר'ען געקראגען אין צייט? וואס שרייבט קארל? ווען וועט איהר איהם זעהן? גריסט איהם טויזענט מאל פון מיר און זאגט איהם פון מיר: סא אירא (ס'וועט פאריבער) — טראג דעם אלעמען. און זייט פריש און מונטער, פרעהט זיך מיט דעם פריהלינג: דעם נעכסטען וועלען מיר שוין צוזאמען פארברענגען. איך נעהם אייך ארום, ליעבסטע. א פרעה־ליכען פסח! אויך די קינדער פיעלע גרוסען.

אייער

**ראזא.**

---

ברעסלאו, דעם 2טען מאי, 1918.

. . . איך האב געלייענט „קאנדיד" און די „גרעפין אול־פעלדט" און זיך איבער ביידען געפרעהט. „קאנדיד" איז אזא קאסטליכע אויסגאבע, אז מיר האט דאס הארץ נישט דערלאזט דעם בוך אויפצושניידען, און איך האב איהם אזוי געלייענט; אזוי ווי ער איז געפאסט אין האלבע בוינענס איז עס געגאנגען זעהר גוט. די דאזיגע בייזע צוזאמענשטעלונג פון אלע מענשליכע ני־

דערטרעכטיגקייטען וואָלט פאַר דער מלחמה ווארשיינליך געמאכט אויף מיר דעם איינדרוק פון א קאַריקאַטור, איצט אָבער קוקט עס אויס דורכאויס רעאַליסטיש... גרעפין אולפעלדט איז אַן אינטערע־סאַנטער קולטור דאָקומענט, אַן ערגענצונג פון גומעלהאַוזען... וואָס מאַכט איהר? געניסט איהר נישט פון דעם הערליכען פריהלינג?

אימער אייערע

**ראָזאַ.**

---

ברעסלאַו, דעם 12טען מאַי, 1918.

סאָניטשקאַ, אייער בריוועלע האָט מיך אַזוי דערפרעהט, אַז איך וויל אויף דעם גלייך ענטפערען. זעהט איהר, וויפיעל פארגעניגען און באַגייסטערונג עס פאַרשאַפט אייך א באַזוך אין באָטאַנישען גאָרטען! פאַרוואָס געהט איהר ניט אָהין אָפטער? און אויך איך קריג עפּעס דערפון, ווען איהר שילדערט מיר אייערע איינדרוקען אַזוי װאַרים און פאַרבען־רייך, איך פאַרזיכער אייך! יאָ, איך ווייס די רובין־רויטע רינגעלעך פון דער בליהענדער סאָסנע. זיי זיינען אַזוי אומוואַרשיינליך שעהן, ווי אייגענטליך אַלע אַנדערע זאַכען אין פּולען בליהען, אַז יעדען מאָל גלויבט מען ניט די אייגענע אויגען. דאָס זיינען די ווייבליכע בליטען, פון וועלכע עס ווערען שפּעטער די גרויסע שווערע צאַפּענס וועלכע דרעהען זיך אום און הענגען אַרונטער. נעבען זיי זיינען דאָ געלע מענליכע רינגעלעך, וועלכע פאַרשפּרייטען דעם גאָלדענעם שטויב. איך ווייס נישט וואָס די „פּעטאַריאַ" איז. איהר שרייבט, אַז דאָס איז אַן מין אַקאַציע. מיינט איהר, אַז זי האָט עהנליך געפּעדערטע בלעטער און שמעטערלינג־בליטען, ווי די אַזוי גערופענע אַקאַציע? איהר ווייסט וואַרשיינליך אַז דעם בוים וואָס מען רופט געוועהנליך „אַקאַ־ציע" איז גאָרנישט קיין אַקאַציע נאָר א „ראָבינײַאַ"; אווירקליכע אַקאַציע איז, צום ביישפּיעל, די מימאָזע. איהרע בליטען זיינען געוועהנליך שוועבעל־געל און זי דופטעט באַרוישענד, אָבער איך קאָן זיך נישט פאָרשטעלען אַז זי וואַקסט אין בערלין אין דער פריי, ווייל דאָס איז א טראָפּישער בוים. אין איטאַליען אין קאָר־סיקאָ האָב איך אין דעצעמבער געזעהן אויף דעם פּלאַץ אין דער

שטאַרט הערליך־בליהענדע מימאָזען, ריזיגע בוימער. . . דאָ קאָן איך ליידער נאָר פון דערווייטענס פון מיין פענסטער באָאָבאַכטען די גרינע בוימער, וואָס זייערע שפּיצען זעהען זיך אַרויס איבער דעם מויער. איך זוך געוויינליך צו דערקאָנען די בוימער נאָך דעם פאַרבען־טאָן, און ווי עס שיינט, טרעף איך מעהרסטענס. אנו־מעלטען האָט מען אהער געבראַכט אַ צווייג, וואָס האָט אַלעמען פאַראינטערעסירט מיט זיין מאָדנעם אויסזעהן. יעדער איינער האָט געפרעגט וואָס דאָס איז. אָן אולם. געדענקט איהר נאָך, ווען איך האָב איהם אייך געוויזען אויף דער גאַס אין מיין זידענדע, פול באַלאַדען מיט דופּטיגע פּאַקעטען פון ראָזיג־גרינליכע פרוכט. דאָס איז אויך געווען אין מאַי, און איהר זייט געווען גאַנץ הינגערי־סען פון דעם פאַנטאַסטישען אָנבליק. דאָ וואַיינען די לייט צעהן יאָהר אין דער גאַס וואו עס וואַקסען אולמען, און זיי האָבען נאָך ניט „באַמערקט“ ווי אַ בליהענדער אולם זעהט אויס. און די זעלבע טעמפּקייט באַמערקט מען אויך אין באַצוג צו חיות. די מייסטע שטאָדטישע לייט זיינען אין גרונד גענומען ווירקליך רויע באַרבאַרען.

ביי מיר, פאַרקעהרט, נעמט אָן דאָס אינערליכע צוזאַמענגע־וואַקסען מיט דער נאַטור אַ כמעט קראַנקהאַפטע פאָרם, וואָס האָט געוויס צו טאָן מיט דעם צושטאַנד פון מיינע נערווען.

דאָ אונטען האָט אַ פּאָאַר הויבען־לערכען אויסגעזעסען אַ יונג־לינג. איהר האָט אפשר באַמערקט ווי אַמוזאַנט די הויבען־לערכען לויפען מיט קליינינקע טריט, און פאַרפלאָנטען זיך אין זייערע אייגענע פיסלאַך. די קליינינקע לויפט שוין אַרום און קאָן שוין אויך גוט פליהען, אָבער זי קאָן נאָך פאַר זיך נישט געפינען גענוג נאָה־רונג, באַזונדערס אין די קאַלטע טעג. זי קומט דעריבער יעדען אָוועגט צו מיין פענסטער אין הויף און הויבט אָן פּיסטשען הויך־און קלעגליך. דאַן קומען באַלד די אַלטע פּאָאַר און ענפּער־ען מיט אַן ענגסטליכען פאַרזאָרגטען „הואיד־הואיט“ און הויבען אָן אַרומ־צולויפען שנעל און פאַרצווייפעלט זוכענדיג אין דער קעלט, אין האַלב פינסטערניש עטוואָס צום עסען. און אַז זיי געפינען גי־בען זיי זיך אַלע אַ וואָרף און שטעקען אריין די שנאָבעלעך אין דעם געפונענעם. דאָס ווידערהאָלט זיך איצט יעדען אָוועגט אַרום

האַלב נײַן, און ווען אונטער מײַן פענסטער הויבט זיך אָן דאָס קלאָגנדיגע פּיסטשען און איך זעה די אומרוהיגקייט און זאָרג פון די קליינע עלטערען קריג איך בוכשטעבליך א הארץ־קראַמפּ. איך קאָן זיי דערבײַ גאָרנישט ניט העלפען, ווייל די הויבען־לערכען זײַנען זעהר שרעקעדיגע און מען ווארפט זיי צו ברויט צופליהען זיי זיך, נישט ווי די טויבען אין שפּאַצען, וועלכע לויפען מיר שוין נאָך ווי די הינט. איך זאָג צו זיך אַליין, אז ס'איז דאָך לעכערליך, אז איך בין ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלע הונגעריגע הויבען־לערכען אין דער וועלט, און קאָן נישט ווײַנען איבער אַלע געשלאָגענע אָקסען, ווי די וואָס קומען אהער יעדען טאָג מיט זעק. דאָס העלפט מיר אָבער נישט, און איך בין ווירקליך קראַנק ווען איך זעה און הער אזעלכע זאַכען. און ווען דער שטאאַר, וועלכער ווי־דערהאָלט א גאַנצען טאָג, ביז צום דערעסען, זײַן אויפגערעגטען געשוועץ ערגעץ נישט ווייט פון פענסטער, פאַרשטומט פאַר עטליכע טעג, האָב איך ווידער ניט קיין רוה, טאָמער האָט איהם עפּעס שלעכטס געטראָפען און וואַרט מיט אומגעדולד ער זאָל ווייטער פייפען זײַן אונזין, און מיר מיט דעם לאָזען וויסען, אז ס'געהט איהם גוט. אזוי בין איך פון מײַן צעל פאַרקניפּט פון אַלע זייטען דורך אוממיטעלבאַרע פעדים מיט טויזענטער קליינע און גרויסע באַשעפענישען און רעאַגיר אויף אַלצדינג מיט אומרוהיג־קייט, שמערץ, זעלבסט־פאָרווירפען... אויך איהר געהערט צו די אַלע פייגעלען און באַשעפענישען, וועגען וועלכע איך וויבריר פון דער ווייטענס. איך פיהל ווי איהר לײַדט, ווי יאָהרען געהן פאַרבײַ, קיינמאָל צוריק צו קומען, און מען „לעבט" זיי ניט. אָבער געדולד און מוט! מיר וועלען נאָך לעבען און איבערלעבען גרויסע זאַכען. איצט זעהן מיר צום ערשטען מאָל ווי די גאַנצע אַלטע וועלט פאַר־זינקט, יעדען טאָג א שטיק, א נײַער ריזען־שטורץ... און דאָס קאָ־מישסטע איז, וואָס מייסטע באַמערקען דאָס גאָרנישט און גלויבען, אז זיי טרעטען נאָך אויף פעסטען באָדען...

סאָניטשקאַ, האָט איהר פיליבט אָדער קאָנט איהר קריגען „זשיל בלאַ" און דעם „הינקענדיגען טייוועל"? איך בין מיט לעסאַזש'ען גאָרנישט באַקאַנט און וויל איהם שוין לאַנג לייענען.

זענט איהר מיט איהם באַקאַנט? אין ערנסטען פאַל וועל איך איהם קויפען אין דער רעקלאַם־אויסגאַבע.

איך נעהם אייך אַרום הערצליך. אייער

**ראָזאַ.**

שרייבט באַלד וואָס קאַרל מאַכט.

אפשר האָט פּפעמפּפערט דעם „פּלאַכזאַנגען" פון סטין סטראַך־פּעלס, דאָס איז ווידער אַ פּלאַמינגער; ערשיינט אין אינזעל־פּאַרלאַג. איז קענטיג אַ גוטע זאַך.

---

ברעסלאַו, דעם 18טען אָקטאָבער, 1918.

ליעבע סאָניטשקאַ, איך האָב אייך עהער־נעכטען געשריבען. ביז אהער האָב איך קיין ענטפער נישט געקראָגען אויף מיין טעלעגראַם צום רייכסקאַנצלער. עס קען נאָך פּילייכט דויערען עטליכע טעג. יעדענפאַלס שטעהט איין זאַך פעסט: מיין שטימונג איז אַזאַ, אַז אַ באַזוך פון מיינע פריינט אונטער אויפזיכט איז פאַר מיר געוואָרען אַן אוממעגליכקייט. איך האָב די אַלע יאָהרען אַלץ איבערגעטראָגען גאַנץ געדולדיג און וואָלט אונטער אַלע אומשטענדען נאָך ווייטער יאָהרען געבליבען פּונקט אַזוי געדולדיג. אָבער נאָך דעם אַלגעמיינעם אומשוואונג פון דער לאַגע איז אויך אין מיין פּסיכאָלאָגיע אַן אומשוואונג פאָרגעקומען. די אונטעררעדונגען אונטער אויפזיכט, ד. ה., די אוממעגליכקייט צו רעדען וועגען דעם וואָס מיך אינטערעסירט ווירקליך, זיינען מיר שוין אַזוי צו לאַסט, אַז איך וועל זיך בעסער אָפּזאָגען פון יעדען באַזוך, ביז מיר וועלען אַלע זיין פרייע מענשען.

לאַנג קען עס שוין מעהר ניט דויערען. ווען דיטמאַן און קורט אייזנער זיינען פריינעלאָזען געוואָרען קענען זיי מיך לענגער אין געפענגניס ניט האַלטען, און אויך קאַרל וועט באַלד זיין פריי. לאָמיר דעריבער בעסער וואַרטען אויף דעם ווידערזעהן אין בערלין.

ביז דאַן טויזענט גרוסען.

אימער אייערע

**ראָזאַ.**